MORRIS ROSENFELD'S
SELECTED WORKS :: Vol. III.

# געזאמעלטע שריפטען

פון

מאָררים ראָזענפעלד



דריטער באנד

## מענשען אהן קעפ

אַרויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
173-175 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק, 1912.

# אינהאַלטס-פערצייכניס

## עפּיגראַמען





# פאָרוואָרט

די אבטהיילונג „מענשען אָהן קעפּ“ טראָגט דעם דאָזיגען נאָמען בלויז דערפאַר, וואָס אין די בעטרעפענדע „מענשען“ ווערט ניט געשילדערט זיין פיזישעס אויסזעהן; זייער קערפּערליכער כלסתר פּנים, און מען דערקענט זיי נור אָן איינצעלנע שטריכען, וועלכע זיינען זעהר בולט ארויסגעבראַכט.

די „מענשען“ זיינען אלע פון לעבען גענומען, זיי געפינען זיך אין דעם גרויסען ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל „איסט סייד“. דאָ דערקענט מען זיי כאָטש זיי האָבען ניט קיין קעפּ.

דאָך קען מען ניט זאָגען, דאָס אַלע „מענשען“, וועגען וועלכע דאָ איז אָנגעוואונקען זיינען נור דאָ אין די „איסט סייד“ אליין. מיט די אייגציגע אויסנאַהמען פון דעם „כל־בו׳ניק אָדער טשעפּ־משיך פּילאָזאָף“, דעם „לעקער“, דעם „לינקער כלל־טהוער“, און דעם „גודניק“, וועלכע זיינען בעשעפעניסען, וואָס נור די ניו יאָרקער געהעטאָ האָט די טרויעריגע זכיה זיי צו האָבען, זיינען די איבריגע מעהר אָדער וועניגער אַלגעמיינע אָנדייטונגען אויף טיפּען. דער „צופּריעדענער“, „דעבאַטאַנט“, „קיקער“, „פּאָרזיכטיגער“ זיינען אַלגעמיינע בעשעפעניסען. ביי אידען נור קומען זיי ארויס אַביסעל שאַרפער.

דער מחבר שמייכעלט זיך מיט דעם פאַקט, דאָס אַי די געשיל־דערטע אַליין האָבען זיך דערקענט, אַי אַלע, וואָס קענען זיי, האָבען זיי גלייך דערקענט און אָנגערופען ביי די ריכטיגע נעמען. די חברים און גוטע ברידער פון מאַנכען „מענש אָהן אַ קאָפּ“, און סתם יונגאַטשעס האָבען געשריען און געקאַייכט: „סטייטש, וואָס האָט מען צו די מענשען“? און זיי האָבען געזוכט זיך אָבצורעכענען

מיט דעם שרייבער פון דיעזע ציילען אויף אַלערליי שענדליכע און שמוציגע אופנים. אָבער דאָס האָט זיי גאָר ניט געהאָלפען. די, וואָס זיינען דאָ צוגענעגעלט צום שאַנדקלאָטץ, האָבען גלייך פער־לאָרען זייער פנים ביי די מאַסען, מען לאָזט זיך מעהר פון זיי ניט פיהרען און פערפיהרען, זיי זיינען אויסגעשפּיעלט און פערלאָרען אויף אייביג.

**מאָררים ראָזענפעלד.**



# יונגאַטשעס

עס האָבען יונגאַטשעס, אי „גרינע“, אי „געלע“,
אַריינגקריכען דוקא געוואָלט אין מיין זעעלע;
ערלויבט זיך צו שימפּפען, צו שמוצען, צו טרעטען,
ערלויבט זיך צו טראַמפּלען אויף מיינע בוקעטען,
דעם הייליגען פלאַם פון מיין לעבען צו זידלען,
און פאַלש אין די עולם'שע אוי'רען צו פיעדלען.

עס האָבען יונגאַטשעס אי אַלטע, אי נייע,
אי „גרינע“, אי „געלע“, אי פרומע, אי פרייע,
געוואָרפען מיט בלאָטע אין מיר און מיט שטיינער,
געקריצט אויף מיין זיעג מיט צובראָכענע ציינער,
געהאַווקעט מיט שוים אויף די ברודיגע ליפּען,
געזוכט מיך צו דראַפּען, צו בייסען, צו קניפּען.

עס האָבען יונגאַטשעס פון אַלערליי סאָרטען
געשפּרונגען צו מיר און געבולען ווי כאָרטען,
געבולען פון נאָה'נטען, געבולען פון ווייטען,
געזוכט מיר צו שאַדען, צו שענדען ביי לייטען,
געזוכט מיך צו שעהמען, צו שילטען, צו האַסען,
געזוכט צו פערשוואַרצען מיין שם אין די גאַסען.

דאָך איך בין געשטאַנען אַליין אויף מיין פּאָסטען,
געקוקט אויף דער באַנדע, וואָס האָט זיך פערמאָסטען,
געקוקט אויף דעם העסליכען הויפען מיט יונגען,
און האָב מיר גאַנץ רוהיג מיין ליעדעל געזונגען.
איך האָב זיי צומאָל ניט געיאָגט, ניט געטריבען,
כ'האָב צייטענווייז מאַנכען יונגאַטש נור בעשריעבען...

# דער דעבאטאנט

---

ער איז זאנסט א גאנץ ארענטליכער מענש, אבער אויב איהר האט קיין שטארקע לונגען אדער איהר זייט ניט גוט געלוינט, זאלט איהר זיך היטען איהם צו בעגעגענען. יא, זיך היטען ווי פאר פייער, דען אויב ער וועט אייך ניט מאכען קיין שווינדזוכט, וועט ער אייך אזוי אויפקאכען, אז איהר וועט איהם מוזען פאטשען.

אויב איהר זייט דאן אין א קאפע, וועט איהר ביישטעהן א געוואלדיגע פרובונג, איהר זאלט איהם ניט אפבריהען מיט א גלאז הייסע טהע, און אויב איהר וועט טראגען א שטעקען, וועט איהר פיהלען ווי זיך איהם לאזען פערהערען מיט דעם דעבאטאנט, כדי אויסצוגעפינען, ווער פון זיי עס האט שטארקערע ארגומענטען...

דער דעבאטאנט איז א בריה, וואס וועט אייך ארייננשלעפען אין א דעבאטע איידער איהר וועט זיך ארומזעהן. אט האט איהר איהם נאר־וואס געטראפען, און איהר צאפעלט זיך שוין ווי א פליעג אין סמאלע.

עס איז נאך אזא חכם ניט געבארען געווארען, וואס זאל איהם קענען און זיך אויסהיטען מיט איהם ניט צו דעבאטירען. איהר וועט זיך אומזיסט אנשטרענגען איהם ניט אונטערצורוקען א טהעמא פאר א דעבאטע. איהר וועט גאר ניט אויספיהרען, ווייל ביי איהם איז אלץ א טהעמא, אלץ א סחורה. קוים רעדט איהר מיט איהם איין־איינציגען ווארט, זייט איהר שוין זיין קרבן. ער גיט אייך פלוצלינג א שטעל אוועק אין אזא לאגע, אז אייך פאסט ניט איהם צו פערשווייגען און איהר קענט איהם אויך ניט בעזיעגען, סיידען איהר זייט בכח איהם אויסצודרעהען א פוס, אויסרייסען אן אויער אדער אויסהאקען א באק־צאהן, זאנסט זייט איהר א פערלארענער.

וואָס פאַר אַ דעבאַטע קען, דאַכט זיך, אַרויסרופען אַזאַ אונ־שולדיגע פראַזע ווי „גוט מאָרגען"? קוים זאָגט איהר דאָס אָבער צום דעבאַטאַנט, זייט איהר שוין אָן אָבגעקאָכטער.

ער וועט אייך באַלד אַ נעהם טהאָן אויפ'ן האַציק:

— ווי לייכט אַ מענש זאָגט זיך דאָס „גוט מאָרגען"! עס איז דען דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ „גוטער מאָרגען"? וואָס פאַר אַ מין מאָרגען מיינט איהר אייגענטליך? אַזאַ מאָרגען וואָס איז גוט פאַר אייך, אָדער וואָס איז גוט פאַר מיר אויך? פון וואַנען ווייסט איהר, וואָס פאַר אַ מאָרגען איך האָב ליעב? אַ קאַלטען אָדער אַ וואַרעמען; אַ טרוקענעם אָדער אַ נאַסען; אַ ליכטיגען אָדער אַ דונקעלען; אַ שטילען אָדער אַ שרייענדיגען? אפשר מיינט איהר גאָר דעם צוקונפטיגען „מאָרגען", דעם פרייהייטס־מאָרגען פון דער געזעל־שאַפט, דעם מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן? איז דאָך ערשטענס אַ קשיא צי מיר וועלען דאָס זוכה זיין צו זעהען, צווייטענס ווייס איך גאָר ניט ווי יענער „מאָרגען" וועט אויסזעהן...

— איהר זאָגט מיר מיט אַ לייכטען לונג־און־לעבער „גוט מאָרגען"! פון וואַנען ווייסט איהר ווי איך בין היינט געשטימט? האָט די וועלט איבערהויפּט „גוטע מאָרגענס"? ווען זי וואָלט געהאַט גוטע מאָרגענס, וואָלט זי דאָך געהאַט גוטע מיטאָגס און גוטע וועטשערעס אויך; מיט איין וואָרט, זי וואָלט געהאַט גוטע טעג און גוטע נעכט; גוטע וואָכען, חדשים און יאָהרען, עס וואָלט געווען כדאי די גאַנצע מיה און מאַטערניש. נו, פרעגט זיך די שאלה: האָט דאָס די וועלט? ווי זאָגט מען דאָס יענעם „גוט מאָרגען"? אפשר וויל איך גאָר אַ שלעכטען, וויסטען, קלאָגעדיגען מאָרגען? יאָ, אפשר וויל איך גאָר בעגעהן זעלבסטמאָרד און אַ „גוטער מאָרגען" קען פער־ניכטען מיין גאַנצען פּלאַן; אפשר קען גאָר זיין מיין בעסטער מאָרגען, אַז איך זאָל גאָר ניט זיין?

— פון וואַנען ווייס מען גאָר וואָס עס הייסט „זיין" אָדער „ניט זיין"? פון וואַנען ווייס מען וואָס עס איז גוט און וואָס שלעכט?

וואָס עס טויג פאַר איינעם טויג גאָר ניט פאַר אַ צווייטען. עס איז געווען אַמאָל אַ פילאָזאָף, וואָס האָט געזאָגט, אַז מיר וואַכען נור דעמאָלט ווען מיר שלאָפען, אַז די חלומות זיינען די ווירקליכקייט, אַז ווען אונז חלום'ט דעמאָלט לעבען מיר און ווען מיר כאַפּען זיך אויף חלום'ען מיר גאָר. איידער אַ מענש זאָגט אימיצען „גוט מאָרגען", מוז ער זיך גוט אַרומזעהן וואָס ער מיינט דערמיט... עס איז קיין קונץ ניט אַ פּלוידער צו טהאָן, ס'איז אָבער ניט גרינג צו ערקלערען, וואָס מען מיינט, וואָס די ווערטער בעצוועקען. ווינשען איינעם ער זאָל לעבען איז ניט אַלעמאָל דער בעסטער וואונש, אָפּט־מאָל איז מעהר ברכה ווען מען זאָגט איינעם „געהט מיר אין דר'ערד אריין", אָדער „איך האָב אייך אין דר'ערד"...

אָט אַזוי וועט אייך דער דעבאַטאַנט אריינקריכען מיט די שטיוועל אין דער נשמה. איהר וועט דאַן פיהלען ווי די בעסטע זאַך אי פאַר א י י ך, אי פאַר א י ה ם וואָלט געווען, ער זאָל טאַקע באַלד איינגעהמען אַ מיתה משונה און געהן דאָרט, וואו „דער ליעבער שבת קודש געהט אַהין", און זאָל אויפהערען פּלאַגען מענשען.

דער דעבאַטאַנט איז אַ מאָדנע בעשעפעניש. ער בעלאַנגט צו די מאָדערנע, צו די נייע. ער איז איינער פון אונזערע „יונגע", קראַנקע, בלאַנדזשענדע, ראַדיקאַלע. ער האָט שוין דורכגעקעמפּפט אין דער מחשבה אַלע רעוואָלוציאָנען און דורכגעלעבט אַלע פאָרמען פון געזעלשאַפטען און איז מיט קיין איינע אין גאַנצען ניט איינ־פערשטאַנען. ער איז אַן איינגעוואַנדערטער רוסישער איד, אַ האַלבער אינטעליגענט, אָנגעזופּט מיט פּראָפּאַגאַנדאַ־ליטעראַטור, מיט אַגיטאַציאָנס־בראָשורקעס פון אַלע פראַקציאָנען אין די נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע בעוועגונגען. ער איז אָנגעזויגען מיט דעם „נייין" פון ה י י נ ט, מיט דעם קראַנקען „טאָמער פערקעהרט" פון האַלבע גראָשענע דעבאַטען פון ווינקעל־מיטינגען; ער איז צו־טומעלט פון די דומפּע, כאַליעריעדיגע „לעקטשורס" פון ליטעראַרישע סריסים און צודרומשקעטע אַרגומענטען פון סאָציאַלע פערזעהעני־

סען, דעמאגאגישע „פילאזאפען“ און שטרויענע קריטיקער. ער איז א מענש, וואס האט פערלארען זיין נשמה איידער ער האט געוואוסט אז ער האט זי און זוכט אומזיסט זיין „איך“ ביי פרעמדע... ער וויל דורך אייך געפינען זיך אליין. איהר, וויל ער, זאלט איהם העלפען זיך אויספלאנטערען פון דעם קנויל פינסטערע ספקות, אין וועלכע זיינע קרומע געדאנקען האבען איהם אריינגעדרעהט. דורך אייערע ברילען קען ער ניט קוקען אויף דער וועלט און קיין אייגענע האט ער ניט. ער טראגט א פולען מח מיט צובראכענע כלי־זיין און זוכט אימיצען, מיט וועמען מלחמה צו האלטען... ער האט טעמפ געמאכט זיין בלעכענע געוועהר אין קאמפף מיט זיך אליין, וויל ער זיי איצט פרובירען אויף אן אנדערען. איהם דאכט, אז איהר זייט איינער פון די ווינד־מיהלען, מיט וועלכע ער דארף זיך שלאגען, און ער נעהמט זיך צו אייך ווי גיך איהר גיט איהם נור דערצו די קלענסטע געלעגענהייט. ער איז אן אונגליקליכער, א קראנקער, אבגענארטער גלות־איד, א זעהענדיגער בלינדער, אן אונבעהאלפע־נער, א גייסטיגער קאליקע, א נשמה־קריפעל — א דעבאטאנט.

## דער דעבאטאנט.

זיין פריינדשאפט וועט אייך ניט דערלאבען.
ניט אוילט צו געבען איהם די האנד!
דען איהר וועט שטארק חרטה האבען,
ער איז א איד א דעבאטאנט.

איהר קענט מיט איהם זיך פריי ניט שפירען,
ער איז א לץ, א גאטעס שטראף.
ער וועט מיט אייך נור דעבאטירען,
ער וועט אייך נודען אהן א סוף.

איהר ווערט אין זיינע הענד א שמאטע,
צוקניימשט, צוריבען און צודרעהט.

אַט וואָס איהר זאָגט, ווערט אַ דעבאַטע,
ער מאַטערט אייך מיט פּוסטע רייד.

דעבאַטען זיינען זיין נחמה,
צו דעבאַטירען איז איהם זיס,
ער זוכט ווי שדים אַ נשמה,
וואָס ער זאָל טראַמפּלען מיט די פיס.

איהר שילט צום סוף פון די דעבאַטען
דעם שד, וואָס מישט אייך דעם פערשטאַנד:
„אַ רוח אין זיין טאַטענ'ס טאַטען,
דער גאָט פערדאַמטער דעבאַטאַנט“!

# דער „קיקער"

ער „קיקט" דריי־הונדערט־פינף־און־זעכציג טעג אין יאָהר און בלייבט נאָך אַלץ שולדיג דער וועלט א „קיק".

ער „קיקט" זיין גאַנצען אונצופריעדענעם לעבען און איז זיך שטארק מצער, וואָס ער וועט ניט קענען „קיקען" נאָכ'ן טויט.

ער איז נור צופריעדען מיט זיין אייגענעם „קיק"; פּרובט איהר אויך א „קיק" טהאָן, וועט ער „קיקען" געגען אייך.

דעם „קיקער" ווייזט אויס די גאַנצע וועלט ווי א טמא זאַך, וואָס איז א מצוה א „קיק" צו טהאָן און ער איז די פּוס, וואָס איז די מצוה מקים...

ער „קיקט" דערפאר, וואָס זאכען זיינען אזוי און ניט אנדערש. און מאכט איהר זיי איבער, איז ער ווידער ניט צופריעדען און „קיקט" ווי א פערד.

פאָלגט איהר איהם ניט, „קיקט" ער, דאָס איהר פערשטעהט איהם ניט. און פאָלגט איהר איהם יא, „קיקט" ער פאַרוואָס איהר האָט איהם פריהער ניט פערשטאַנען. איהר וועט מיט איהם קיינ־מאָל ניט פארטיג ווערען — ער איז א „קיקער".

ער איז אונצופריעדען אפילו מיט דער נאַטור:

דער פריהלינג איז איהם צו גרין; דער זומער — צו געל; דער הערבסט — צו דונקעל און דער ווינטער — צו ווייס. ער „קיקט" „אויף וואָס די וועלט שטעהט".

דער „קיקער" איז זעלטען אַליין, ער האָט שטענדיג זיינע צודולטע נאָכשלעפער, וואָס אפּלאָדירען זיין יעדער „קיק". זיי גלויבען, אז ער איז דער איינציגער פּאָרטשריטס־מענש; אז זיין שפּיי איז די טהוי פון פראָגרעס; זיין פערקרימטע נאָז — דער

ריכט־שנור פון דער געזעלשאפט; זיין כעס — די ליעבע צום אמת; זיין געשריי — דער שופר של משיח, און זיין יעדער מאך־אוועק מיט דער האנד — א וואונק צו דער גאלדענער צוקונפט. אין אמת׳ען אבער איז ער א משוגענער הונד און זיינע חסידים — קליינע הינטלעך, וואס לויפען איהם נאך און העלפען איהם בילען אין כאר.

דער „קיקער" ערשיינט אין פערשיעדענע געשטאלטען און וואקסט אויס אומעטום, וואו מען פערזעעט איהם ניט, דאך אבוואהל ער האט אין יעדען ארט אן אנדער צורה, איז ער איבעראל דער זעלביגער „קיקער".

אין שוהל „קיקט" ער געגען רב, געגען חזן, געגען שוחט און אפט געגען גאנץ קהל; אין דער לאדזש „קיקט" ער געגען פאר־זיצענדען, געגען יעדען מיטגליעד, וואס בעט דאס ווארט, געגען יעדען פארשלאג; אין דער יוניאן געפעלט איהם ניט דער קאליער פון די יוניאן־ביכלעך און אין דער סאציאליסטישער פארטיי, למשל, איז ער בייז אויף די פערהייראטהע גענאסען, פארוואס זייערע ווייבער בעקינדלען זיך ניט מיט פארטיגע קארל מארקסעס און לאסאלס, און ער פראטעסטירט געגען יעדען סאציאליסט וואס טראגט גאנצע תחתונים, במחילה, און וואס האט די געמיינע חוצפה צו עסען וועטשערע...

פארצייטען וואלט מען אזא נפש בעטראכט פאר א מטורף און קינדער וואלטען איהם נאכגעשריען אין די גאסען „משוגענער", „משוגענער". איצט אבער — אין אמעריקא דערצו — שפיעלט ער, ניט זעלטען, די ראלע פון א העלד, א מארטירער, א נביא; ער זיצט אין א „קאוויארנע" ארומגערינגעלט מיט לצים און פאדליעצעס און „קיקט" ווי אן עזעל.

וואס אימיצער זאל טהאן, שרייט דער „קיקער", אז ער וואלט דאס בעסער געמאכט, און קוים נעהמט ער זיך עפעס „מאכען", מוז מען איהם ארויס„קיקען" מיט זיין מאכעריי, ווייל עס איז נאך אזא וויסטע קאליקע ניט געבארען געווארען. אבער ער אליין וועט דאס

בשום אופן ניט מודה זיין; ער וועט „קיקען“ און שרייען, אז אויב ער האט עפעס קאליע געמאכט, זייט איהר שולדיג און ניט ער.

דער „קיקער פערדאמט א אידעע איידער זי איז נאך געבארען געווארען און איז חושד מענשען איידער גאט האט נאך בעשאפען זייער נשמה. ער דארף ניט ווארטען אויף איבערצייגונג ווער עס איז גערעכט און ווער שולדיג, אויב עס איז איבערהויפט אמת דאס, וואס איהם פלאנטערט זיך אויף די שווארצע געדאנקען. ער לעגט זיך שלאפען מיט משונה'דיגע פאנטאזיעס פון פערזינדיגטע נשמות; ער חלום'ט פון גיהנום, שדים, גלגולים און רוחות רעות, און שטעהט אויף פון בעט מיט א פערדאמונגס אקט אין קעשענע, און זיין ווילדער גרימצארן בויט תליות אויף צו הענגען זיינע פעראור־טהיילטע.

דער „קיקער“ איז די גאל פון דער געזעלשאפט, שטענדיג אנגעגאסען מיט ביטערנים אויף גאט און לייט און ווארט מיט אונגעדולד אויף אימיצען זיך ארויפצוגיסען.

ווען מען זעהט מאנכעס מאל ווי דער דאזיגער שטן מקטרג ערגערט זיך, שרייט מיט שוים אויף די ליפען, מיינט מען, אז אט, אט ווערט א סוף פון זיין לעבען; אז מען דארף שוין געהן בעשטעלען חברה קדישא, דען ווי איז דאס מעגליך, ער זאל אזוי פיעל צער און שברת הלב אריבערטראגען? אין אמת'ן אבער לעבט ער „הונדר'ס יאהרען“, ווערט גראה און אלט, און דער מלאך המות איז ניט זיכער אויב מר. „קיקער“ וועט ניט א בריק טהאן די טהרה־ברעט. קיין וואונדער איז דאס ניט, דער „קיקער“ פלוידערט נור ווי א קאלעקאטקע, אהן א הארץ, ער אטהעמט ווי א בלאז־זאק, אהן א ברעקעל געפיהל, ער שרייט ווי א בלעכענער טרומייטער, אהן א נשמה, העכסטענס קען ער אמאל הייזעריג ווערען, אדער שוואך ווערען אויף די צונג, אבער לעבען קען ער אזוי לאנג, ביז ער זאל מיאוס ווערען אפילו זיך אליין און זאל אנהויבען צו „קיקען“

געגען קברן דערפאר, וואָס ער לאָזט איהם נאָך אַלץ ארומקריכען און נודען דעם עולם מיט זיינע אונגעבעטענע, אידיאָטסקע צדקות, סטראַשענדיג די לעבעדיגע ווי אַ פערבלאָנדזשעטע נשמה פון דער אונטער־וועלט.

צום ערגסטען פיהלט דער „קיקער" ווען ער דערזעהט פּלוצלינג, אַז די וועלט האָט זיך נאָך ניט איבערגעקעהרט און די מענשען געהען נאָך ניט מיט די קעפּ אַראָב; קיין זאַך האָט זיך נאָך פון זיין „קיקען" ניט איבער־„געקיקט", און די ענדערונגען, וועלכע קומען פאָר, קריכען אַזוי לאַנגזאַם, ניט ווי אויסגעשאָסען פון אַ האַרמאַט און ניט לויט זיין געשמאַק... די הייזער שטעהען נאָך אַלץ מיט די קוימענס אַרויף, קאַטשקעס געהען באָרוועס, הערינג איז געזאַלצען און קנאָבעל איז ביטער. עס לעבען נאָך, ווי אויף להכעיס, די מענשען, וואָס זיין משוגע'נע מחשבה האָט בעערדיגט; מען אַפּלאָדירט נאָך אַלץ די רעדנער, וואָס ער האָט פער'חרם'ט און מען לייענט נאָך די בלעטער, נאָך וועלכע ער איז אָבגעזעסען שבעה... אוגערקעס וואַקסען אויף דר'ערד און בעלמעס אויף די אויגען, מען שמעקט נאָך ניט קיין טאַבאַק מיט די פּיס און ראַדי־קאַלע שרייבער טראָגען ווייסע קעלנער...

אונגליקליכער „קיקער"! ער קען דאָס ניט פערטראָגען...

מיט איין וואָרט, איך ווינש מיין ערגסטען שונא ניט צו זיין אַ פּראָפעסיאָנעלער „קיקער", ווייל דאָס איז די אונגליקליכסטע, די פערשאָלטענסטע בעשעפענים, וואָס געהט אויף צוויי פיס.

## דער „קיקער".

ער איז ניט ניכטער און ניט שכור,
ער איז קיין קאַרליק און קיין ריעז,
ער איז אַ צרה'דיגער „קיקער",
אָט דאָס איז אַלעס וואָס ער איז.

ער האַלט זיך פאַר דעם פער פון קלוגע
און פאַר דעם פאָרטשריט'ס אַ זשאַנדאַר.
איהם שיינט די גאַנצע וועלט משוגע,
עס שיינט איהם גאָט אַליין אַ נאַר.

ער זוכט די מענשהייט צו בעגליקען,
איהר העלפען קומען צו אַ ציעל;
און האַלט נאָכאַנאַנד אין „קיקען"
און ווייס אַ מכה וואָס ער וויל.

ער פיהרט אונז צו אַ בעס'רעם לעבען,
וויל אונז מזכה זיין מיט גליק
און אַלעס וואָס ער קען אונז געבען
אין בעסטען פאַל, איז נאָר אַ „קיק".

ער ווייזט ווי זאַכען צו פערריכטען,
ער ווייזט ווי וואונדער אויפצוטהאָן
און זוכט דאָס בעסטע צו פערניכטען,
ווען ער איז דאָרט ניט אויבען־אָן...

ביי איהם איז ברעכען נור דער עיקר,
דערצו איז ער אַ יונג, אַ שיק,
ער איז אַ קלאָגעדיגער „קיקער"
און קוקט אויף אַלעס מיט אַ „קיק".



# דער כל-בו׳ניק

אָדער

## דער טשעפּטשיך פילאָזאָף.*)

ער האָט זיך ניט ענטוויקעלט אין די ניו יאָרקער אידישע גאַס, ווי מאַנכע פון אונזערע בעריהמטע גהעטאָ-קינדער; ער האָט זיך דאָ ניט אָבגעאַרבייט די ביינער; ניט געהונגערט; ניט געליטען; ניט געקעמפּפט, ווי אַ סך פון אונזערע בעוואוסטע און בעליעבטע שרייבער, רעדנער און טהוער, וואָס האָבען געהאָלפען די גאַס צו שאַפען.

ער האָט דאָ אַראָבגעהאָגעלט, איז דאָ אַריינגעפאַלען ווי אַ „יון אין סוכה", מיט אַ פאַטענט אין בוזים-קעשענע, איינגעוויקעלט אין אַ רויטע קאָלדרע מיט גלעקלעך...

זיין רעקאָמענדאַציע האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר אַ

*) דיעזע סאַטירע איז געמאַכט געוואָרען אויף אַ געוויסען אידישען „פילאָזאָף", רעדנער און „כלל-טהוער", אַ כל-בו׳ניק, וואָס האָט געשריעבען אַז אידען מוזען אַנערקענען די קריסטליכע דריי-איניגקייט; אַז אידען מוזען „רעווידירען די לעגענדע וועגען קריסטוס", אויף וועלכען זיי האָבען געמאַכט אַ „דרייפוס-פּראָצעס", און, אַז אידען קענען זיך ניט איינקויפען אין יחוס פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן סיידען זיי זאָלען אַנערקענען קריסטוסען און קריסטענטהום. ער האָט געשריעבען, אַז קוים האָט געפּאַסט טאָלסטאָי׳ען, ספּענסער׳ען און דזשאָהן סטואַרט מילל׳ען צו זיין קריסטען, דאַרף דאָס יעדען אידען פּאַסען... און זיי דאַרפען ניט דרעהען אויף דעם מיט די נעזער. — מ. ד.

„רויטען“, באַלד איז ער געוואָרען אַ „געלער“, שפּעטער האָט ער זיך פערוואַנדעלט אין אַ שוואַרצען, ביז ער האָט ענדליך זיין גאַנצען קאָליר פערלאָרען און זעהט שוין אויס ווי דער ראָטגערס סקווער פּאַנטאַן: מוטנע, ברודיג און פערשימעלט.

יאַ, פון אָנפאַנג האָט ער זיך פערשטעלט פאַר אַ העלד; אַביסעל שפּעטער האָט ער זיך אָנגעגעבען אַלס „מענש“; באַלד איז ער געוואָרען אַ איד, באַלד אַ „יאַהודי“; באַלד אַזאַ „איסט“ און באַלד אַן אַנדערער. אָט האָט ער געהאַלטען לעקציעס און אָט האָט ער געזאָגט דרשות; אָט איז ער גאָר געוואָרען אָראַטאָר, מגיד, פילאָזאָף און... נור וואָס איז די נפקה מינא, וואָס ער איז!... דאָס, וואָס ער האָט געזאָלט זיין איז ער  ג ע ו ו י ס  ניט...

ער האָט מעביר געווען די סדרה און געזונגען די מאַרסיליעזע; געזאָגט „במה מדליקין“ און געפּרעפּעלט פּאַטשערעס; געשלונגען באָמבעס און זיך געוואָרגען מיט ציצת; ער האָט גע'חלש'ט נאָך ירושלים און אַרומגענומען מאָסקווע... געלעקט משה רבינו און געשמעקט יעזוס'ען... געקושט די מזוזה און געהאַלזט דעם צלם... ער האָט אַזוי געשוויצט און געאַרבייט אויף אַלע כלים: כשר'ע און טרפה, ביז ער איז געוואָרען אי ער, אי ניט ער, אי אַלץ מיט אַנאַנדער, אי גאָר נישט מיט גאָר נישט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען ווי אַ ביהן און זיך אַראָבגעלאָזט ווי אַ שפּין... זיך פערגרייזעלט ווי אַ פויסט און זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַ פייג און פון זיין גאַנצען פריהערדיגען פּנים זיינען נור געבליבען אַ נאָז און אַ קופּערנער שטערען; זיינע גלעקלעך האָבען אויפגעהערט קלינגען, זיינע „בריליאַנטענע“ ווערטער — צו לייכטען און צו שיינען. זיין רויטע קאָלדרע האָט אויף אַלע ווילע געביטען די קאָלירען ווי אַ כאַמעליאָן. אָט האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ רויטע פאָהן און אָט ווי אַ רויטער חלה־טישטוכעל; אָט האָט זי אויסגע־זעהן ווי אַ רויטער פאַרטוכעל אויף אַ צלם, אָט ווי אַ רויטער פּרוכת

און אָט ווי אַ רויטע, חסיד'ישע שנופּטיכעל פול מיט שמעק־טאַבאַק און „שיריים“, און אָט האָט זי געהאַט אַלע געשטאַלטען מיט אַמאָל...

מאַנכע האָבען געזאָגט, אַז ער איז אַ משוגע'נער, ווייל ער רעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. מאַנכע האָבען געזאָגט, אַז ער איז אַ גלגול, וואָס געפינט ניט קיין מנוחה און איז קיינמאָל ניט אויפ'ן ריכטיגען אָרט... און גאָר אַנדערע האָבען געזאָגט אַז ער איז... נאָר וועמען אַרט דאָס וואָס ער איז...

עקספּערטען האָבען אומזיסט געוואָלט אויסגעפינען פון וואָס פאַר אַ שטאָף ער איז געמאַכט; זיי האָבען געזעהן, אַז די נאַטור האָט איהם אויפגעפּאַטשקעט אין אַ מינוט, וואָס זי האָט געליטען פון אַ מאַרך־שטורם; אַז ער איז בעשאַפען געוואָרען אין איין רגע מיט'ן טייפעל, ווען גאָט האָט ניט געהאַט קיין צייט און קיין מאַטעריאַל מעהר פאַר אַ רעכטע, לייטישע נשמה און האָט איהם אָנגעפילט, ווי אַ וואורשטעל, מיט צומאָהלענע שטיקלעך און ברעק־לעך פון פאָדער־חלק און פון הינטער־חלק. ער האָט איהם אָנגע־בלאָזען מיט ווינד און רויך, מיט דעם טשאַד פון אַ לימווישען מרחץ, מיט'ן ריח פון פערברענטע חמץ, מיט דעם גרוך פון קאַפּוסטאַ, מיט דער הייליגער פּאַרע פון קאַטוילישע קלויסטערס, מיט צוריבענע הושענות און די פילאָזאָפיע פון אַ נעכטיגע וועטשערע, מיט איין וואָרט — אַלע זיינע דעות און חקירות און פּאָליטישע דריידלעך זיינען אין איהם אַזוי צונויפגעמישט, אַז מענשען האָבען אַ נאָמען געגעבען זיין פערפלאָנטערטקייט און פלוידעריי „די אינטערנאַציאָנאַלע נאַציאָנאַליטעט פון אַן איסטער־צימעס“, דען זיין ניט־דאָ־געדאַכט־פילאָזאָפיע איז צונויפגעמישט ווי אַ טרפה טשעפּטשיכע מיט סחורה פון כל המינים, נור ניט פון דעם ריכטיגען מין, וואָס איז ווערטה אַ ברכה...

זייענדיג אַ מאָדנער „כל־בו“, אַזאַ אַלץ מיט אַנאַנדער, יאַ, זייענדיג אַזאַ כשר־טרפה טשעפּטשיכע, האָט ער געפונען חן און חסד און רחמים אין די קעלבערנע אויגען פון אַ פּאָר „צודרומש־

קעטע" ברואים, אין וועמעס מוחות עס טומעלט זיך דער עכאָ פון אַלע הללויה׳ס און עס מישט זיך דער תהו ובהו פון אַלע סיסטעמען...

זיי האָבען דערזעהן אין איהם די ישועה פאַר אַלע געדריקטע, געשטיקטע, דערוואָרגענע און גע׳ממית׳טע; פאַר אַלע דיספעפּ־טיקער; פאַר ריב־קוכענס, מאָזלען און עצירות... דער כלל, פאַר אַלע גוים און אַלע אידען, פאַר רוסען, טערקען און עסקימאָזען. זיי האָבען דערזעהן אין איהם דעם אמת׳ן „משיח", דעם גואל צדק פון אַלע געקוועטשטע און צוריבענע... און די גאולה שלמה האָט טאַקע אָנגעהויבען צו ווינקען...

אַ שטיקעל פון יחזקאל׳ס נבואה איז שוין מקוים געוואָרען: עס האָבען זיך גענומען ריהרען און בעוועגען די ביינער, אָבער ניט י ע נ ע ביינער, ניט די „עצמות היבשות", ניט די דאַרע, די טרוקענע ביינער, ניין! זאָנדער׳ן די „טרפה׳נע ביינער" און אונווי־סענדע „ביינדלעך"...

מען האָט איהם באַלד געקויפט אַ פּאָר הויזען; געמאַכט אַ פּאַפּירענעם וואַש־טאַב, צו וואַשען זיינע גרעט... און ער האָט געריבען און געשריבען; געקלאַפּט און גע׳דרש׳עט פון אַלע סדורים און טריף־פּסול׳ען צוגלייך.

אָט איז אַ פּראָבקע פון זיינע אַ לעקציע־דרשה, אין וועלכע עס איז צונויפגעמישט ווי אין אַ ניו יאָרקער וואורשטעל אַלע זיינע „מיינעבצען", „זאָגעכצען", „פּראָפעציייעכצען" און „פילאָזאָפעכצען".

„אייך מוז זיין שטאַרק קשה, רבותי, ווי מען קען זיין אי ד אָ ם אי נ י ט דאָס, אי אַליץ מיט אַנאַנדער; ווי מען קען שמעקען מיט קאַלבאַס און מצה שמורה; ווי מען קען זיין אַן אַמעריקאַנער אַרץ ישראל איד; אַ העברעאישער זשאַרגאָניסט, אַן אַריסטאָטעל־שער ניטשעיאַנער; אַ דראַגונער אין אַ טלית־קטן; ווי אַזוי מען קען זיך אָנפילען מיט דינאַמיט און מיט זאַמד פון מוטער רחל׳ס קבר; ווי מען קען זיין אַ קאַצאַפּ און אַ פּרוש; אַ קאָזאַק און אַ חסיד׳ישער רבי; דער כלל, איהר פרעגט „סטייטש", נו, טאָ הערט אויס מיט

מח! אייער וואונדער וועט צוקריכען ווי אַן איבערגעקאָכטע מצה קניידעל פון זיך אַליין, ווען איהר וועט אַ קוק טהאָן אויף דעם אייטער פון אַ קוה, אָדער אויפ'ן הינטער־טהייל פון אַן אָקס, אָדער אויף דער כשר'ער זייט פון אַ חזיר... די הויפּטזאַך איז, אַז איהר מוזט פריהער גוט תופס און משיג זיין די פילאָזאָפיע פון אַ גולאַש, אַז וואָס מעהר צוהאַקט און צומישט, איז אַלץ בעסער און געזינטער. אָט נעהמט וועלכע קוה איהר ווילט, וועלכע בהמה איהר גיט אַ כאַפּ און איבערצייגט זיך אַז איך האָב רעכט.

בכן, גיט אַ כאַפּ אַ קוה און קוקט זיך איין מיט'ן שכל הישר! די גאַנצע קוה איז פליישיג, יאַ, פליישיג פון די קלאָוען ביז די הערנער, אפילו דער אייטער איז אַ שטיק פלייש, און דאָך איז זי מילכיג, זי גיט מילך, מען מעלקט איהר. די זעלביגע קוה גיט אייך קישקעס, לונג און לעבער, אַ מאָרדע, אַ ושט, אַ קוטניצע, אַ גרייזיק, אַ מילץ, פליאַקעס, אַ קראַשיצע און דאָך גיט זי אייך מילך, פוטער, סמעטענע, קעז, סיראָוועטקע, מעשליאַנקע און זויער־מילך, איהר קענט האָבען פון דער זעלביגער קוה אי ציבעלע מיט שמאַלץ, אי מילכיגע פּאַמפּושקעס, געדענקט זשע, רבותי! עהנליכעס איז אויך מיט אַן אָקס: ער מעג זיין אין גאַנצען כשר, יאַ, כשר אָהן אַ סרחא; ער מעג זיין אַ כשר'ער אָקס, זיין הינטען אָבער איז אַ טרפה'ער, סיידען איהר ווייסט איהם ווי צו טרייבערען, ווי צו ציהען די אָדערען.

„וועגען חזיר, רבותי, איז דאָך געוויס ניטאָ וואָס צו ריידען, לויט די אַלטע, פערשימעלטע „צמח צדק“ תורה פון תלמוד איז דאָך דער חזיר טריף ווי אַ חזיר, פון דעסטוועגען איז דאָ אַ לעגענדע, אַז ער האָט אַ כשר'ע זייט... אָט די דאָזיגע לעגענדע, רבותי, איז כדאַי, אַז איהר זאָלט רעווידירען... איהר מוזט זי רעווידירען... דאָס איז אַ מין „דרייפוס פראָצעס“ צו פעראורטהיילען אַן אונשול־דיגען חזיר נעבעך אין גאַנצען... אַ חזיר איז כ'לעבען אויך אַ גאָט'ס זאַך... ווען גאָט וואָלט קיין „חשק“ ניט געהאַט וואָלט דער

חזיר ניט געבאָרען געוואָרען... די פּאַסקודנע, אַלטע, פאַנאַטישע, אידישע „צמח צדק“ חברה וויל גאָר ניט איינזעהן, אַז דער חזיר האָט צושפּאָלטענע קלאָוען... אַי וואָס, ער איז ניט „מעלה גרה“, האָבען אַ סך פון אונזערע איצטיגע אינטערנאַציאָנאַלע נאַציאָנאַלע אינטעליגענטען פון אידישען קוואַרטאַל אַמאָל אויך ניט געקאַיט... זיי האָבען ניט געהאַט וואָס צו קאַיען... ניין! מיר טאָרען ניט בעשולדיגען דעם חזיר צוליעב דעם בעגריעף פון די „צמח צדק“ער“, מיר מוזען דעם חזיר׳דיגען „דרייפוס פּראָצעס“ רעווידירען... דער חזיר איז כשר און אידען מעגען דאָס וויסען... ניש׳קשה, אַ אידישע נאָז דאַרף זיך ניט קרימען אויף חזיר׳יי...

„די לעגענדע, אַז דער חזיר האָט אַ כשר׳ע זייט האָבען שוין אידען לאַנג געדאַרפט בעטראַכטען, רבנים האָבען געמעגט ריידען וועגען דעם אין די שוהלען, בתי מדרשים און ציוניסטישע פערזאַמ־לונגען, אויף אַלע שפּראַך־קאָנפערענצען, זשאַרגאָנישע, יון׳ישע, העברעאישע און טאָטערשע... דער חזיר מוז אַריינגענומען ווערען צווישען אונזערע כשר׳ע...

„מען דאַרף אָנהויבען שרייבען אויף חזיר׳שע פעל תפילין, מזוזות און ספרי־תורות... לויט מיין חזיר׳דיגע מיינונג קומט אויס, דאָס קוים וויים מען ניט וועלכע זייט פון חזיר עס איז כשר, איז דער גאַנצער חזיר אַ כשר׳ער, יאַ, כשר לכל הדעות, אַ גאָט׳ס בעשע־פענים, גאָט׳ס אַ קינד... אידען קענען זיך ניט איינקויפען אין דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן, סיידען זיי זאָלען זיך פער׳חזיר׳ען...

„בערעכענט, רבותי, וועלכע מענשען עס האָבען זיך גע׳חבר׳ט און חבר׳ן זיך נאָך איצט אויך מיט׳ן חזיר! טאָלסטאָי האָט געגעסען חזיר מיט בעבלעך, ספּענסער האָט זיך בעלעקט פון חזיר, דזשאָהן סטוארט מילל איז געווען אַ חזיר׳ניק, און לויט מיין חזיר׳שע פילאָ־זאָפיע פון „דריי איינינקייט“ איז דער חזיר, דער שור הבר און דער לויתן אַלס איינס. ובזכות זה וועלען מיר דערלעבען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן און שופר של משיח, ונאמר אמן ואמן סלה. זאָגט

קדיש, זינגט „וניז פּאַ מאַטושקע פּאָ וואָלגע", די „שבועה" און די „התקוה"...

## דער פילאָזאָף.

ער איז אַ לעכערליכע שטראָף,
די איראָניע פון אידען׳ס גלות,
ער איז אַ טשעפּטשיך־פילאָזאָף
געפילט מיט אַלערליי בהלות.

ער הייסט אייך טראָגען פריינהייט׳ס פאָהן
און זינגען שירה אַלע „איסטען".
ער הייסט אייך ווערען אַ „נאַציאָן"
און הייסט צום סוף אייך ווערען קריסטען.

# דער לעקער

ער האט אמאל געהאט א טעות, זיינע בעקאנטע האבען אויך געהאט א טעות: ער האט געמיינט אז ער איז א שרייבער און זיינע בעקאנטע האבען געמיינט, אז ער איז א גוטער שרייבער.

אין אמת'ן אבער איז ער געווען א „לעקער".

זיין פעדער האט פראבירט זיין וויציג און שפיציג, און שארף, אבער ווען זי האט זיך איינגעשריעבען און אויסגעשריעבען, איז זי געווארען גלאט ווי א צונג, וואס קען נור לעקען.

ער איז א „לעקער".

ער איז אן איינגעוואנדערטער, ליטווישער אידעל, געקומען אין אמעריקא אלס בארוועטער אינגעל דאן, ווען מען האט נאך אריינגעלאזט בארוועסע אין דער מדינה.

ווען ער איז געגאנגען א נאקעטער איז ער געווען אן אנארכיסט, וואס פלעגט גריזשען הארטע ווארשט אויף יום כפור־בעלער און קאיען די ערד א גאנץ יאהר. ער איז געווען פלאם־פייער אויף גאט און לייט און ברענען אויפ'ן בעקער ווי אויף פאקען.

ווען מען האט איהם געשאנקען א פאר הויזען האט ער זיך איינגעלאשען, ווי ער וואלט אריינגעפאלען אין א געמויזעכטס. ער איז גלייך געווארען א ציוניסט און געלעקט דעם „כותל מערבי", איצט איז ער סתם א טעלער־לעקער וואס לעקט גאנץ קהל...

פריהער האט ער זיך פערלאזען וואנסעס, נאכדעם האט ער זיך פערלאזט א בערדעל, גאר נאכדעם האט ער זיך געלאזט וואקסען די צונג, ווייל זי איז זיין הויפט־פרנסה, דען דארטען וואו ער דרעהט זיך איצט ארום דארף מען לעקען.

ער איז א „לעקער".

ער האָט שוין געלעקט אַלע טעלער, און איז איצט דער עקס־פּערט טעלער־לעקער פון אידען אין ניו יאָרק און ער לעקט אַזוי גוט, אַז אפילו „יאַהודים" לאָזען זיך פון איהם אויך לעקען און גיבען איהם אויף פּוטער ער זאָל זיך בעשמירען די צונג...

ער איז אַ „לעקער".

ער האָט זיך אַמאָל ארומגעטראָגען מיט שלעכטע „אידיש" אין גוטע רעדאַקציעס און געלעקט אומזיסט די אידישע רעדאַקטערע. ער האָט זיי אָבער ניט געקענט נאַרען, זיין לעקעריי האָט געעקעלט. ער איז נאָכדעם געוואָרען אַ „לעקער" אויף זיין אייגענעם חשבון און האָט „געכאַפּט דעם שניט". איצט קענען איהם אַלע פּאַר אַ „לעקער" און ער איז דאָס.

אַמאָל פלעגט ער הונגערען אין אַ טענעמענט הויז און פער־שלאָפען די וועטשערעס אין איסט־סיידער קאַפּע הייזער. איצט קומט ער דאָ ווען־ניט־ווען, ווען עס איז פאַראַן וואו און וועמען צו לעקען. ער דרעהט זיך ארום מיט זיין אַנאַרכיסטיש־אָרטהאָדאָקסיש יום כפּור־באַל בעררעל און ווען ער עפענט דאָס מויל צו ריידען דאַכט זיך אייך, אַז ער לעקט דאָס.

ער איז אַ „לעקער".

ניצליך איז ער קיינמאָל ניט געווען. ער האָט דאָס קיינמאָל ניט פּראָבירט צו זיין. ער האָט דאָס ניט געוואָלט זיין. ער האָט אפילו אַ פּאָר געזונדע הענד, ער האָט זיי אָבער ניט געוואָלט פער־פּאַטשקען מיט ניצליכע ארבייט. ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט אַ צונג מיט וועלכע ער קען בעסער מאַכען. און ער האָט זיך אַן עצה געגעבען — ער איז געוואָרען אַ „לעקער".

ווען אידישע ראַדיקאַלען פון קוואַרטאַל, וואָס האָבען איהם אַמאָל אויס רחמנות אָבגעמינטערט מיט אַ גלאָז טהעע מיט לימענע, האָבען אָנפאַנגס דערהערט, אַז ער איז געוואָרען וואָס ער איז, אַז ער קוקט נאָך אויב אידישע פליי שפּרינגען קדושה, אויב אידישע

פליעגן עסען טשאָלענט, אויב אידישע מילבען טראָגען ציצית, אויב ווייבער זאָגען ברכה און דאַווענער שפּייען אין „עלינו" — יאָ, ווען די ראַדיקאַלען האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך געקוויינקעלט, זיי האָבען ניט געוואָלט גלויבען.

— סטיימש, אַן אַנאַרכיסט, אַ יום־כּפּור־באָל „סקאַקון"!

איצט טרעפען זיי איהם אָפּט מיט אַ נאַסען בערדעל פון מקוה־וואַסער, מיט פריעה־נעגעל, מיט אַ בעקאַפּעלטע פּאַטילניצע, ביי אַ פּאָרציע כשר'ע „קלעם טשאַודער", איסטער־קוגעל, חזיר־טשאָלענט און העם־פּעטשאַ, און זיי זעהען ווי ער לעקט אַרום די מים אחרונים־פינגער פאַר געשמאַקהייט און זיי וואונדערען זיך מעהר ניט.

זיי ווייסען, אַז ער איז אַ „לעקער".

מאַנכע קאַוויאַרנע־העלדען, — וואָס געדענקען מר. לעקער פון די אַלטע צייטען, ווען אַנדערע פלעגען עסען און ער פלעגט זיך בעלעקען, — גיבען מאַנכעס מאָל אַ טראַכט וועגען איהם: „ווער וויים צי ער לעבט און לעקט נאָך? ווער וויים צי ער געהט נאָך פּערביי די העמדער, אָדער אין אַ העמד? ווער וויים וואָס איז איהם אויסגעוואַקסען לענגער די אויערען צי די פעדער? יאָ, ווען זיי דערוויסען זיך פּלוצלינג, אַז פון אַלע זאַכען איז איהם אויסגעוואַקסען די צונג, איז איהם אַריין אַ מזל־ברכה אין לעקער, דאַן הערען זיי זיך אויף צו וואונדערען. זיי דערמאָנען זיך אָן אַמאָל, אַז צום לעקען איז ער געווען אַ ווילדע בריה; אַ געבאָרענער צונגאַטלעט, — אַ „לעקער".

עס געהט אַרום אַ לעגענדע צווישען עולם, אַז דער „לעקער" האָט שיער־שיער חרוב געמאַכט די וועלט; אַז צוליעב איהם איז שיער די גאַנצע „מעשה בראשית" געבליבען „מיט אַ נאָז". עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז די וועלט זאָל בלייבען ניט געענדיגט. נאַמירליך וואָלט דאַן נאָט קיין גאָט ניט געווען, ניו יאָרק וואָלט קיין „קהלה" ניט געהאַט און מר. „לעקער" וואָלט געמוזט בלייבען

אַן אַנאַרכיסטעל און געהן דורך דער „געהעטאָ“ מיט די פּאַדעשוועס פון אויבען.

דערצעהלט מען הייסט דאָס די פאָלגענדע לעגענדע:

ווען גאָט האָט שוין געהאַט בעשאַפען אַלץ מיט אַנאַנדער, יעדע לעבעדיגע בעשעפענים האָט בעקומען דאָס זייניגע: דער טיגער זיינע נעגעל, דער טכויר זיין „פּאַרפּומע“, די שלאַנג איהר גיפט, דער חזיר זיין שנוק, דער הונד זיין ווײדעל און ראָטגעערס סקוועער פאַנטאַן די „סוכאָטע“, האָט מען זיך אַרומגעזעהן, אַז דער „לעקער“ האָט ניט קיין ספּעציעלע צונג. ס'הייסט ער האָט אַ צונג ניט צו פערזינדיגען אָבער דאָך ניט גוט גענוג צו לעקען אַ גאַנץ „קהל“. די „פמליא של מעלה“ האָט גענומען שרייען „סטייטש, רבונו של עולם, דער גרעסטער אידישער צענטער אין דער וועלט בלייבט אָהן אַ „לעקער“!...“

און גאָט האָט זיך געווענדעט צו זיינע „יוצר משרתים ואשר משרתיו“, צו זיינע „שרפים“ און „חיות הקודש“ און האָט זיי געטרייסט:

זאָרגט ניט, קינדער, ערשטענס וועל איך געבען ניו יאָרק אַ סך קהל'שע טעלער־לעקער. איך וועל דאָרט די אידישע קהלה ניט פערלאָזען. אויף מיינע אחריות, עס וועט זיי קלעקען... איך וועל זיי געבען „לעקער“ מיט בערדלעך און אָהן בערדלעך, מיט וואָנסעס און אָהן וואָנסעס, לעקערס מיט בייכלעך און לעקערס מיט פּיסק־לעך, מיט איין וואָרט לעקערס פון כל המינים. זיי וועלען לעקען אידען און גוים, אידען און „יאַהודים“, לעקען „אונטען“ און „אויבען“, „די וועלט“ און „יענע וועלט“... און אפילו די „צוקינפּ־טיגע געזעלשאַפט“...

דער ספּעציעלער לעקער, דער לעקער הכולל איז מיר אפילו אַרויס פון זינען, גוט וואָס איהר האָט מיר דערמאָנט. ניו יאָרק האָט געקענט חלילה בלייבען ניט געקאָנטשעט... איצט אָבער וועל איך זיך נעהמען צו דער מלאכה. ניט נור וועל איך געבען דעם

לעקער פון אַלע לעקערס אַ לאַנגע צונג, נור לאַנגע אויערען, אַ כח צו בילען, און אַ קראַפּט אין נאָז, ער זאָל קענען אַרומגעהן און שמעקען... און דערצעהלען אויבענ־אָן אַלצדינג וואָס עס הערט זיך...

אָט אזוי האָט גאָט געראַטעוועט זיין געטליכע רעפּוטאַציע:

ער האָט געבאָרגט ביים עזעל, ביים הונד, ביים „דבר אחר“ און דערלעגט צום „לעקער“. ענדליך האָט ער נאָך אַנטליהען ביים באָק דאָס בערדעל און אָנגעטהאָן „לעקערען“ אויפ'ן מאָרדע, כדי ער זאָל פּאַסען פאַר אידען און ער פּאַסט אויסגעצייכענט.

## דער „לעקער“.

איך בין קיין „שמעקער“ און קיין „וועקער“,
וואָס נודען אַל'מען אַלט און יונג —
איך בין מיר, גאָט צו דאַנק, אַ „לעקער“,
מיין גאַנצע גבורה ליעגט אין צונג.

איך מעג זיין מויב צו פּאַנפּאָוואַטע,
מיר מעגען פוילען ניער און לונג,
דאָך איך פערבלייב נור זאָן אַ שמאַטע,
ווען עס דאָקוטשעט מיר די צונג.

איך בין צום „לעקען“ נור געבאָרען,
אַ קראַנקע צונג נור איז מיין שטראָף.
איך לעב און לעק שוין כמה יאָהרען
און איך מוז „לעקען“ ביז צום סוף.



# דער לינקער כלל-טהוער

דער לינקער כלל־טהוער איז א נייע ערשיינונג אין דער אידי־שער גאס. מיט עטליכע צעהנדליג יאהר צוריק האט מען איהם ניט געקענט, אין אמעריקא איבערהויפט ניט. איצט איז ער געוואָרען אן אינסטיטוציע. אן עלעמענט אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון אידען, און ווי עס שיינט, איז ער געקומען צו פערבלייבען.

גאָר אמאָל פלעגט אזעלכער הייסען א „קאָכלעפעל", וואָס מישט זיך אין אלע קהל'שע ענינים, איבערהויפט אומעטום וואו מען דארף איהם ניט. וואו מען קען אויסקומען אָהן איהם אויך.

„קהל'שער קאָכלעפעל" איז ניט געוועזן קיין קאָמפלימענט, אין געגענטהייל, דאָס איז געוועזן א שימפף־וואָרט, וואָס האט בעצייכענט א בעשעפענים, וועלכע פלאָנטערט זיך אונטער די הענד, ווארפט זיך אויפ'ן עולם מיט „טובות", אָהן וועלכע מען קען זיך פיין בעגעהן. דער לינקער כלל־טהוער איז די שאָטען־זייט פון דעם פאָרצייטיגען אידישען שתדלן, דעם רחמנות־מעקלער, דעם טובות־פעדלער, וואָס פלעגט אויפטרעטען מיט זכות־אבות ביים פריץ און פלעגט מינטערען די „פוכקע לבבות" ביי אונזערע הערשער.

דער איצטיגער לינקער כלל־טהוער איז מעהר עהנליך צו דעם אמאָליגען פאקטאָר, וואָס האט געהאט „אן אויג" ביים שררה; דאָ איז אָבער דאָס וואָרט כלל־טהוער אן עהרע, ווי להבדיל פאָליצ־מייסטער, אָדער זשאנדארמסקי פאָלקאָווניק...

אזוי ווי די „אינפלוענציע", די „גריפ", רחמנא לצלן, לאָזט ניט אויס אָרעם און רייך, מאַן און ווייב, יונג און אלט, אזוי לאָזט דער כלל־טהוער קיינעם ניט אויס. מיט אלעמען איז ער א „קנעפעל", א „שמעלקע", אלע קענען איהם און ער קען אלעמען, ער האָט דאָס

געמאַכט פּאַר זיין געשעפט אַלעמען צו קענען און אומעטום איז ער אין מיטען אָדער גאָר אויבען־אָן ווי אַן אויסשלאָג אויפ'ן שפּיץ נאָז.

זיין נאָמען איז אַזוי בעקאַנט צווישען עולם און זיין פּנים אַזוי פול אומעטום, אז ווען ער זאָל אויף א ווײלע „אויסטריקענען" און „ניט ווערען", פּאַנגט מען גאָר אָן גלויבען, אז ער פעהלט, אז אָהן איהם קען די מענשהייט קיין קיום ניט האָבען; מען הויבט עפּעס אָן ניט ווילענדיג פרעגען: „וואו איז ערגעץ מר. כלל־טהוער?" „וואָס איז עפּעס שטיל געוואָרען מיט מר. כלל־טהוער?" קורצזיכטיגע, נאַרען הויבען גאָר אָן צו צווייפלען אויב זיי לעבען, זיי דאַכט זיך, אז זיי זיינען אויפ'ן עולם התהו. אין אמת'ן אָבער, האָט דער דאָזיגער כלל־טהוער גאָר ניט אויפגעטהאָן און אַלץ, וואָס ער איז פעהיג אויפצוטהאָן, קען א קאַץ אויפ'ן עק אוועקטראָגען.

ווי די זאַך איז אָבער, מיינט מען, אז ער מוז זיין, ער מוז זיך הערען ווי די אַזיאַטישע כאָלעריע און מוז זיך זעהן ווי א פּאָליטשער מאַרש מיט פּויקען און טרומייטען דורך די גאַסען...

מען איז שטאַרק צוגעוואוינט צו דעם לינקען כלל־טהוער, צו זיינע „טובות", „עצות", „רעדעס" און „חכמות", אז מען גיט אָפּט פּלוצלינג א קלער: ווי אַזוי האָט גאָט געקענט אָהן איהם בעשאַפען א וועלט? ווי אַזוי האָט יעקב אבינו אָהן איהם אָבגענאַרט לבן הארמי? ווי האָט משה רבינו אָהן זיין הילף געגעבען פּרעה'ן מכות? ווי האָט ער אָהן זיין כח געשפּאָלטען דעם ים און בעפרייט די אידען פון מצרים? ווי זיינען די אידען אָהן איהם אריין אין ארץ ישראל און איבערהויפּט — און דאָס איז טאַקע די הויפּטזאַך — ווי איז אָהן איהם חרוב געוואָרען דער בית המקדש...

צווישען ערצטע געפינען זיך ספּעציאַליסטען אויף פערשיעדענע קראַנקהייטען, עס געפינען זיך פערשיעדענע פאַך־געלעהרטע און בעזונדערע צווייגען פון וויסענשאַפט, ווי למשל, כעמיקער, שטערנ־זעהער, באָטאַניקער, טעכניקער, יוריסטען, זאָאָלאָגען, פילאָלאָגען,

ארכעאָלאָגען, אַנטראָפּאָלאָגען א. ז. וו. דער לינקער כלל־טהוער קען אָבער אַלץ, און ניט נור קען ער אַלץ, זאָנדערן ער איז אַליין אַ טהייל פון אַלץ. אין באָטאַניק, למשל, איז ער אַ דאָרן, אַ סם־המות־שוואַם, אַ באַרג קראָפּעווע... אין זאָאָלאָגיע איז ער אַן עזעל, אַ חזיר, אַ מאַלפּע, אַ שלאַנג, אַ שפּין און אַ טכויר... אין מאַטעמאַטיקס איז ער אַ נול... אין דאָקטאָריע „פערשטעהט ער אַ קרענק" און איז אַליין אַ „קרענק" — אַ חלאת, וואָס איז שווער אויסצוהיילען, און פון אַלע „לאָגען" און קלאָגען בעלאַנגט ער צו די דעמאַנגאָגען און בנוגע צו געזעץ, איז ער ווערטה אַ זעץ אַן דר'ערד...

צו ווערען אַ לינקער כלל־טהוער איז ערשטענס נויטיג חוצפּה, דאָס איבריגע קומט שוין ממילא. נאַטירליך געהט דאָס ניט אָהן חניפה, דאָרט, וואו דער חצוף איז ניט שטאַרק גענוג, מוז ער זיך פּעראייניגען מיט'ן חונף, און די זאַך איז פאַרטיג — דער לינקער „כלל־טהוער" איז געמאַכט.

באַלד ווי דער דאָזיגער נפש האָט זיך בעוויעזען אין היגען אידישען קוואַרטאַל און מען האָט איהם דערזעהען טאַנצענדיג אויף אַלע חתונות „כשר'ע" און „טריפה"... קוואַטערען אויף אַלע ברית'ן, לאַכען אויף אַלע שמחות און וויינען אויף אַלע לויות... האָט דער עולם ניט געקענט קלוג ווערען און ניט וויסען פון דעם כלל פאַר וועלכען „כלל" ער איז אַ „טהוער". היינט פערשטעהט מען שוין גאָר ניט ווי אַזוי אַ קאַץ קען געלעגען ווערן אָהן זיין הסכמה. עס ווילט זיך אָפּט לויפען צו איהם פּראָטעסטירען דערפאַר, וואָס עס רעגענט צופיעל, דעם עולם דאַכט זיך אַלץ, אַז ער טהוט דאָס, אום אַנצומאַכען אַ בלאָטע... אום אָנצולאָזען וואַסער אין צוריסענע שיך, כדי ער זאָל נאָכדעם האָבען אַ געלעגענהייט צו זאַמלען אויף נייע פּאָדעשוועס...

דער כלל, ער איז אַ יונג מיט מעלות.

## אַ יונג מיט מעלות.

ער איז אַ ליכט, ער איז אַ שיין,
ער איז אַ גואל, זאָגט ער,
רוקט אומעטום זיין צונג אַריין,
מוז איבעראַל אַ מאַכער זיין,
דען חוצפּה, דאָס פערמאָגט ער.

ער רעדט פון קונסט, פון ליט'ראַטור,
פון אַלע שעהנע זאַכען.
און ווייזט אַרוים דעם גאַנצען בור
און מאַכט מבינים לאַכען...

דער כּלל, ער איז אונז גוט געננוג,
מיט אַלע זיינע מעלות,
ביי שוטים אָבער הייסט ער „קלוג",
און פרעגט ניט מעהר קיין שאלות!

ער זאָגט ער טהוט דאָס אַלץ אומזיסט,
געניסט דערפון קיין האָר ניט.
אָט היינט איז ער אַזאַ מין „איסט"
און מאָרגען שוין אַן אַנדער מיסט
און איבערמאָרגען — גאָר ניט.

אין חברות ווערט ער גיך בעקענט,
דען וועמען טרויט מען גיכער?
און אָפּט „פערשטעכט ער זיך די הענד"
ביי'ם גראַבלען אין די ביכער...

דאָך האָט ער ביטער דעם בעטרוג
און פאָדערט רעכט מיט יעלות,
ביי שוטים אָבער הייסט ער „קלוג“,
און פרעגט מיך מעהר קיין שאלות!

און ווילט איהר וויסען ווי ער הייסט,
דער חברה־מאַן דער שעהנער?
דאַן שווער איך זיכער, אַז איהר ווייסט,
פון איהם נור הערט דאָס זיך אָם מייסט,
עס קען איהם יעדער איינער...

ער איז פאַראַן אין יעדער שטאָדט,
צו שאַפען אידען קללות,
צו מעהרען ווערה, צו ברענגען שפּאָט,
צו פ ע פ ע ר ע ן דעם גלות...

אַ מזיק אין יעטווידען פאַל,
דאָך האָט דער נאַר התפעלות:
„ער אַרבייט אָבער פאַר דעם כלל“...
און פרעגט מיך מעהר קיין שאלות!...



# דער נודניק

ער איז דער אנגענעהמסטער מענש אין דער וועלט ווען מען קוקט אויף איהם מיט׳ן רוקען, און דער גרעסטער חכם ווען ער שלאָפט, דען זיין געזעלשאַפט מאַכט אייך קראַנק און זיינע טענות שלאָגען אייך צום הארצען. ער איז אַ נודניק.

ער האָט אייך שטענדיג עפּעס צו זאָגען, אָבער איהר האָט קיינמאָל ניט וואָס צו הערען, איהר קענט איהם ניט הערען, דען איידער ער קומט צו דעם עיקר המעשה זיינט איהר פערגעודעט, און דער עיקר גופא איז אַ פּאַרציע נודענים.

ווען ער זאָל אייך דערצעהלען, למשל, זיין אריינפאָהר אין אַמעריקאַ, וועט ער אָנהויבען מיט זיינע עלטערען׳ס תנאים. ער ווייזט אייך שטענדיג דעם לינקען אויער מיט דער רעכטער האַנד, דרעהענדיג איהר אַרום דער פּאַטילניצע, און ער האָט אייך קיינמאָל ניט גענוג גענודעט ביז איהר פאַנגט ניט אָן צו כראָפּען. ער איז אַ נודניק.

ווען איהר קוקט איהם אָן קען ער, דאַכט זיך, קיין צוויי ניט צעהלען; ווען ער עפענט אָבער דאָס מויל, נודעט ער אייך אוועק אין די מיליאָנען און עס אַרט איהם ווי די קאַץ וואָס איהר צורייסט זיך דאָס מויל געגעצענדיג.

מאַנכע מענשען זיינען ניט שטענדיג אויפגעלעגט זיך פאַנאַנדערצו־טענה׳נען, דער נודניק אָבער זוכט שטענדיג אויערען, וואָס זאָלען איהם הערען, און וואָס די אויערען זיינען לענגער איז איהם אַלץ בעסער.

דער נודניק איז ניט בעשרענקט מיט איין מין נודענים. גאָט האָט איהם בעשאָנקען מיט אַלע גייסטיגע מעלות, וועלכע דיענען

איהם צו זיין הויפּט־מעלה: זיין הויפּט־צוועק אין לעבען — צו נודען מענשען.

ער איז אַ שרייבער, אַ קריטיקער, אַ לעקטשורער, אַ כּלל־טהוער און אַ רעפאָרמער. ער נודעט אויף אַלע כּלים און נודעט אייך און אַלעמען, וואָס לאָזען זיך נור.

איהר זיצט און הערט זיינע אַ לעקטשור און בייסט דערביי אַ לימענע, איהר זאָלט ניט חלש׳ען; איהר געהט אַרוים פון די כּלים און וואָלט וועלען אָנפּאַטשען דעם נודניק פאַר זיין חוצפּה צו נעהמען „ניקעלס" פאַר נודען דעם עולם; עס צוברעכט זיך דער הינקעדיגער ביינקעל, אויף וועלכען איהר זיצט און קוועלט זיך, און איהר ממית׳ט זיך אַראָב אַן אויפגעקאָכטער אויף דער נודנער אַנאָנסע פון דער ציימונג, וואָס האָט אייך אַרויפגענודעט אויף אַ פינסטערען אויבער־שטיבעל צו הערען אַ דרשה פאַר וואָס דעקאַדענטישע לינדזען זיינען שפּיציג; איהר ווילט אַרויפלויפען אויף דער פּלאַטפאָרמע, כאַפּען דעם נודניק פאַר אַ פּוס און איהם אַ וואָרף טהאָן צוריק אין ליטא, פון וואַנען ער האָט דאָ אַראָבגענודעט. דאָך, ווי גיך איהר דערזעהט איהם, פערקוועטשט אייך דאָס האַרץ און איהר פיהלט ווי איהם צו געבען פאַר רחמנות אַ שמעק טאַבאַק, ער זאָל זיך אַביסעל אויס־טשוכען, דען דער גאַנצער מענשעל איז בלייך און ווייך ווי אַ סטינקע; איהר דערקענט גלייך, אַז ער איז שוין אַ פּאָאַר מעת־לעת נאָך וועטשערע און איהר קלערט, וואו כאַפּט מען ערגעץ פאַר איהם אַ גלאָז קאַפע מיט אַ בייגעל.

איהר ווערט גלייך אַן איבערגעביטענער. איהר ווערט ממש אַ חבר צו דעם אינדישען געזעץ־געבער בודהא: יענער האָט זיך געלאָזט אויפעסען פון אַ הונגעריגע חיה אין וואַלד פאַר מיטלייד צו גאָט׳ס בעשעפעניס, און איהר וואָלט זיך געלאָזט פערנודען צום טוידט אויס רחמנות צו גאָט׳ס אַ נודניק, וואָס איז געקומען נאָך אַמעריקא מיט אַ כּיון צו פּלאָגען די ניו יאָרקער אידישע גאַסען.

איהר בייט זיך אַזוי איבער, אַז איהר ווערט זיינער אַ חסיד

און גיט זיך איבער אין זיינע הענד: „נודע, ברודער, עס איז א צער אויף דיר צו קוקען". איהר וואָלט זיך, דאכט זיך, פערקויפט פאר א זעלנער אבי איהם צו העלפען און צו מאכען איהם פאר'ן גרעסטען נודניק פון דער זייט ים.

דער נודניק נעהמט אייך מיט זיין רחמנות פנים, מיט זיינע נעבעך־עזיות און זיין פער'דבקה'טע ערנסטקייט. איהר וואָלט פאר איהם דאָן אייניגעס געטהאָן — א רחמנות א מענשען!

איהר קענט, דאכט זיך, זיינע שרייבעכץ ניט לעזען און איהר פערשילט די גאנז, וואָס האָט איהם געגעבען א פעדער, דאָך ווען איהר האָט א בלאט, און ער שיקט אייך אונטער א ליטעראַרישען שדכן, וואָלט איהר איהם פער'קנס'ט מיט א שפּאלט צייטונג און איהם געלאָזט נודען די לעזער; איהר וואָלט מקריב געווען א קאָלומן פון זיינטוועגען — א מיטלייד אויף א נודניק, עס זאָל ער נודען...

איהר זעהט ווי ער דערגעהט מענשען די יאָהרען מיט זיינע יאָלעווע „לעקטשורס". אייך קלעמט דאָס הארץ אויף זיינע נאאיווע קרבנות, וואָס קומען ביי איהם לערנען תורה — אזא פערדאַמטער נודניק! עס איז אָבער דאָך אָן עלענד צו קוקען אויף א צוקראָכען, יאָדערדיג אידעל, און ווען איהר וואָלט גראָד געווען א פּרעזידענט פון א שוהל, און וואָלט געוועהן אָנגעשטויסען אויף קהל, וואָלט איהר געמאכט דעם נודניק פאר א בעל דרשן; זאָל ער מאטערען אידען; כאפּט זיי דער קאדיק!

אויב איהר זייט א באָרדער, פיהלט איהר ווי זיך אָבצורעכענען מיט דער „מיסים" און איהר שיקען צו דעם נודניק'ס א „לעקטשור". זאָל ער איהר נודען, זאָל זי זיך דרעהען א ספּאָדעק און פּרואווען טרעפען וואָס ער וויל... און ווען איהר זייט צופעליג א פער־הייראַטהער מאַן, זייט איהר איבער גליקליך ווען איהר קענט ארויס־פּטר'ן אייער שוויגער ערגעץ אויף אן אויבערשטען עטאזש צו הערען ווי דער נודניק האלט א דרשה איבער דעם שניט פון זיסע

קרעפּלעך לויט דעם תאוה׳דיגען גאַנג פון באַדלער׳ס דעקאַדענטישע ברוסטען.

עס איז אמת, אז מיר, אידען, זיינען ניט די איינציגע אומה אויף דער וועלט, וואָס האָבען נודניקעס; דער ריכטיגער נודניק אָבער געפינט זיך נור ביי אונז. דער נודניק איז כמעט אין גאַנצען אַ אידישער פּאַרשוין. ער איז דער גלות־פּראָדוקט פון אידישען אומעט, פון דעם איינטאָניגען אידישען לעבען, וואָס ציהט זיך ווי פון פּעך און נודעט אַרוים די נשמה.

נודען דעם עולם איז געוואָרען ביי אונז אַ פּראָפעסיאָן. אַ איד אַ שלים מזל, אַ בטלן, פלעגט אמאָליגע יאָהרען ווערען אַ מלמד, איצט ווערט ער אַ נודניק. דאָס הייסט, פריהער ווערט איהם אליין נודנע, שפּעטער נעהמט ער נודען אַנדערע. צום ערשטען נודעט ער ביי זיך אין הויז; דאַן נודעט ער די משפּחה, די בעקאַנטע, די חברה־ברידער, די לאַדזשען־ברידער, די סאָסייעטי־מעמבערס, די קלאָב־חברים און די יוניאָן־קאַמעראַדען, און אַזוי נודעט ער זיך ביסלעכווייז אַריין אין אַ רעדאַקציע; נודעט זיך אַרויף אויף אַ פּלאַטפאָרמע און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערט ער אַ קהל׳שער נודניק און נודעט כל ישראל.

און ביי אונז אידען, קוים ווערט איינער אַ בעקאַנטער נודניק, וועט מען שוין פון איהם ניט פּטור ווערען. ער נודעט אייך צי איהר ווילט, צי איהר ווילט ניט. ער געפינט שוין זיינע חברה, וועמען דאָס לעבען איז מיאוס און זיי זוכען אַ גרינגען, גייסטיגען טוידט און ער איז דערצו דער ריכטיגער מלאך המות. ער דערלאַנגט זיי אַ רעשטעל „סחורה“, נעבען וועלכע זיי פּיהלען אליין ניט ווי זיי געהען אויס און ווערען מכולה...

אין די העכערע מקומות, וואו מענשען לעבען און געניסען, און נוצען אויס יעדען מאָמענט פון זייער הנאה וועגען, האָט מען ניט קיין צייט פאַר נודנעס; אין דעם אָרעמען, אידישען קוואַרטאַל אָבער, וואו די לעבענס־אינטערעסען הינקען, די טעג און יאָהרען

שלעפּען זיך אָהן אַ שטיקעל אמת'ע פרייד, אָהן פערגעניגען, אָהן אַ לעק תענוג — דאָ איז דער נודניק פאַר דער נשמה, וואָס סיראַ־וועטקע פאַר'ן גוף: עס נודעט און ריהרט דאָך אויף אביסעל... און דער נודניק האָט אַ ברייטע פעלד פאַר זיינע נודנע מעשים.

## דער נודניק.

ס'האָט יעדער גייסטיגער פּאַסקודניק
אַ צוטרעט צו דער איד'שער גאַס,
דאָך פון די ערגסטע איז דער נודניק
מיט זיין נשמה'ס נודנע קוואַס.

ער שרייבט, ער לערענט אונז, מסתמא,
ער איז דעם עולם שטאַרק געטריי...
ער נודעט, נודעט די נשמה,
וואָס איז אויף צרות סיי ווי סיי.

ער איז אַ בטלן, אַ מאַרודניק,
אַ גלות־זשוק אויף אונזער מיסט...
ער איז אַ טרויעריגער נודניק
און נודעט אונזער פאָלק אומזיסט.



# דער צופריעדענער

ער איז ניט אוועק פון דער היים ווייל ער איז געווען אונצו־פריעדען מיט רוסלאנד, נור ווייל ער איז געווען צופריעדען צו געהן נאך אמעריקא.

ער האט געהאט צרות מיט'ן אריינקומען אין דייטשלאנד. ער האט געמוזט גנב'ענען דעם גרענעץ א בארוועסער; דאס איז געווען אום ווינטער, האט ער זיך אבגעפרארען א פוס, אבער „גאט צו דאנ־קען! איבערגע'פטר'ט, מען האט ניט געכאפט"...

ער איז צופריעדען.

ער האט געקויפט אין האמבורג א שיפס־קארטע פאר דעם בעסטען שנעל־דאמפפער גלייך נאך ניו יארק, און מען האט איהם גאר געשיקט נאך מאנטרעאל מיט אן אקסען־שיף. ער איז אבער שפעטער דאך געקומען אין עסעקס סטריט. „געלויבט דער אויבער־שטער! אבי אויף אן ארט"...

ער איז צופריעדען.

די רייזע אויפ'ן ים איז געווען סכנות נפשות. דער צווישענ־דעק א שפיטאל. מען קרעכצט, מען יאמערט, מען איז טוידט־קראנק. ער האט זיך שטיל אריינגעשטעקט דעם פינגער אין האלז, האט אבגעטהאן זיין ארבייט און פארטיג. האט אבגעגעבען דעם אקעאן זיין חוב און איז געבליבען א ריינער מענש. „מען קען זיך דאך מיט'ן ים ניט פערהערען. ער איז אי עלטער, אי גרעסער, אי שטאר־קער. איבער'ן הימעל קען מען דאך נאך אמעריקא ניט פאהרען"....

ער איז צופריעדען.

דא האט ער שוין געארבייט ביי אלע מלאכות און געהאנדעלט מיט אלע סחורות און איז שטענדיג געווען צופריעדען. ער האט

קיין מאָל ניט געביטען איין מלאכה אויף א צווייטע, איין מסחור אויף אַן אַנדערען צוליעב אונצופריעדענהייט, פערקעהרט, ער איז געווען צופריעדען און האָט נאָך געוואָלט צופריעדענער זיין. „אַ מענש דאַרף דאָך פּראָבירען מזל... אפשר קען מען זיך נאָך בעסער מאַכען“...

ער איז צופריעדען.

ער איז געוואָרען מיט דער צייט אַן אַמעריקאַנער, אַ בירגער און איז צופריעדען מיט דער רעגיערונג. אָט וועלכע פּאַרטיי עס האָט געוואונען, איז איהם גוט געגוג. „אַלע פּאַרטייען קענען דאָך ניט געווינען... די פּאַרטייען בעשטעהען דאָך פון מענשען, פון קלאָהרע מענשען. ווען זיי וואָלטען געווען משוגע׳נע וואָלטען זיי געלעגען אין אַן אירענהויז; וואָלטען זיי געווען פערברעכער — וואָלטען זיי געזעסען אין געפענגנים און זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק“...

ער איז צופריעדען.

אָט ווי זיין לאָדזשען־מיטינג זאָל זיך פיהרען, האָט ער ניט איינצוּווענדען. ווענען עס זאָל ניט געפעלען, איהם געפעלט. אָפט האָט מען פון איהם גרויסע צרות: ער שטימט אי דאַפיר, אי דאַגעגען. אָט וואָס פאַר אַ פאָרשלאַג מען זאָל נעהמען אָבשטימען איז ער צופריעדען צו הויבען צוויי מאָל די האַנד... „אַ שפּאַס אַן אַרבייט דאָס איז אויפצוהויבען די האַנד!... עס נעהמט אין גאַנצען אַ מינוט און מען איז פאַרטיג“...

ער איז צופריעדען.

ער האָט אַראָבגעבראַכט זיין „אידענע“ נאָך אַמעריקאַ, אָבער ווי דאָס טרעפט אַמאָל, אַגענטען האָבען איהר בעשווינדעלט, איהרע אַלע פּעק זיינען ערגעץ „פערלאָרען געגאַנגען אין דער וועגענס“... זי איז געקומען אָהן קליידער, אָהן וועש און אָהן בעטגעוואַנד, אָט קוים, קוים מיט די ביינער. „זי האָט דאָך אָבער גאָר ניט געקענט קומען אויך... אַ קלייניגקייט אַזאַ נסיעה!“ איצט איז זי מיט איהם.

זיי „זיינען ווידער ביידע צוזאַמען". ער האָט גענומען זאָגן ביי אַ פּעדלער אויף אָבצאָהלען.

ער איז צופריעדען.

מען האָט אָנגעהויבען צו ריידען וועגען אַ סטרייק אין זיין פּאַך. ער איז געווען צופריעדען צו אַרבייטען און צו סטרייקען. זיין שאָפּ איז געווען צוטהיילט אויף צוויי העלפט: סטרייקער און ניט־סטרייקער און ביידע פראַקציעס האָבען איהם גערעכענט פאַר זייערען; ער האָט ביידען געגעבען גערעכט.

— איהר וועט זיך דאָך געוויס ניט לאָזען פערקנעכטען — האָט צו איהם געזאָגט דער אַגיטאַטאָר פון שאָפּ — איהר וועט דאָך ניט אַרבייטען ווי אַ ניגער־שקלאַוו ווען עס איז דאָ אַן אויסזיכט צו געווינען מעהר פרייהייט און אַ בעסערען לוין. עס איז כ׳לעבען כדאי צו מאַכען אַ פּראָבע, ניטאָ וואָס צו פערליערען סיי־ווי־סיי. אַזוי אויף צרות, אַזוי אויף צרות. דורך אַ קאַמפּף וועט מען דאָך מוזען עפּעס געווינען. נו, וואָס זאָגט איהר? קענען מיר רעכינען אויף אייך? זייט איהר אונזערער?

— צופריעדען....

שפּעטער איז צו איהם געקומען אַן אַלטער סקעב פון שאָפּ מיט אַן אַנדער פּזמון:

— איהר בעלאַנגט דאָך ניט צו די טרעמפּס, וואָס ווילען ניט אַרבייטען. חברה קלייבען זיך צו צעהלען די שטיינער אין גאַס. זיי האָבען שוין צו לאַנג געאַרבייט, מען האָט זיי שוין לאַנג ניט אַרויס־געוואָרפען פאַר דירה־געלד. אַ מכה וועלען זיי האָבען אָבער ניט אַ בעסערען באַס ווי אונזערען... איהר האָט דאָך אַ פאַמיליע צו ערנעהרען און וועט געוויס מיט די „צאָנצעליסטען" ניט אַרונטער־געהן. זיי וועלען אייך איינרעדען פויגעלעך אין בוזעם, אָבער איהר זייט אַ שטילער, רוהיגער מענש און וועט געוויס זיין מיט אונז אַרבייטער, וואָס ווילען אַרבייטען... איהר וועט דאָך פּאָזיטיוו זיין מאָרגען פריה צו דער אַרבייט. נו, וואָס זאָגט איהר?

— צופריעדען....

דער צופריעדענער איז א מענש, וואס האט ניט קיין שונאים. אט וואס פאר עולה ער זאל בעגעהן, איז מען איהם מוחל. קיינער נעהמט איהם ניט צו ערנסט און בויט ניט צופיעל אויף זיין מיינונג. ער איז צופריעדען מיט דער וועלט און די וועלט מיט איהם. אט וואס ער טהוט איז גוט און וואויל, און מען האט צו איהם ניט קיין פרעטענזיעס.

ער ווערט אפט איבערגעוואלד אריינגעשלעפט אין די צודולטע קלייזלעך־מלחמות פון אידישען קווארטאל, וואו האלב־געבאקענע און צוגעברענטע פרינציפען־העלדען האלטען זיך אין איין אינטעלעגענ־טעווען. ער דרעהט זיך ארום צווישען זיי, ווי א פערבלאנדזשעטע נשמה. ער איז זיכער, אז זיי זיינען אלע גערעכט, ער איז מיט יעדען צופריעדען. „נישקשה, מענשען שרייען ניט אומזיסט, מן הסתם ווייסען זיי וואס זיי ווילען"... ער פערשטעהט אפילו ניט גאנץ געגנוי וואס דא טהוט זיך, דאכט זיך זיי זאגען אלע דיזעלבע זאך, נאר אביסעל פערדרייטעלט... דער פאנגט אן מיט וואס יענער ענדיגט און אן אנדערער זאגט נאר פון מיטען... ער פערשטעהט זיי ניט געגוי, אבער, „א מענש קען דאך ניט אלץ געגוי פערשטעהן"... ער איז צופריעדען מיט וויפיעל ער ווייס און יעדער אינטעליגענטער אפיציער גלויבט צו האבען אין „צופריעדענעם" א סאלדאט, א שיסער אין זיין ארמעע און זוכט איהם אונטערצורוקען א פייל־און־בויגען צו ציעלעווען אויפ'ן שונא...

איבערהויפט נעהמט אן א געלעכטער צו זעהן ווי דער „צופריעדענער" פרובירט אמאל ווערען אין כעס מיט דעם רבי'ס כח, דען ער אליין האט חלילה צו קיינעם ניט און זיין גרימצארן איז א פרעמדער, א געבארגטער און פאסט איהם ווי אן ארבעס צום וואנד.

עס איז ניטא קיין קאמישערע זאך אין דער וועלט ווי צו זעהן דעם „צופריעדענעם" זיך קאכענדיג ביי אן אינטעליגענטע גלאז

קאווע. וואוילע יונגען העצען איהם כלומר'שט אויף און גיבען איהם אונטער קוראזש צו א היציגע דעבאטע, וועלכע קומט ביי איהם ארויס עפּעס מיט אזא מאָדנעם רחמנות, אז ער פאנגט פּשוט אָן צו וויינען און מאנכער ליץ טראָגט איהם אונטער א סערוועטקע אויסצואווישען די טרעהרען...

ער רעדט, דאכט זיך, געגען אייך און זיינע גוטמוטהיגע אויגען בעטען זיך מיט מיטלייד, איהר זאָלט זיך אויף איהם דערבארעמען און איהם לאָזען צו רוה, וואָרים ער האָט גאָר ניט צו אייך, ער איז נעבעך מיט אייך פאָלשטענדיג איינפערשטאנדען. ער איז א צופריעדענער.

אָפט טרעפט אין דעם אידישען קווארטאל איינער פון יענע סכסוכים, וואָס פערפלאָנטערען אלע אידען און אידענעס, די אידישע שפּראך מיט אידישע צייטונגען אין א ביטערע קיין קאטאָוועסדיגע מחלוקה... דער פעראינטעליגענטעוועטער עלעמענט קען זיך ניט צוטהיילען מיט דער ירושה... עס פאנגט אָן צו רעגענען אין בלעטער מיט „שטימען אוים'ן פאָלק", מיט „אָפענע בריעף" און צוגעמאכטע בריעוולעך, מיט „שטארקע בעווייזע" און שפינוועבס־ארגומענטען, מיט פאפירענע פראָטעסטען און שטרויענע באָמבעס. מען שיסט פון אלע לעכער און שפאלטען. מען „מאכט נעזער", מען „שטעקט ארויס צונגען", מען ווייזט זיך פייגען הינטער די רוקענס, עס טהוט זיך מעשים! יעדע נאָדעל אין א שניידערשען לאץ איז א געשארפ־טער שפּיעז; יעדע שפּילקע אין א ווייבערשען יאקעל איז א סטי־לעטאָ, יעדע שנופּטיכעל — א פאָהן פון אַן אנדער לאגער... יעדער שוסטערשער קאפּול — א הארמאט; יעדער קאָלעקטאָר־ביכעל פון אַן אינשורענס אַגענט — א מלחמה־מאפּ... יעדע שפּייז־קרעמעל, יעדע יאטקע, יעדע בעקעריי, יעדע פיש־קראָם, יעדער קויהלען־קעלער און יעדער שטופּ־וועגעלע איז א „בלוטיגער" קאמפּפּס־פּלאַץ, יעדע־רער איז פול מיט „פייט". דאָס אידישע וועלטעל איז צוטהיילט אין מחנות; די גאסען און געסלעך און טענעמענט הייזער און בריקלעך

זיינגען צוריסען אין שטיקער... ווייבער זיינען ניט איינפערשטאַנדען מיט זייערע מענער און קינדער מיט זייערע עלטערען. דער שרייט, אַז די זיינען גערעכט און יענער שרייט, אַז די אַנדערע זיינען ניט אומגערעכט; דעם „צופריעדענעם" אָבער קימערט דאָס אַלץ ווי דעם נעכטיגען טאָג. ער לייענט זיך „זיין" ציימונג און וויל גאָר ניט וויסען וואָס די אַנדערע זאָגט.

ער איז צופריעדען.

מיט די גרעסטע געדולד און קאַלטבלוטיגקייט לעזט ער זיך פריהער דורך די אַנאָנסען, דערנאָך דעם ראָמאַן, דערנאָך די נייעס, אויב ער האָט צייט לעזט ער דעם לייט־אַרטיקעל... דאָס רוב האָט ער דערצו קיין צייט ניט... ער וויל זיך קיין קאָפּ ניט פּערדרעהען מיט פראַגען און פּראָבלעמען און קאָמענטאַרען. ער לאָזט דאָס פאַר אַנדערע — ער איז צופריעדען.

## דער צופריעדענער.

ער איז אַן אויסנאַהם ביי די אידען,
דעם אונגליק'ס טרויעריגער שפּאַס —
ער איז מיט אַלעם שטאַרק צופריעדען
און איז אין לעבען ניט אין כעס.

ער וועט קיינמאָל די צייהנער קריצען,
קיינמאָל ניט זאָגען עס איז שלעכט.
ער וועט אייך אַלעס אונטערשטיצען
און זעה, ווי וואוילטאָג, איז איהם רעכט.

איהר זאָגט „ס'איז שפּעט": ער געהט זיך לעגען,
פערמאַכט די לאָדען און „גוט נאַכט".
איהר זאָגט „ס'איז טאָג": ער רייבט מדי אויגען,
טהוט אַן תתתונים און ערוואַכט.

עס איז איהם רעכט אין אַלע פּרטים,
ער איז ניט איבעריג פערשפּיצט —
עס האָבען נאָך געקענט די שבטים
פאַר פּרעה׳ן אַרבייטען ביז איצט.

קאָלאָמבוס האָט נאָך ביז איצונדער
געמעגט אַרומזוכען דאָס לאַנד,
וואו העססטער סטריט, מיט איהרע וואונדער,
געוועלטיגט מיט אַ כשר׳ע האַנד...

ער האָט זיך פיינד צופיעל צו מישען,
ער לאָזט דאָס פאַר די גרעס׳רע לייט.
ער גלויבט יעטוויעדער „פּאָליטישען“,
ביי איהם איז יעדערער „אָלל־רייט“.

זיין כלל איז שטענדיג אַ פערשיעד׳נער
פון דעם׳ס, וואָס געהט אַרום געקוועלט.
ער איז אַ מענשעל אַ צופריעד׳נער
און לעבט צופריעדען אויף דער וועלט.



# דער פּרינציפּיעלער

ער איז אַ מענש מיט פּרינציפּען. ער איז פול מיט זיי פון קאָלנער ביז די קאַלאָשען. דער פּרינציפּ הענגט איהם אויף דער נאָז און, אום די וועלט זאָל זעהן, אז ער איז פּרינציפּיעל, ווישט ער זיך קיינמאָל די נאָז ניט אָב...

ער איז איינער פון די עקסטרעמסטע ראַדיקאַלען, זיין פּרינ־ציפּ גרייכט ביז אין ניין־און־ניינציגסטען יאָהרהונדערט אַריין. ער בעלאַנגט צו די הייליגע, בעריהמטע פּרינציפּעלע מאַרטירער, וואָס זיינען אַמאָל געווען ביין אויפּ׳ן בעקער מיט אַ פּרינציפּ, פאַרוואָס דער בעקער האָט אַ סך ברויט און זיי גאָר ניט...

פּרינציפּיעלע בעקער, פלעגט ער טראַכטען אין זיך, האָבען זיך געדאַרפט פעראייניגען און באַקען יעדען טאָג עטליכע שאָק בולקעס פאַר גרינגע אינטעליגענטען, וואָס זיינען ניט געוואוינט פון דער־היים צו אַרבייטען און ממילא שוין פאַסט זיי ניט צו אַרבייטען אין אַמעריקאַ... זיי קענען דאָ ניט ווערען קיין שוסטער, קיין שניידער, קיין קירזשנער און קיין פעדלער. זיי זיינען מענשען מיט אַ פּרינציפּ, פאַר אַזעלכע איז געשאַפען די קאַפע, די לעקטשור־פּלאַטפאָרמע, אָבער ניט דער שאַפּ... מענשען מיט אַ פּרינציפּ, פּרינציפּיעלע מענשען קענען ניט אויסשפּייען די נשמה און בעקער מעגען דאָס וויסען... ווען איך וואָלט געווען אַ בעקער, פלעגט ער ביי זיך בעשליסען, וואָלט איך געבאַקט מיט אַ פּרינציפּ. איך וואָלט פערזאָרגט די אינטעליגענטען מיט פרייע פּוטער־קיכלעך, צוקער־לעקעכלעך, מאַנדעל־ברויטלעך, „עפּעל־פּאַי“, פּיראָזשקעס, פּרעצעלס, חלה׳לעך און קאַלוואַריער ספּאָנדזשקייק.... ווען איך וואָלט געווען אַ בעקער, פלעגט ער ווייטער פילאָזאָפירען אין זיך, וואָלט איך

געבאקט פּרינציפּיעלע בייגעל: מיט קליינע לעכלעך, אָדער גאָר אָהן לעכער. איך וואָלט אויסגעפּילט די לעדיגע ערטער מיט טייג...

ער איז שפּעטער געוואָרען אַ מאַנופעקטשורער און פלעגט דריקען זיינע אַרבייטער מיט אַ פּרינציפּ, אַז וואָס ערגער איז בעסער... ווען די אַרבייטער האָבען געשטעלט פאָדערונגען, האָט ער זיי אַליין אַראָבגעטראָגען מיט אַ פּרינציפּ פון אַלע פּרינציפּיעלע טרעפּ: אָרעמע, שוואַכע אַרבייטער, נעבעך! האָט ער זיי פער־שפּאָרט די מיה צו קריכען אויף די שטיגען... אַ מענש מוז האָבען אַ פּרינציפּ און ער איז אַ פּרינציפּיעלער.

ער האָט דאָ, ווי יעדער איינגעוואַנדערטער אָרעמאַן, געטהאָן אַלערליי זאַכען און איז שטענדיג געבליעבען פּרינציפּיעל. ער האָט פערקויפט צו אָרימע אידישע אַרבייטער אַקציעס, „סטאַקס" פון אַ שמאַליץ־גרוב מיט צוויי פּרינציפּען:

ערשטער פּרינציפּ:

— עט, זאָלען זיך די קבצנים ארויפאַרבייטען, קיין אחריות ניט. זיי מעגען אויך אַ ביסעל אַ לעב טהאָן, נישט־קשה, עס איז דאָ גענוג עשירות פאַר אַלעמען...

שפּעטער, ווען די שמאַליץ־גרוב איז געוואָרען אַ שמאַרץ־גרוב, די קאָמפּאַניע האָט זיך אויסגעקאָמפּאַניעט און האָט אויפגעהערט צו סטאַקעווען און סטאַטקעווען, איז דער פּרינציפּיעלער געבליעבען ביי אַ צווייטען פּרינציפּ:

— זאָלען זיי זעהן, די חמורים, די פאַלשקייט פון דער היינטי־גער געזעלשאַפט, ווי מען נאַרט זיי אָב, ווי מען „נעהמט זיי אויף זיכער", ווי מען שווינדעלט פון זיי אַרויס די אָרעמע, עטליכע גראָשען... זאָלען זיי ווייטער וויסען ווי זיך צו היטען... מיין פּרינציפּ איז אויפקלערען די מאַסען.

ער האָט פערקויפט די אָרעמע לייט פּאָרטאָפּיאַנעס אויף אָב־צאָהלען און זעלבסטפערשטענדליך, אַז ער האָט דאָס געטהאָן מיט אַ פּרינציפּ:

— מיינט ניט חלילה — פלעגט ער שרייען — אז איך טהו דאָס צוליעב פּרנסה, אז איך זוך דאָ „קאָמישען״! אזאַ זאַך זאָל איך גאָר קיינמאָל ניט ארויף אויף דער מחשבה! ביי מיר איז געלד הפקר! בלאָטע ווערטה, איך קען מאַכען אַ לעבען פון טויזענד אַנדערע זאַכען, ביי מיר איז דאָס ערשטע דער פּרינציפּ:

— דאָס לעבען פון דעם איד, פון דעם אידישען אַרבייטער, איז אַ שטיק אומעט, וויל איך איהם אַביסעל פרעהליך מאַכען. פאַרוואָס זאָל טאַקע אַן אַפּרייטאר׳ס אַ „אידענע״ אָדער אַ קינד זיך ניט טויגען צו דער פּיאַנאָ? עס שאַדט ניט. אַן אַפּרייטערקע איז בלעבען פּונקט אזאַ פּריצ׳טע ווי וואַנדערבילדיכע, גולדיכע, מאָרגאַניכע אָדער ראָקפעלעריכע. מיין פּרינציפּ איז גלייכהייט און פרעהליכקייט. יאָ, גלייכהייט פאַר אַלע מענשען און אַלע ווייבער... דער מאַן האָצקעט זיך אַ גאַנצען טאָג ביי דער מאַשין אָדער ביים שטופּ־װעגעלע, טאַ זאָל איהם טאַקע זיין אידענע, צי זיין טעכטער׳ל, באַלד נאָך דער וועטשערע אויפשפּיעלען די „מאַרסעליעזע״, די „התקוהת, דאָס „פּעקעלע״ אָדער „סאָם באַדי וואָז דהער בעפאָר״...

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דער פּרינציפּיעלער פערקויפט פּרינציפּיעלע לאָטס אין אַ זומפּ מיט קאַמארעס, ער האָט זיי, ווי געוועהנליך, פערקויפט מיט אַ פּרינציפּ, אויפ׳ן פּרינציפּיעלען אופן.

— איך פערקויף די קבצנים זומפּינע לאָטס — פלעגט ער זאָגען — כדי זיי זאָלען ניט קענען ווערען קיין לענדלאָרדס... איך האָב פיינט אַ לענדלאָרד ווי אַ קאַקערוטש. יעדעס מאָל וואָס איך גיב דירה־געלד פערקוועטשט מיר דאָס האַרץ, אַז איך שטאַרב אַוועק... פערקויף איך, הייסט דאָס, זומפּען כדי ניט צו פערמעהרען קיין לענדלאָרדס און דער פּרינציפּ איז אַ ריכטיגער: ערשטענס, וועלען זיי אויף אַזעלכע לאָטס ניט קענען בויען. זיי וועלען אויף זיי ניט קריעגען קיין „בילדינג לאָון״ (בוי־הלואה); צווייטענס, וועלען זיי דאָרט אַליין אויך ניט וועלען בויען, אויב זיי זאָלען שוין אפילו יאָ בויען, וועלען זיי דאָס ניט קענען פערדינגען, אויב זיי

זאָלען יא פערדינגען, וועט מען זיי ניט צאָהלען קיין דירה־געלד, און אויב מען וועט זיי יא צאָהלען דירה־געלד, וועלען זיי דאָס מוזען אוועקגעבען דאָקטוירים און בלייבען ביי קדחת...

— ביי מיר איז אַ פרינציפּ, אַז מיר האָבען גענוג קאַפּיטאַליסטען, צופיעל, מען דאַרף ניט מעהר, איך אַרבייט מיט אַלע כחות צו פער־מיידען זייער צואוואוקס. אַ מענש דאַרף לעבען מיט אַ אידעע, ער דאַרף האָבען אַ פּרינציפּ...

ער האָט אַ קורצע צייט, איידער ער האָט געקראָגען אַ רעכטען געשעפט, פערקויפט שמעק־טאַבאַק, אבער אויך מיט אַ פּרינציפּ. זיין הויפּט־אידעע איז געווען, לויט ווי ער אַליין ערקלערט, צו האַלטען די מענשען וואַך, זיי זאָלען ניט איינשלאָפען.

אָט זיינען זיינע אייגענע ווערטער:

— מיין פּרינציפּ איז צו זעהן דער עולם זאָל שמעקען... דאָס פאָלק זאָל זיך געוועהנען צו נוצען זיין „שמעקער", דען נור אויף אַזאַ אַרט קען ער דערשמעקען דעם ריח נחות פון דער איצטיגער סיסטעם... עס ליעגט אָפּטמאָל מעהר פּרינציפּ אין אַ טאַבאַק־פּושקע ווי אין אַ טוץ פערשלאָפענע „לעקטשורס" אָדער צוגעלעגענע אַגיטאַציאָנס־רעדעס. זאָלען זיך די אַרבייטער און אידען בכלל איינגעוועהנען צו גוטע שמעק־טאַבאַק, דען נור דורך ניסען קומט מען צו געניסען, יא, וואָס מעהר „גענאָסען" אַלץ מעהר פּרינציפּ, מעהר וואַכזאַמקייט, מעהר האָפנונג אויף דער צוקונפט... די נאָז איז ניט אַרויפגעזעצט געוואָרען אויפ'ן פּנים פון חן וועגען; די אידישע נאָז געווים ניט. מען מוז איהר ניצען. מיט יעדער מאָל שטעקען די נאָז אין טאַבאַקערקע איז אַלץ מיט אַ שמעק נעהענטער צו דער גאולה...

ער האָט זיך איינמאָל בעשלאָסען אריינצוגעהן אין דעם מסחור פון הויזען, נור אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט געפינען אין זיי אַזוי גיך דעם ריכטיגען פּרינציפּ, האָט דאָס איהם געדויערט אַביסעל לענגער. ענדליך איז ער דאָך אַריין אין די הויזען מיט אַ פּרינציפּ:

— איך פערקויף „אונטערשטע“ צו אָרגאַניזירטע אַרבייטער — האָט ער ערקלערט — מיט אַ פּרינציפּ: איך ווייס, אַז אָהן דעם דאָזיגען מלבוש וועלען זיי ניט קענען „מאַרטשען“... אַלס פּרינציפּיעלער מענש וויל איך זעהן אידען זאָלען מאַרשירען דורך די „איסט סייד“ און קיינער זאָל ניט לאַכען... שטעלט זיך פאָר אַ מאַרטש אויף ראָטגערס סקווער, טראָגענדיג די קלאָגעדיגע אַמעריקאַנער קורצע רעקלעך און פאַר־צוויי־יאָהריגע אויסגעריבענע תחתונים, במחילה!... דאָס קען דאָך פיהרען צום גרעסטען בזיון. אַנטי־סעמיטען און קאַפּיטאַליסטען וואָלטען דאָך געלאַכט אין די פויסטען... איך פערקויף הויזען פון פּרינציפּיעלען שטאַנדפּונקט.

דער פּרינציפּיעלער איז ניט געבליבען אָהן אַ פּרינציפּ אפילו דאָ, ווען ער האָט פערקויפט געדרוקטע „שיר המעלות׳ן“. ער פלעגט אַרומפּעדלען מיט זיין סחורה צווישען פּאָרטגעשריטענע פאַמיליעס און אָט ווי טשיקאַווע ער פלעגט ערקלערען זיין פּרינציפּ:

— איך ווייס —פלעגט ער צוגעבען — אַז איהר גלויבט ניט אין שדים, שוואַרץ־יאָהרען און ניט־גוטע. איך גלויב אויך ניט אין זיי. אינטעליגענטע מענשען גלויבען ניט אין נאַרישקייטען... איך ווייס איבערהויפּט, אַז דער טייפעל וועט אַ „אידענע“ ניט נעהמען, אפילו ווען זי ליעגט אין קינדבעט... איך פערקויף גאָר „שיר המעלות׳ן“ מיט אַ פּרינציפּ: זאָל זיך די וועלט צוגעוועהנען צו דעם געדאַנק, אַז עס זיינען דאָ אין דער מענשליכער געזעלשאַפט אוועלכע שדים, וואָס טשעפּען זיך צו ווייבער און מאַכען אָן גרויסע צרות... זאָלען זיך אונזערע אידישע מאַסען אַריינלעבען אין דער מחשבה, אַז זיי דאַרפען האָבען אַ שמירה, כאָטש דערווייל אַ פּאַפּיערענע. שפּעטער, ווען מיר וועלען פערשטעהן דעם פּרינציפּ פון אַלע פּרינציפּען, וועלען מיר ניט דאַרפען קיין „שיר המעלות׳ן“, אפשר קיין העבאַמעס אויך ניט; די קינדער וועלען דאַן האָבען גענוג שכל אַליין צו קומען, זיי וועלען שוין געבאָרען ווערען מיט פּרינציפּ. אַ ווייבעל וועט זיך אַ זאָג טהאָן צו איהר בעשערטען:

„הער, חיים, איך לעג זיך אין קינדבעט!“ און זי וועט שוין ליעגען און לאכען...

— דערווייל אָבער דארפען מיר האָבען „שיר המעלות'ן“. מיר דארפען זיי אויך פון נאציאָנאלען פרינציפּ. א חוץ אַלע זאכען איז א „שיר המעלות“ א גייסטיגע ציערונג, א נאציאָנאלע שטיק מעבעל, איינע פון די „פאָלקסטהימליכע“ זאכען, פון אונזערע טראדיציאָנעלע צאצקעס — דאָס איז דער אידישער שטאָלץ, דער אויפטהו פון אונזערע אַלטע, פון די ערשטע, די טאטעס אונזערע... א „שיר המעלות“ איבער א אידישע געווינערין איז א געווינס פאר'ן אידישען פאָלק און פאר דעם העכסטען פרינציפּ פון דער מענשהייט...

אָט אזוי האנדעלט און לעבט אונזער פרינציפּיעלער העלד מיט לויטער פרינציפּען. ער האָט געפונען א פרינציפּ האנדלענדיג מיט פינאָטס, מיט גרינע זייף, מיט שוים־פּאַפּיער, מיט רעגס, מיט בעבלעך, מיט גאָוער־פּארטוכלעך, מיט שוועמלעך, מיט שטיוועל, מיט לאָקשען־ברעטער, מיט קאָרסעטס, מיט הושענות, מיט זאָטעלס און מצה שמורה...

### דער פרינציפּיעלער.

ער האָט אין זיך קיין ברעקעל פעהלער,
איהם חושד זיין איז משוגעת.
ער איז דער אמת־פּרינציפּיעלער,
די צאַצקע פון דער איד'שער גאַס.

ער האנדעלט מיט פערשיעד'נע זאכען,
דאָך בלייבט ער אַלץ דער זעלבער טיפּ,
ער איז אַ מענש אין אַלע פאַכען:
אַ פיינער מאַן מיט אַ פּרינציפּ...

# דער פֿאַרזיכטיגער

ער וועט ניט געבען אַן אָרעמאַן אַ סענט, ביז ער וועט ניט וויסען גענוי װער און װאָס יענער איז, פֿון וואַנען ער קומט, וואו ער וואוינט און ווי אַזוי יענער רעכענט דעם סענט צו געברויכען.

ער איז אַ פֿאָרזיכטיגער.

— טאָמער נאַרט יענער אָב; טאָמער איז גאָר יענעם קיין נויט ניט; טאָמער וועט חלילה העלפֿען דער סענט יענעם זינדיגען און וועט פֿערשוועכען די קדושה פֿון רחמנות... יאַ, טאָמער, טאָמער און טאָמער... מען מוז זיין פֿאָרזיכטיג.

דאָך כמעט שטענדיג געפֿינט ער אויס, אַז ער האָט געהאַט אַ טעות, אַז דער סענט איז אָנגעקומען ניט אין די ריכטיגע הענד. אַן אומגליק! ער איז ניט גענוג פֿאָרזיכטיג געווען...

גיט מען איהם אַליין אַמאָל אַ סענט רעשטע, וועט ער דעם סענט טויזענד מאָל קעהרען פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער, בעקוקען און בעטאַפּען:

— אפשר איז דאָס אַן אָבגעריבענער הויזען־קנעפּעל; אפשר איז דאָס אַ שטיק רויטע בלעך; אפשר איז דאָס אַן „אויסגעלאָ־פּענע“ מטבע; אפשר פֿון אַן אַנדער מדינה. יאַ, אפשר, אפשר און אפשר.

ער איז אַ פֿאָרזיכטיגער.

אָבער עפּעס פּונקט ווי אַ כשוף האָט ער שטענדיג אין בייטעלע עטליכע מטבעות, אויף וועלכע ער „קען ניט קלוג ווערען“ וואָס זיי זיינען, וואָס קיינער וויל זיי ניט נעהמען. מען קען זיי ניט אויס־געבען כאָטש נעהם און פּלאַץ...

— צום טייפעל! ער איז ניט גענוג פֿאָרזיכטיג.

דרויסען מעג ברענען די היץ ווי פייער, אז מענשען זאָלען געהן אָהן רעק און אָהן היטלען דורך די גאַסען; דער הימעל מעג זיין טיעף בלוי, אָהן דעם מינדעסטען פלעק, ער אָבער וועט געהן מיט א רעגענשירם:

— עס קען פּלוצלינג א בליאַפּ טהאָן א רעגען. עס קען פון דער העלער הויט נעהמען גיסען ווי מיט עמער, דאָס האָט שוין א סך מאָל געטראָפען, דאָס טרעפט שטענדיג.

— מען מוז זיין פאָרזיכטיג.

אבער פונקט ווי אויף צופוקענים רעגענט עס גראָד דאַן, ווען ער פערגעסט דעם שירעם אין דער היים און ער קומט צוריק דורכ־געווייקט, כאָטש אויסצודרעהען.

— דער שוואַרץ־יאָהר וויים! ער איז גאָר ניט פאָרזיכטיג.

מען האָט איהם גערעדט שדוכים, פערשיעדענע שדוכים, מיט מיידלעך און מיידען, ווייבלעך און ווייבער פון אַלערליי געשטאַלטען און צושטאַנדען. מאַכנע שדוכים זיינען געווען פונקט ווי געוואונ־שען. ער איז געווען צופריעדען מיט די כ ל ו ת און די כלות מיט איהם; עטוואָס בעסערעס האָט ער זיך גאָר קיינמאָל ניט פאָר־געשטעלט, ווי עס פלעגט אָבער קומען צום רעכטען עיקר, צו געבען דער כלה מתנות און מאַכען אַן אָברייד, פלעגט ער פּלוצלינג אויס־טריקענען און ניט ווערען.

— מאַלע וואָס פאַר דער חתונה איז גוט און וואויל! מאַלע וואָס עס פאַסט ווי אויסגעשאָסען! וועלכער שדוך פאַסט דאָס ניט פאַר דער חתונה? וועלכע מיידעל, יאַ, וועלכע נקבה איז דאָס שלעכט פאַר דער חופּה, איידער מען פערדרעהט זיך א מח? מען מוז זיך גוט אויסרעכענען, איבערלעגען, מישב זיין, א מענש מוז זיין פאָרזיכטיג.

ער האָט ביי טויזענד שדכנים די אָבזאַצען אויסגעקרימט; די פּאַדעשוועס צולעכערט און די מאַרך פון קאָפּ אויסגעטריקענט מיט זיין פאָרזיכטיגקייט, און ווען עס האָט שוין געהאַלטען אויף

א „דרך“, אָט־אָט ער ווערט א בעל־הבית׳ל, איז ער גאָר פון דאָס נײַ פאַרזיכטיג געוואָרען.

דער סוף איז געווען, אז ער איז ארײַנגעפאַלען אויפ׳ן ריכטי־גען שטײַגער. דער גאָט פון פאַרזיכטיגקייט האָט איהם צוגעשאַרט א פלוגית׳טע, מיט וועלכע ער מוז אָנגעהן זעהר פאַרזיכטיג, אויב ער מיינט נאָך צו לעבען...

— כאַפּט דאָס דער רוח, ער האָט געדאַרפט זײַן אביסעל פאַר־זיכטיגער !...

ער איז שוין איבער א פערטעל־יאהרהונדערט אין אמעריקא, ער איז דאָ געקומען נאָך אַלס אינגעל; ער איז איינער פון די הויפּט־בעוועגער פון אַלע בעוועגכצען אין דעם ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל פון די „איסט סייד“. אָט ווי עס עפענט זיך נור א נײַ קלייזעל, געהט ער באַלד קושען די מזוזה, קומט ער באַלד זאָגען „מה טובו“... אבער קיין מיטגליעד איז ער נאָך אין ערגעץ ניט געוואָרען, — ער איז פאַרזיכטיג.

ער הערט מאנכעס מאָל א לעקציע איבער א געגענשטאַנד און הויבט זיך פאַר בעגײַסטערונג; ער פּאַטשט „בראַוואָ“ און פרעגעלט זיך פאַר נחת, ווי א געבראָטענער לאָקשען־קוגעל. נאָך דער לעקציע שטופּט ער זיך דער ערשטער צו געבען א שלום עליכם דעם „לעקטשורער“, איהם צו דריקען די האַנד און דערלאַנגען זײַן וויזיטנע קאַרטעל. קויב אָבער זאָלט איהר איהם שפּעטער א פרעג טהאָן מכח די לעקציע, ווי זי געפעלט איהם, ווי דער רעדנער געפעלט איהם, וועט ער זיך קרימען און קוועטשען, און רונצלען דעם שטערן און ניט זאָגען קיין מיינונג...

— א שכל־מענש רוקט זיך ניט באַלד מיט מיינונגען, עס איז גלייכער, אז מען ווייס אַליין, זאָל זיך יענער טראַכטען וואָס ער וויל, מען מוז זײַן פאַרזיכטיג.

זיינע קעשענעס זיינען אימער אָנגעפּאַקט מיט אַלערליי אידישע צייטונגען; ער פערדרעהט אָבער די בלעטער אזוי די קעפּ, ער האַלט

זיי אויף אזא אַרט צונויפגעלעגט, אַז קיינער זאָל ניט קענען זעהן און ניט וויסען, וואָס ער לייענט:

— עס לוינט זיך ניט; עס טויג ניט; עס איז ניט פּראַקטיש יענער זאָל וויסען וואָס מיך אינטערעסירט, מען דאַרף זיין פאַר־זיכטיג.

צום שלים־מזל אָבער פערגעסט ער אָפט אין וועלכע קעשענע ער האָט געלעגט דעם שליסעל, אָדער דאָס בייטעלע, אָדער דאָס מעסערל און זוכענדיג שלעפּט ער אַרויס אַלע בלעטער מיט אַמאָל און ער פאַנגט זיי ווידער אָן אַריינצושטופּען אין די קעשענעס מיט די קעפּ אַראָב...

— פערכאַפּט זאָל דאָס ווערען! עס איז שווער פאָרזיכטיג צו זיין.

ער האָט זיך אַלס „גרינער" געלערענט זיין אַן אַפּרייטאָר און דער פאָרזיכטיגסטער אָפּרייטאָר איז ער געווען. ער פלעגט מורא האָבען אָבצורייסען די אויגען פון דער מאַשין, ער פלעגט ניט אַ דרעה טהאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט:

— מיט אַ מאַשין שפּיעלט מען זיך ניט, ווען מען זאָל אַוועק־קוקען קען נאָך חלילה עפּעס פּאַסירען. מען מוז זיין פאָרזיכטיג.

ווי אויף להכעיס אָבער פלעגט ער זיך אַלע קורצע ווייל־ע אַריינהאַקען אַ נאָדעל אין פינגער און די „שאַפּ" האָט געציטערט פון זיינע קולות. מען האָט איהם שוין אַזוי גוט געקענט אין די אידישע אַפּטייקען, דאָס קוים האָט מען איהם דערזעהן דורכ'ן פענסטער פון אַן אַפּטייק, האָט מען זיך שוין געכאַפּט צום פּעקעל באַנדאַזשען צו פערבינדען דעם פאָרזיכטיגענ'ס פינגער.

— דער קלאָג ווייס דאָס! ער איז נאָך אַלץ ניט פאָרזיכטיג גענוג.

אין די שפּעטער איז דאָס איהם אַלץ אַזוי געגאַנגען, ווי מען זאָגט, „מיט די פוטער אַראָב", ביז מען האָט איהם איין מאָל אַ פינגער אין גאַנצען אַרונטערגענומען, און ער איז גאַנץ פאָרזיכטיג

געוואָרען אויס אפּרייטאָר און איז געוואָרען אַ פאַרזיכטיגער פּעדלער.

ער איז געווען דער פאַרזיכטיגסטער „פּושקאַרט"־פּעדלער, וואָס האָט ווען עס איז געשטופּט אַ וועגעלע דורך די אידישע גאַסען.

— אַ פּושקאַרט אין אָפענע גאַס, אין אַ מאַרק־פּלאַץ, איז אַ מזיק. מיט אַ פּושקאַרט מוז מען זיין פאַרזיכטיג, גאָט זאָל שומר ומציל זיין וואָס עס קען פּאַסירען. בערעכענט נור אַלץ, וואָס עס טהוט זיך דאָרט! וועגען, אָטאָמאָבילס, פּאָליסלייט און דער „קאַדעק" וויים וואָס נאָך! פאַרזיכטיגקייט איז די הויפּטזאַך, נור מיט פאַרזיכטיגקייט קען מען שטופּען אַ „קאַרט" דורך דעם משוגע׳־נעם הו־האַ פון די משוגע׳נע צומישענים שונא ישראל...

ער פלעגט האַלטען אין איין אויפמערקזאַם מאַכען די איבעריגע פּעדלער אַרום איהם זיי זאָלען זיך היטען, קיינעם אָבער האָט ניט געטראָפען אַזוי פיעל סבות, ווי איהם. אַלע וועגענער פלעגען איהם פּערטשעפּען, אַלע צרות פלעגען מעהרסטענס איהם טרעפען און יעדען טאָג האָט געקאָכט דער מאַרק מיט זיינע אַ געשעהענים.

אָט לויפט אַ פערד מיט אַ בינטעל שלייקעס אויפ׳ן קאָפּ און ווער יאָגט זיך נאָך איהם? — דער פאַרזיכטיגער. דאָס האָט אַ פערד אַ חוצפה׳ניק אַריינגעשטעקט דעם שנוק דוקא ביי איהם אין די סחורה...

אָט ליגט אַ פּושקאַרט ראַקום, במחילה, מיט די פיסלעך אַרויף אין רעכטען מיטען רינשטאָק. אַרום ליגט איבערגעקעהרט אַ „סטאַק" מיט קאַפּעלושען, קראַוואַטען, „דאַיפּער פּינס", פינגערהוטען, קאָלנער־קנעפּלעך, בענש־ליכט־לייכטערלעך, גומענע קאַלאָשען אַ. ז. וו. און ווער שטעהט אין מיטען פון די אַנדערע פּעדלערס געלעכטער און ברעכט די הענד? — דער פאַרזיכטיגער.

אָט בויגט זיך אַן עדה אידען, אין מיטען גרענד סטריט, איבער אַ צובראָכענעם טאָפּ און שמעקט טאַבאַק. דערביי שטעהט

אַ איד פערשמירט און פערשוויצט און קראַצט זיך מיטביידע הענד אונטערן היטעל און קרימט זיך.

דאָס האָט דער פּאַרזיכטיגער צוגעבראַכט אַ „דזשאַר“ מיט שמעק־טאַבאַק, וואָס ער האָט ארומגעפיהרט צו פערקויפען און עס האָט צופעליג פּאַסירט די מעשה. און פּאַסירט האָט דאָס גראָד פּונקט שבת אין דער פריה, ווען פרומע, אָרטאָדאָקסישע אידען זיינען געגאַנגען פון דאַווענען און יעדערען האָט גע'חלש'ט דאָס האַרץ אַ שמעק טאַבאַק, און דערזעהענדיג די געלעגענהייט האָבען זיי זיך איינגעבויגען און געשמעקט מיט ביידע נאָז־לעכער און דער פּאַר־זיכטיגער איז נעבעך געשטאַנען אין געהאַקטע וואונדען און געקוקט ווי אידען האָבען אַן אומזיסטען עונג שבת...

ער האָט געוואוסט, אז אַ גאַס־פּעדלער טאָר ניט שטעהן מיט אַ „פּושקאַרט“ אויף איין אָרט מעהר ווי פינף מינוט. ער פלעגט נאָך אפילו אזוי פיעל אויך ניט שטעהן. ער פלעגט האַלטען אין איין ארומפאָהרען. קיין צוויי מינוט אויף אַן אָרט ניט געשטאַנען:

— אַ פערדאַמטע באַנדע אָט די בלאָהע רעק, רוצחים, באַנדי־טען, גזלנים זיינען זיי, עס לוינט ניט אריינצופאַלען אין זייערע לאַפּעס. בעסער, אַז מען איז פּאַרזיכטיג.

מיט וועמען אָבער פלעגען די פּאָליסלייט שטענדיג געהן געאַרעמט צום „סטיישאָן־האוז“? — מיט דעם פּאַרזיכטיגען.

זיי האָבען איין מאָל, די רשעים, אום ערב פּסח, אויסגעקעהרט זיין „פּושקאַרט“ מיט הגדות אין מיטען גאַס און איהם, מיט דער לעדיגער קרעמעל, האָבען זיי מיטגענומען מיט זיך. די הגדות זיינען נעבעך געלעגען אויפגעקאַשערט — איינע מיט אַ בלאַטיגען „חד גדיה“, די אַנדערע מיט אַ פערפּאַטשקעטען „מה נשתנה“, אַ דריטע מיט אַ צוטרעטענעם „חכם“, אַ פיערטע מיט צופיצעלטע „מכות“... דאָ האָט זיך געוואַלגערט די „מעשה“ פון די „בני ברק“ און דאָרט איז אַן „איירישער“ בעל־עגלה, אַ „בצימ'ער“, אריינגעפאָהרען אין ר' יהודה'ס „סמנים“... און דער פּאַרזיכטיגער אַליין האָט נעבעך ביז

דעם „סדר“ געמוזט „ז י צ ע ן“, ווייל ער איז ניט פֿאַרזיכטיג געוועזן און איז אויף איין אָרט צו לאַנג ג ע ש ט אַ נ ע ן.

## דער פֿאַרזיכטיגער.

ער רעדט ווי פֿאַרזיכטיג צו זיין:
„אויל’ניס איז אַ גרויסע צרה“,
און אימער צו פֿאַלט ער אַריין,
אימער ווערט ער די כּפּרה.

„דאָס גיכקייט“, זאָגט ער, „גיט קיין רוה
און פֿערשאַפֿט נור שווערע פּיינען“,
דאָך וואו דער „חכם“ ריהרט זיך צו,
וועט די זון שוין מעהר ניט שיינען.

זיין „פֿאַרזיכט“ שאַפֿט איהם אימער צער,
ער האָט דורך איהר שוין פֿיעל געליטען.
ער איז אַ פֿאַרזיכטיגער נאַר,
וויס אַ פֿייג זיך ווי צו היטען.

יא, פֿאַרזיכט דאָ און פֿאַרזיכט דאָרט,
פֿוי! עס עקעלט, אַ חלשות!
דאָס איז ביי’ם שוטה בלויז אַ וואָרט,
וועלכער האָט ניט קיין ממשות.

און אונזער העלד מיט זיין געשווינק,
מיט זיין „פֿאַרזיכט“ מאַכט נור לאַכען.
ער איז אַ פֿאַרזיכטיגער „קריינק“,
אַ „יאָלד“, נאָך אַלע זיעבען זאַכען.

# דער פּעסימיסט

איהם איז אַמאָל געווען אזוי היים, אַז ער פלעגט זיצען ווינטער כמעט אָהן אַ העמד אין אַ ניט־געהייצטע דירה. ערשטענס, ווייל ער איז אַליין געווען זעהר היציג, ממש דער „סטים היטער" פון אידישען קווארטאַל, וואָס האָט געוואַרעמט די „בעוועגער" פון דער דעמאָלטדיגער „בעוועגונג", און צווייטענס, ווייל ער האָט טאַקע — ניט פאַר קיינעם געדאַכט — ניט געהאַט קיין העמד און קיין קויהלען.

איצט איז ער בעז אויף היץ און וואַרעמקייט, אַז ער קען צומאָל ניט זעהן ווי אַ טעפּעל קאָכט זיך, און אַליין איז ער געוואָרען אַזוי קאַלט, אַז ער קען זיך ניט דערוואַרעמען פון דעם הייסעסטען צייטונגס ארטיקעל.

ער טראָגט דעם אַייז־ים אין בוזים־קעשענע און פיהלט אַ צוג־ווינד אינווענ‍יג און דרויסען — ער איז אַ פּעסימיסט.

אַמאָל פלעגט ער זיך אָנצינדען פון יעדע קלייניגקייט, איצט איז ער ווי אַ נאַסער שפּאָן, וואָס מען קען בשום אופן ניט אָנ־פייערען, און וואָס מעהר מען ברענט איהם, אַלץ מעהר רויכערט ער זיך... ער איז אַ פּעסימיסט.

פאָהרענדיג נאָך אַמעריקא איז ער געווען דער היציגסטער פּאַסאַזשיר אויפ'ן שיף. ער האָט זיך געטומעלט און געוואָרפען ווילדער ווי די כוואַליעס. אָפט האָט זיך געדאַכט, אַז ער צופּרעגעלט דאָס דעם ים מיט זיינע היציגע טענות, און אַז אָט־אָט ועט דאָס דערלאַנגען אַ ליאַפּ אויפ'ן דעק אַ פּאַליע הייסע וואַסער און אָב־בריהען די מאַטראָזען מיט'ן שיפס־קאַפּיטאַן, אָדער עס וועט אַריינ־

שליידערען דעם לויתן אן אבגעקאכטען צו די קבצנים אין צווישען־דעק...

איצט בלאזט ער אויף קאלטע באטשווינע און פערמעקט אין לוח דעם חודש תמוז; ער קרימט זיך א פערזויערטער אויפ'ן חנוכה־לעמפעל און דערשרעקט זיך פאר אן אבגעריבענע שוועבעלע — ער איז א פעסימיסט.

באלד ווי ער איז דא אנגעקומען האט ער א קוק געטהאן א „פערברענטער" אויף די לאנגע נאז פון דער סטאטוע דער פרייהייט... ער האט שיער פערסמאליעט קעסעל־גארדען פאר דער חוצפה איהם דארט צו פרעגען ווי ער הייסט — עפעס גאר ווי אין רוסלאנד, אפשר א פאספארט, הא?... שפעטער האט ער אנגעמאכט א היץ אין ארטשארד סטריט מיט זיין פייערדיגע אגיטאציע.

איצט איז ער קאלט ווי א סענזאציע פון א נעכטיגע צייטונג: זיינע אויגען זיינען שנעע־האלקעס; זיין הארץ — א גליטש, אויף וועלכען די געפיהלען זיינען אומגעפאלען און ליעגען מיט די רוקענס ארויף, זיך האלטענדיג פאר די צוקלאפטע ערטער במחילה... זיינע מיינונגען זיינען אייז־ליכטלעך, וואס די זון פון האפנונג קען ניט צושמעלצען, און זיינע ארגומענטען זיינען טשאד און קאטער. ער איז א פעסימיסט.

ער בלאנדזשעט ארום אין דעם אידישען קווארטאל ווי א פערגעסענער נאמען פון אן אויסגעשפיעלטע „היסטארישע אפערא" פון דעם ערשטען אידישען באווערי טהעאטער, וואס איז געשטארבען צוזאמען מיט זיין רעפערטואר און קריעגט נור אן הזכרת נשמה אין דער „נארישער וואך" פון אידישען טהעאטער.

די, וואס האבען דעם פעסימיסט ניט געזעהן זייט דעמאלט, ווען ער האט נאך געקוקט דורך רויטע שפאקולען און האט געטרונקען די שטארקסטע טהעע מיט „לעמען" אין די אינטעליגענטע קאפעס, יא, די, וואס האבען איהם פערלוירען פון בליק, ווען זיי דערזעהען איהם אין זיין איצטיגע קאלטקייט און פערביסענקייט, ווערען זיי

אזוי איבערראשט, אז זיי הויבען אָן צו צווייפלען, אויב זיי אליין זיינען ניט קיין אַנדערע, און קוקען אין שפּיעגעל, אויב זיי וועלען זיך דערקענען.

איהר ווילט אָפּט דעם פּעסימיסט דערוואָרעמען און פּאַנגט איהם אָן רייבען און מינטערען מיט זיינע אייגענע אַמאָליגע ויכוחים, אָבער ער קוקט אייך אָן קאַלט און רוהיג ווי דער נאָרד-פּאָל, אַז איהר דערשרעקט זיך פאַר איהם און בעט גאָט ער זאָל מאַכען אַ מיטעלמעסיגע טעמפּעראַטור, אַז די קוועקזילבער אין אייער גייסטי-גען טערמאָמעטער זאָל ניט שטייגען צו הויך און ניט פאַלען צו נידעריג — איהר זאָלט חלילה ניט ווערען קיין פּעסימיסט און ניט דאַרפען פערלייקענען אייער אייגענע נשמה.

דער פּעסימיסט איז אייגענטליך אַ געשטאָרבענער פאַר דער אידישער גאַס, כאָטש ער געהט נאָך דאָרט אַרום. ער האָט קיין ברעקעל אינטערעס אין איהרע קעמפּפע, שטרעבונגען, האָפנונגען און חלומות; אבער אין גאַנצען קען ער זיך דאָך פון איהר ניט בעפרייען, און כאָטש ער וואויהנט דאָרט גאָר ניט מעהר, דאָך בלוקענאַיעט ער זיך דאָרט אַרום ווי אַ גלגול, אַ שפּוק, וואָס קומט אויף די ערטער, וואו ער האָט אַמאָל געלעבט, צו שרעקען די לעבעדיגע, זיי צו ווייזען, אַז עס איז ניטאָ קיין תקומה אפילו נאָכ'ן טויט...

ווען די אידישע גאַס מאַכט אָפּט אַ פּלאַן פאַר אַ געוויסען אויפטהו לטובת הכלל און זי פערגעסט זיך גראַד וואו זי האַלט אין דער וועלט מיט איהרע טהעטיגע מענשען, רעכענט זי אויך אריין דעם פּעסימיסט אין איהר צעטעל.

אין אמת'ען אָבער קען מען איהם אפילו ניט רעכענען צו אַ מזומן, ניין! ער טויג ניט מעהר צום „בענשען“, ער איז אַ קללה אויפ'ן לעבען. דאָס איז ניט ער, וואָס שלעפּט זיך אַרום, נור זיין שאָטען, ער אַליין עקזיסטירט שוין לאַנג ניט. ער איז קיין איד און קיין מענש, ער איז אַ גאָרניט. ער איז אַן איבערגעבראָכענער

שטעקען, אויף וועלכען קיין זאך און קיינער קען זיך אנלעהנען. ער איז א פעסימיסט.

דער פעסימיסט איז א קראנקער מענש, וואס איז קיינמאל ניט געזונד געוועזן. זיין פריהערדיגע היץ איז אויך געוועזן א קראנקע, אן אונגארמאלע, דאס איז געוועזן א היץ־קריינק. איצט ווארפט דאס איהם אין קעלט, ער וועט שוין מעהר ניט געזונד ווערען, ער קען ניט געזונד ווערען, די פיס זיינען איהם שוין קאלט, ער וועט שוין מעהר ניט שטעהן און ניט געהן... עס גליווערען איהם שוין די הענד, ער וועט מעהר קיין זאך ניט טהאן, ניט מאכען, אין קאפ איז איהם אנגעשנעעט און אנגעפרארען, — גלעטשערס! דער פערנונפט וועט זיך דארט מעהר ניט דערווארעמען. ער איז די גייסטיגע נבלה פון דעם אידישען צענטער. זיין שטארקער גערוך איז שעדליך פאר יעדען איינעם, וואס פערשטעהט ניט ווי איהם אויסצומיידען.

דער פעסימיסט איז אן אונגליקליכער, אן אפפער, אבער בלויז פון זיין אייגענעם ווילדען ענטהוזיאזמוס. קיינער האט איהם ניט בעטראגען, ניט אבגענארט. ער האט זיך אליין אבגענארט; זיין אייגענער איבערגעהיצטער מארך האט איהם ארויסגעשטעקט א צונג און ער, דער שוטה, מיינט אז די וועלט איז שולדיג, אז זי קען איהם ניט צאהלען איהרע חובות און איז באנקראט.

אין אמת'ן איז זי איהם גאר ניט שולדיג, ער מאכט בלויז אויף איהר א פאדלאג... אלץ, וואס ער איז פעהיג געוועזן ביי איהר צו נעהמען האט ער גענומען, מעהר האט קיינער ניט... אליין האט ער זיינע פאלשע וועקסלען אויסגעשטעלט און אליין בעשטראפט ער זיך איצט דערפאר.

דער פעסימיסט זיצט אפט אין דער קאפע־הויז, וואו ער האט זיך אמאל געהיצט, און וואלט זיך איצט וועלען אבהיצען פער־קעהרט, ער וואלט וועלען ווייזען די נייע, די יונגע, די פרישע, די אונערפאהרענע, אז זיי האבען אויך א טעות, אז זיי וועלען ערשט שפעטער געוואהר ווערען, האט ער אבער קיין כוח ניט דאס צו

טהאָן. ער איז צו קאַלט פאַר די פלאַמענדע יוגענד, עס יאָגט פון איהם אַ מורא׳דיגער נאָרד־ווינד. די יוגענד אַנטלויפט: „קומט קינדער, ער איז אַ פעסימיסט״!

און ער בלייבט שטום און קאַלט קוקען אין דער לעבעדיגער וועלט אריין.

## דער פעסימיסט.

דאָס לעבען האָט פאַר איהם קיין בריסט,
פון וועלכע ער זאָל האָפנונג זויגען.
ער איז אַ פינסט׳רער פעסימיסט —
אַ כמאַרע שוועבט איהם פאַר די אויגען.

די נאַכט איז שעהנער ווי דער טאָג,
וואָס האָט קיין פרעהליכקייט, קיין ברעקעל.
די צוקונפט פון דער וועלט איז קלאָג,
דער שעהנסטער אידעאַל איז עקעל.

דער קאַמפף איז קויט, די ליעבע — שאַנד,
דער שיקזאַל האָט אַ בייטש פון שלאַנגען.
עס ציהט זיך נור אומזיסט די האַנד
דעם כוס פון נחת צו דערלאַנגען.

די וועלט איז וועלט, דאָך איהם פערדריסט,
ער האָט איהר פיינד, ער קען נור האַסען.
ער איז אַ בראָך, אַ פעסימיסט,
דער יאוש פון די אָר׳מע גאַסען...



# דער טיפ

ער איז אַן איינפאַכער מענש, טאַקע ווי מען זאָגט, „אַ פּראָסטער שלוש סעודות“, ער דרעהט זיך אָבער שטענדיג אַרום „אינטעליגענטע“ און זוכט זיי נאָכצומאַכען, נאָכצורײדען. ער האַקט מיט ווערטער, וואָס ער פאַנגט ניט אָן צו פערשטעהן, און מען לאַכט אין די פויסטען, הערענדיג זיינעם אַ שמועס.

מאַנכע לצים, וואוילע יונגען, דערגעהען איהם די יאָהרען: נאָך יעדען טעכנישען וואָרט, וואָס קומט ביי איהם אַרויס מיט'ן קאָפּ אַראָב, קוקען זיי איהם אין די צייהנער און רוקען איהם אונטער אַן אַדרעס פון אַ דענטיסט...

פון אַלע פרעמדע ווערטער אָבער, וואָס ער האָט איינגע'חזר'ט, געפעלט איהם דאָס וואָרט „טיפּ“ צום בעסטען. ער ווייס ניט גענוי וואָס דאָס בעדייט, ער פערשטעהט ניט וואָס דאָס מיינט, איהם דאַכט זיך נור, אַז דער „טיפּ“ פּאַסט זיך אומעטום אַריין און מען קען איהם געברויכען צום האַק און צום זאַק. צו די אַנדערע טעכנישע ווערטער, צו די שווערע, געפּאַנצערטע אַרטילעריע למשל, ווי „קאַפּיטאַליזאַציאָנס קאָנצענטראַציע“, „אַגיטאַציאָנעלע קאָמוניקאַציאָנען“, אָדער „כראָנישע קריפּטאַגאַמיע“, צי „פּאַראַלעלאָגיזמען פון דעאיזמוס“ א. ז. וו. — יאָ, צו די דאָזיגע ווערטער דאַרף מען האָבען באַק־צייהנער. עס איז קיין קאַטאָוועס ניט, גאָט! קאַי האַרמאַטען! גרויזע פּאָדקעוועס! דאָס זיינען דאָך ווערטער, אַז מען זאָל אָבגעהיט ווערען!... אמת'ע מזיקים. דאָ קען זיך נאָך חלילה אַ „צדיק“ אוועקשטעלען אין האַלז פּאָפּעראָק און כאָטש ווער דערוואָרגען, שונאי ישראל!... אַ „צדיק“ איז אַ האַרטער ביסען, שווער צו קאַיען און שווער צו פערדייען... היינט ווער רעדט שוין עטליכע „צדיק'ן“

מיט אמאָל! זאָל ער שומר ומציל זיין!... מען דאַרף זיין זעהר אינטעליגענט זיי אַרויסצוטאָלקעווען. דאָס וואָרט „טיפּ" איז פּשוט אַ מחיה, עס פאַלט אַראָב פון צונג אַזוי לייכט, אַז מען דאַרף צו איהם קיין פיעל כחות, קיין צייהנער, קיין לייב און לעבען, אַ געזונד אין „טיפּ", ער ראַטעוועט אידען.

און אונזער העלד, דער „מיסטער טיפּ" אָדער טיפּש, האָט געהאַט אַ סך בעווייזע צו זיין טהעאָריע. אָט צום ביישפּיעל גיט מען אַ משרת אין אַ רעסטאָראַנט אַ „טיפּ", ביי אַ פאָטאָגראַפער „טיפּט" מען זיך אָב, אין די אידישע צייטונגען שרייבט מען אָפט אַ „טיפּ" אָדער אַ סך טיפּען... בכן איז דער „טיפּ" אומעטום אַ מחותן און מען מעג איהם געזונדערהייט ניצען און זיך קיין קאָפּ ניט פערדרעהען. דו זאָג „טיפּ" און ביזט אַן אינטעליגענט... סתם אַ איד פון אַ גאַנץ יאָהר וועט פון דעסטוועגען ניט ווארפען אַלע רגע מיט „טיפּס", דערצו דאַרף מען עפּעס קענען...

דער כלל, אונזער אינטעליגענטער „פּאַטריאָט" האָט אַזוי לאַנג און אַזוי פיעל געאַרבייט מיט זיין „טיפּ" ביז מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „מיסטער טיפּ", אָדער „דער טיפּ" און אַלע קענען איהם אונטער דעם דאָזיגען נאָמען.

דאָס וואָרט „טיפּ" איז ביי אונזער מיסטער טיפּ אַזוי בעליעבט, אַזוי איינגעבאַקען אין האַרצען, אַז דאָס געהט איהם קיינמאָל פון די ליפּען ניט אַראָב, און אפילו אין שלאָף, ווען ער דעבאַטירט אין חלום, שרייט ער מיט אַזעלכע קולות „טיפּ", אַז ער כאַפּט זיך אַליין אויף פון זיינע אייגענע געוואַלדען און שפּייט אויס אַ צושראָקענער:

— פּפוי! אַ שרעקליכער טיפּ פון אַ חלום!...

אין דער פרעמד איז ער נאָך מיט זיין „טיפּ" אַביסעל צוריק־געהאַלטען, אויפ'ן צעהנטען פאַל, טאָמער געברויכט ער דאָס ניט ריכטיג; ביי זיך אין שטוב אָבער, איז ער תכיף און האַלט אין איין טיפּעווען. אָט וואָס פאַר אַ „טיפּ" ער זאָל האָבען אויפ'ן האַרצען, אַ פרעהליכען אָדער אַן אומעטיגען, לאָזט ער איהם אויס צום ווייב

און די קינדער. — סיי, ביילקע — שרייט ער פלוצלינג אויס צו זיין „אידענע“ — וואָס פאַר אַ ט י פ קאָכסטו עפּעס היינט? מאַך מיר נור ניט קיין זויערען ט י פ, ווי נעכטען! איך האָב פון דיין נעכטיגען טיפ קיין שום הנאה ניט געהאַט...

„זויער און ביטער זאָל דיר זיין מיט דיין „טיפ“, קלעהרט נעבעך די אָרעמע פרוי, וועמען דער „טיפ“ קריכט שוין פון האַלז, נור זי שווייגט נעבעך, אַ ברירה האָט זי, אַז מען האָט אַ מאַן אַ „געבילדעוועטען“ מענשען מוז מען אַלץ אויסשטעהן...

פאַנגען אָן די קינדער צו שטיפען, דונערט דאָס אויס: — „קינדער, הערט אויף צו קאָמאַנדעווען, משוגע צו מאַכען דעם קאָפּ מיט אייערע ט י פ ע ן! איהר הערט? איך קען פון אַזעלכע טיפען ניט אויסהאַלטען“....

מילא מיסעם טיפ, ווי געזאָגט, האָט פאַר איהר מאַן'ס „טיפ“ דרך ארץ. אין די קלאָגעדיגע ליטאַ, פון וואַנען זי קומט, האָט זי אַזאַ לשון ניט געהערט, ליטאַ אַ מדינה! וואָס הערט מען דאָרטען? אחוץ „קרופּניקס“, „ניכפּה'ס“ און „שוואַרץ־יאָהרען“, „סאָנע־ישראל“ (שונאי ישראל) הערט מען דאָרט זעלטען עפּעס אַ לייטיש וואָרט... און אפילו אין אַמעריקאַ הערט זי „באָרעך אַשעם“ (ברוך השם) אויך גאָר ניט. אַ אידענע, מישטיינס געזאָגט! וואו געהט זי און וואו קומט זי? רק מיט די קולאַקעס אין וואַש־טאָפּ, רק שיסעל מעפעל־לעפעל־שיסעל, רק האַצקע זיך מיט די קינדער און פּאָרע זיך מיט די כלים, — אַ אידענע!... דער מאַן קומט אָבער צווישען מענשען, הערט זיך אָן אַלערהאַנד לעקציעס, לייענט זיך אָן פול ווי אַ פויק מיט צייטונגען און ביכלעך, ווייס ער טאַקע... מישטיינס געזאָגט, וואָס זי קען שוין פון איהם לאַכען!...

די קינדער אָבער האָבען סתם מורא פאַר אַ קלאַפּ און זיי לאַכען פון „טיפּ“ אין זיך, אָדער צווישען זיך אין דער שטיל... אָפט מישען זיי איהם איבער שטילערהייט און אַ אינגעלע, וואָס ווייזט אַרויס פעהיגקייט אויף אַ דעקאַדענטישען פּאָעט, גראַמט איהם נאָך

אין פערבאָרגענים „טיפ“, „גריפ“, „קניפ“ א. ז. וו. די קינדער טהוען דאָס געוועהנליך דער טאַטע זאָל ניט הערען, זיי ווייסען, אַז מיט זייער טאַטענס „טיפ“ שפּיעלט מען זיך ניט...

זיי זיינען איבערהויפּט בייז אויפ׳ן „טיפ“, זיי וואָלטען איהם צוריסען אין שטיקלעך, זיי האַלטען דאָס פאַר דעם געפעהרליכסטען וואָרט אין דעם אידישען לשון... דער „טיפ“ נודעט זיי שוין, ער שלאָגט זיי צום הארצען. גאַד ד... ווען זיי וואָלטען כאָטש פערשטאַנען וואָס דאָס מיינט !...

איין מיידעלע האָט די צודרינגליכע קינדישע נאַטור צו וועלען אַלצדינג וויסען, צו פרעגען קשיות. זי איז איינמאָל ארויפגעקראָכען ביי איהר טאַטען אויפ׳ן שויס און מיט טרעהרען אין די אויגען האָט זי איהם גלעטענדיג געפרעגט:

— פּאַפּאַ, וואָס איז טיפּ?

ביילקע, דאָס ווייב, האָט אָנגעשטעלט ביידע אויערען זיך איינצוהערען איהר מאַן׳ס ענטפער.

„אָט ערשט“ — טראַכט זי זיך — „וועל איך זיך ענדליך דערוויסען, וואָס „טיפ“ בעדייט... אַ זינדיגע אשה, מישטיינס געזאָגט, איך קען דען גענען אריינקוקען אין אַ ספר?... דערצו דאַרף מען דאָך זיין אַ מאַנסביל“...

ווי איבערראַשט איז זי אָבער געוואָרען, ווען איהר מאַן האָט געענטפערט דעם מיידעלע:

— טיפּ איז אַזאַ מין טיפּ, וואָס דו ביזט צו קליין צו פערשטעהן. וועסט זיין גרויס און געלעהרענט, וועסטו וויסען...

אַ קעלט איז געבעך דער אָרעמער אידענע אריבער איבער׳ן לייב. זי איז געבליבען זיצען אויף אַן אָרט, פּונקט אַזוי קלוג ווי נעכטען.

שעהן איז ווען מיסטער טיפּ זיצט אָפּטמאָל אין קאַפּע־הויז מיט זיינע אַמאָליגע חברים פון רוסלאַנד, וואָס האָבען אויך געצויגען זייער גייסטיגע חיונה פון די דאָרטיגע ערשטע, אונטער־ערדישע

אַגיטאַציאָנס־בראָשורקעס, און טענה'ט מיט זיי איין מכח פּאָלי־טישע עקאָנאָמיע און אַנדערע קיין־קאַטאָוועסדיגע ענינים.

די קאַפּע־הויז איז פול מיט דעם רויך פון ביליגע פּאַפּיראָס־לעך, מיט דעם געגעץ פון פערשלאָפענע גבורים, מיט וכוחים איבער ביוראָקראַטיע, אידישע ליטעראַטור און מילכיגע בלינצעס... פון יענעם טישעל אָבער, וואו אונזער העלד געפינט זיך, טראָגען זיך די קולות: „עקספּראָפּריאַציע", אַגיטאַציע", „אָרגאַניזאַציע", „אָרי־גינאַל", „מאָראַל", „קאַפּיטאַל", „פּאָלקס טריבונאַל", דאָך מעהר פון אַלעמען קאָכט זיך אונזער העלד און זיין „טיפּ" שטעקט אַרויס מיט אַ שפּיץ פון אַלע טענות און דעבאַטען.

עס שיינט אָבער, אַז מיסטער טיפּ פאַנגט זיך אָן ביסלעכוויי צו אַמעריקאַניזירען. ניט חלילה ווייל ער לערענט זיך ענגליש, עט, אַזאַ זאַך ליגט איהם אפילו אין דער לינקער פּאה ניט. ער איז פּשוט געוואָרען אַ שטיקעל „קאָסטאָם פּעדלער" צווישען גוים און האָט געכאַפּט פון זיי עטליכע גרויסאַרטיגע ווערטער, וואָס ניט יעדער איינער האָט שכל זיך אויסצולערנען אויף אויסענווייניג.

זיינע בעקאַנטע האָבען אפילו אָנפאַנגס מורא געהאַט, ער זאָל זיך ניט חלילה אַזוי אַמעריקאַניזירען, אַז ער זאָל זיין גאַנצען אידי־שען „טיפּ" ניט פערלירען... אָבער זיי האָבען זיך אומזיסט געשראָ־קען. ער איז דער זעלבער „טיפּ" וואָס געווען... ער האָט זיך אין די ענגליש ניט דערטרונקען. ער האָט זיך ניט אַסימילירט, ער איז גאָט צו דאַנקען געבליבען אונזערער, ער בעלאַנגט צו דער אידישער גאַס... ער קען ניט קיין ענגליש און וועט ניט קענען, מען דאַרף איהם אין דעם ניט חושד זיין... ער האָט בלויז אַרויסגענומען פון דעם גאַנצען ענגלישען לשון דאָס, וואָס קען איהם ניט שאַדען און ניט דערווייטערען פון אונז... איהם זיינען געוואַלדיג געפעלען געוואָרען די ווערטער „רעגאַד" (רעגאַרד), „אָרדזשענעל" (אָרי־דזשינעל) און „יו נאָו", און ער קעהרט מיט זיי וועלטען. די איבעריגע ווערטער אין דער גאַנצער שפּראַך ניצט ער נור אויס

נוים, ווייל מען קען פשוט אהן זיי ניט אויסקומען, זאנסט דארף ער זיי אויף צעהן כפרות.

דער כלל, ער איז דער זעלביגער „טיפּ“ און וואלט דער זעלבי־גער פערבליבען אפילו ווען ער זאל ריידען כינעזיש.

## דער טיפּ.

גיט דער גלות אונז א קניפּ,<br>און מיר ליידען און מיר קריינקען,<br>גיט ער אונז דערפאר א טיפּ,<br>אז מיר זאלען האבען צו געדענקען.



# יאַנקעל „אינדיווייד"

יאַנקעל אינדיוויד איז אַ האַלבער אַ גרינער, אַ האַלב אינטעליגענטער יונגער־מאַן. ער וואוינט אין דעם וואָכעדיגען ניו יאָרקער אידישען קוואַרטאַל — די „איסט סייד", אין אַ גאַנץ וואָכעדיגען טענעמענט הויז, און איז אַ גאַנץ וואָכעדיגער קבצן פון קבצן־לאַנד; רעדען אָבער רעדט ער שבת'דיג, אפילו אין אַ מיטען מיטוואָך. ער טראָגט שטענדיג אַ ווערטער־ביכעל מיט הויכע, טעכנישע ווערטער אין בוזעם־קעשענע און וואַרפט מיט פראַזען וואו זיי פאַסען יאָ און פאַסען ניט.

דער הויז־קיפּער מיינט, אַז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט אַ פּראָפעסאָר, וואָס רעדט אפשר זיעבעציג לשונות, און די „אידענע פון יענער שטוב" גלויבט, אַז ער איז דעם קיסר'ס אַ גליעדשוועסטערקינד;

„אַ קליינינקייט רעדט ער ווערטער! אַ געוואַלד אין דער וועלט!... מען קען איהם גאָר ניט פערשטעהן"...

יאַנקעל אינדיוויד איז נאָך דערצו פון די מענשען, וואָס האָבען זיך ליעב צו לאָזען הערען. ער איז איינער פון די שרייעדיגע נאַטורען. ער האָט פיינד צו ריידען שטיל און געלאַסען. ער רעדט אויף די „אויבערשטע כלים", און די פראַזען „אינדיווידועלע פאַרטהיילהאַפטיגקייט", „איניציאַטיווע מיינטענירונג", „אונטערדריקערישע פּיקאַנטעריע", „פלעגמאַטישע אינטעלעקטואַליטעט" רעגענען פון איהם ווי פון אַן אָנגעזופּטען וואָלקען, עמערוויין פליובעט ער זיי און פערגיסט דעם אידישען קוואַרטאַל...

קאָמיש איז דאָס ווען אינדיוויד רעדט מיט'ן אידעל פון קויהלען־קעלער, בעשטעלענדיג ביי איהם אַן עמער קויהלען אין אַ

שפּראַך, מיט וועלכער מען פיהרט דיפּלאָמאַטישע מלוכה־פּערהאַנד־לונגען. דער אָרעמער, פערשוואַרצטער אידעל נעבעך קוקט איהם אָן און, כאָטש הענג איהם, הויבט ער ניט אָן צו פערשטעהן, וואָס יאַנקעל אינדיוויד וויל האָבען פון איהם.

— איהר זייט דאָס דער פּרינציפּאַל פון דיעזען בעהייצונגס ארסענאַל — פאַנגט אָן יאַנקעל אינדיוויד איינ׳טענה׳ן מיט׳ן פער־פינסטערטען קויהל־מאַן, וואָס שטעהט אַ האַלב הונגעריגער און האַקט אַ שטשאַפּע האָלץ — איך אַנטיציפּיר, אַז איך וועל ניט דאַרפען אָנווענדען קיין בעזאָנדערע פּראָפּאַגאַנדאַ ביז איך וועל פון אייך קענען אַקצעפּטירען דאָס געפאָדערטע ברען־מאַטעריאַל. דעם 29טען דיעזעס מאָנאַט האָב איך אייך העפליכסט אויפ־געפאָדערט מיר צו ברינגען דאָס זעלביגע, האָב איך דאָס ערשט בעקומען דעם 30טען. דאָס בעשטעטיגט מיין פערדאַכט, אַז ביי די קויהלען־ליפעראַנטען איז פּינקטליכקייט ניט קיין פּרינציפּ און ניט קיין אידעאַל און מען מוז מאַנכע שטערבליכע שטונדען אַוועקלאָזען מיט׳ן ווינד ביז זיי ערפילען זייער פליכט.

—וואָס זאָגט איהר, מיסטער? — פרעגט דער אידעל אַ צוטומעלטער, אַוועקשטעלענדיג די האַק — איהר ווילט אַ פּעיל (עמער) קויהלען?

— הערט אַ מין פּריוואַלע קוריאָזיטעט! — ווערט אינדיוויד אָן אָנגעצונדענער — איהר מיינט, אַז איך בעאַנשפּרוך אייך אַלס ליטעראַריש קינסטלערישען אינדיווידואום און פאָדער פון אייך אַ לעקציאָן אין קונסט־ליטעראַטור?

— זאָגט שוין, נו — ווערט דער קויהל־מאַן אונרוהיג — איהר ווילט הייסט דאָס אַ פּעיל קויהלען...

— אָט דאָס הייסט אַן אַראָסיטעט (חוצפּה) — שרייט אויס יאַנקעל אינדיוויד — עס איז גרינגער צו שטעהן אין קאַמפּף מיט בורזשואַזנע וואַמפּירען, ווי צו אַרגומענטירען מיט אייערע אונאינ־טעליגענטע סוביעקטען פון די לומפּען־פּראָלעטאַריער...

— רעדט ווערטער ! — ווערט דער אידעל אין כעס און כאַפּט דעם רידעל פון די קויהלען אַ צובייזערטער — איהר ווילט קויהלען ?

— וואָס דען וויל איך פון אייך ? — ווערט אינדיוויד אַ צושראָקענער — דימענטען ?

— אַזוי, איהר קענט ריידען אידיש אויך ? — ווערט דער אידעל ווייכער — אַ גוט יאָהר אויף אייך, צו וואָס האָט איהר גערעדט צו מיר איטאַליעניש ? איהר זעהט דען ניט, אַז איך בין אַ איד מיט אַ באָרד, מיט ציצית און אַ יאַרמולקע ?... ווילט איהר הייסט דאָס אַ פּעיל קויהלען...

— גאַנץ בעשטימט.

— געוויס איז בעשטימט. אָט באַלד טראָג איך אַריין. ס'געהערט אביסעל, אַ איד קען אַזוי גוט ריידען אידיש און רעדט ניט.

ניט וועניג לעכערליך איז, ווען יאַנקעל אינדיוויד געהט איבער'ן גאַס מיט זיינע היימישע חברים און חבר'טעס און מאָהלט פּראַזען ווי אַ ווינד־מיהל. ער מישט דאַן צוזאַמען זיינע אידישע רוסיש, דאָס ביסעל אידיש ענגליש און דאָס רעשטעל פּרעמד־ווערטער, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערענט, צוזאַמען מיט דאָס ביסעל אמת'ע „אידישע אידיש", וואָס ער קען צום בעסטען. ער מאַכט דערפון אַזאַ קאָמישען קוואַטש, אַז מען קען זיך האַלטען ביי די זייטען לאַכענדיג.

— אַ קאַק־זשע, יאַ, אַ קאַק־זשע וואָס פּאָנריאַוויטסאַ ? וואַט (וואַט דו יו טינג (טהינק) ? אַ משוגעת, יעי באָגו אַ משוגעת... פּאַראַדקאָם, פּרעפּאָנדעראַנץ... בעסטיאַליטעטס־וועזען... ניע טשאַוואַ...

ווען דער ראָזיגער געשפּרעך געהט נאָך אָן אויף ראָטגערס סקווער, אויף גרענד סטריט אָדער קאַנעל סטריט איז נאָך אַ האַלבע צרה, אָבער ווען יאַנקעל אינדיוויד מיט זיינע קאָלעגען און קאָלע־גיכעס פערגלוסט זיך אַמאָל אַזוי צו פּראַזעווען און פּלוידערען אין

דער קאָכעדיגער, טומעלדיגער בראָדוויי אָדער אָרום ברוקלין בריק, וואו מענשען לויפען און שמאַיען ווי פער'סם'טע, — כאַפּט נעבעך גאַספּאָדין־מיסטער אינדיוויד אַ פלעם פון הינטען במחילה, אַז די פּראַזען שטעלען זיך איהם פאָפּעראָק און דער „אַ קאָק־זשע“ ווערט איהם פערגליווערט אויף דער שפּיץ צונג און ער זעהט זיך פּלוצים אָרום, אַז ער איז גאָר ניט אין מינסק אָדער סלאָבאָדקע...

דער הויפּט יחסן איז־יאַנקעל אינדיוויד אין פעראיין פון זיינע לאַנדסלייט. דאָרט פערשפּרייט ער זיך מיט זיין ביסעל פרעמדע סחורה ווי אַ בעל־הבית און דרעשט זיינע אויסגעדראָשענע שטרוי מיט אַלע כוחות.

דאָרט זיינען דאָס רוב גרינע אידען, וואָס האָבען נאָך גרויס דרך ארץ פאַר אַלץ, וואָס זיי פערשטעהען ניט... און ווייל זיי ווייסען ניט וואָס זייער לאַנדסמאַן באַלבעט, זיינען זיי פון איהם געוואַלדיג ענטציקט און גיבען איהם אָב גרויס כבוד...

ביי יעדער פערהאַנדלונג נעהמט אינדיוויד דאָס וואָרט. ער לאָזט קיינעם קיין מויל ניט עפענען. ער מוז זיך ביי יעדער זאַך אריינמישען אין מיטען. זיין צונג געהט ווי אויף רעדער. קיינער אָבער וואַגט איהם ניט צו אונטערברעכען, און ווען דעם פּאָרזיצענ־דען ווערט שוין ניט גוט פון אינדיוויד'ס תורה און ער בעט איהם שווייגען, פאָלגט ער אויך ניט און שטעהט אַזוי לאַנג און באָמבאַ־דירט די פערזאַמלונג מיט פראַזען, ביז עס פאַלט איהם אַליין צו אַ בייזע חלשות צום הארצען און ער זעצט זיך אַוועק דישענדיג ווי אַ גאַנז.

אינדיוויד'ס אַ פעראיינס־ברודער האָט דערצעהלט וועלכע צרות זיי האָבען פון איהם אריינגעכאַפּט, ווען עס האָט זיך געהאַנ־דעלט וועגען קויפען קרקע פאַר אַ בית־עולם. ווי אינדיוויד האָט זיך אַוועקגעשטעלט און האָט ערקלעהרט, אַז די ערד דאַרף צונעהמען אַלעמען אומזיסט און מען דאַרף לויט פּרינציפּ דערפאַר ניט בעצאָהלען. ער האָט זיך געוואָלט וועטען מיט'ן פּרעזידענט פון

פעראיין, אז ער וועט ווייזען א קונץ, דאָס מען וועט איהם מוזען בעגראָבען אומזיסט...

מאנכע מיטגליעדער האָבען זיך דערפרעהט: זיי האָבען געמיינט, אז זיי וועלען שוין פון איהם פּטור ווערען, אָבער א „נעכטיגער טאָג“. יאנקעל אינדיוויד איז נאָך אלץ דער שיינדעל פון זייערע לאנדסלייט און ביי יעדער מיטינג האָגעלט ער מיט זיינע פראזען, וואָס מען הויבט ניט אָן צו פערשטעהן.

זיין ארגומענט וועגען די קרקע האָט א וויציגער מיטגליעד פערשריעבען אלס א פּראָבקע פון אינדיוויד'ס פראזאָלאָגיע. דאָס לייענט זיך אָט אזוי:

— ברודער פרעזעס, מאנכע פון אונזערע חברים זוכען צו אימפּאָנירען און צו פּאָספּאָרעסצירען מיט דער אילומינאציע פון זייער געניאליטעטס־פעהיגקייט, אז יעדער אינדיווידואום מוז שטי־מען צו קויפען קרקע. דאָס איז פרענעזיע (משוגעת), מיינע ברידער, יא, פרענעזיע וועל איך עקסקלאמירען, מיר האָבען שטענדיג פּראָ־פּאגאנדירט אויפ'ן שלאכטפעלד פון די מאסען, אז די ערד מוז זיין א מוניציפּאלנער ארטיקעל און מיר וועלען די זעלבע פּראָפּאגאנדא ניט לאָזען רעדיקולירען אפילו אויפ'ן שלאכטפעלד פון די איסט־סייד... מיר וועלען ניט טראָגען קיין פריגישע היטלען (רויטע פרייהייטס־היטלען) אויף שקלאפישע שארבענס און פערשקלאפטע קעפּ... מען דארף ניט פיעל פרעלאָקווירען (פּאראויסריידען) צו זעהן, אז מיר מוזען די זאַך מעהר פּראָקלאמירען צווישען די חברים... איך ווייס, אז איך בין דאָ נור ביי אונז אין פעראיין אַן „אינדיוויד“, אָבער איהר וועט שפּעטער איינזעהן, אז איך בין געווען דער פרע־פאראנד (צובערייטער) פאר מוניציפּאלער אייגענטהום“...

אָט אזוי האָט יאנקעל אינדיוויד גערונערט מיט טעכנישע ווערטער אויף א מיטינג פון ליטווישע אידען, וועלכע זיינען געזעסען און זיך געוואונדערט וואו זייערער א לאנדסמאַן האָט ערגעץ געכאפּט אזא לשון, וואָס נור „געבילדעטע“ מענשען ריידען. זיי

האָבען נאַטירליך ניט געוואוסט פון דעם ווערטער־ביכעל, וואָס ער טראָגט אין קעשענע און חזר'ט איהם אויף אויסענווענינ אפילו אין חלום.

סיי־ווי־סיי אָבער האָבען א פּאָר וואוילע יונגען זייט יענעם משונה'דיגען קרקע־פּאָרטראג צוגעגעבען יאנקל'ען דעם נאָמען „אינדיוויד" און אזוי רופט מען איהם יאנקעל אינדיוויד אויף היינטיגען טאָג.

## אינדיוויד.

ער קען ווי אַלע אידען אידיש,
ער איז אַ ליטוואַק און אַ איד,
דאָך דאָס וואָלט זיין אַ קנאַפּער חידוש,
ער מוז זיין יאַנקעל אינדיוויד.

ער מישט די פראַזען ווי אַ וויבער,
זיי מאַכען איהם קיינמאָל ניט מיעד.
ניש'קשה, ס'גיבען ווערטער־ביכער
פאַר אונזער יאַנקעל אינדיוויד.

אַזעלכע שעהנע „אינדיווידען"
פערמאָגען מיר איצונד אַ סך.
זיי זיינען פון די „נייע אידען",
וואָס מאַכען אידיש פאַר אַ שפּראַך...



# דער עקשן

איהר וועט גיכער אָברוקען אַ טענעמענט־הויז מיט איהרע שכנים, באָרדער און באָרדערקעס און שווינדזוכט־באַצילען, און קרעמלעך, און די מיליאָנען פּוד צרות, וואָס דאָרט געפינט זיך;

איהר וועט גרינגער אוועקשטופּען אַ גאַנצע גוי׳שע גאַס מיט איהרע ביער־סאַלונס, שכורים, „לויפערס“, אַנטיסעמיטען און דאָרט מאַכען אַ יריד פון ציצית, קוואַס, יאַרמולקעס, מאַרינירטע הערינג, „רעוורענדס“, שוואַרץ ברויט, טוקערקעס און סמינקעס;

איהר וועט אַ סך לייכטער פערוואַנדלען אַ קאַטוילישע קירך מיט איהרע געצען און פינסטערע גלחים אין אַן אָרטהאָדאָקסישע סינאַגאָגע מיט אַ „מקוה כשרה“, מיט פעטש פאַר עליות, מיט קאַראָבקע געדאַנקען, מיט כל טוב סלה;

איהר וועט שנעלער מאַכען אַ רעוואָלוציאָן אין רוסלאַנד און בעוועגען אַ „גרינעם“ ער זאָל ניט שילטען קאָלאָמבוס׳ען — איידער אייך וועט געלינגען איבערצושפּאַרען דעם עקשן.

איהר וועט זיך אומזיסט פערמאַטערען און פערשוויצען, איהר וועט איהם אויף אַ האָאַר ניט ריהרען פון זיין איינגעשפּאַרטקייט, איהר וועט מיט איהם ניט פאַרטיג ווערען, אזוי ווי מיט דער סוכאָטע, ער בלייבט ביי דאָם זייניגע — ער איז אַן עקשן.

— גוואַלד, עקשן, הער זיך אויף צו שפּאַרען! — בעט איהר זיך ביי איהם — מען זאָגט דיר, היינט איז מיטוואָך. און איהר ווייזט איהם דעם לוח. דער „מם“ פון מיטוואָך שטעכט פשוט אויס די אויגען. ער אָבער רעדט ניט פיעל און זאָגט אייך קאַלט „ד אָ נ ע ר ש ט אַ ג“, און עס איז פערפאַלען, עס איז דאָנערשטאַג, כאָטש נעהם און זאָג איהם „לאַנג והוא רחום“...

דאָס מערקווירדיגע מיט דעם עקשן איז, וואָס ער האָט פיינד צופיעל צו דעבאַטירען, ער וויל גאָר מיט אייך ניט איינ׳טענה׳נען; ער האָט ניט וואָס צו טענה׳ען, ער ווייס אז ער איז גערעכט, דער דעבאַטאַנט בלייבט איהר, און ער שווייגט.

אָפט ווערט איהר בעז איבער זיין עקשנות, און וואָלט טאַקע איינמאָל פאַר אַלע מאָל איהם וועלען איבערצייגען זיין טעות, אַז זיין בעהויפּטונג אָדער בעשלוס איז ניט ריכטיג, קען ניט זיין ריכטיג און האַלט ניט אויס קיין חשבון און קיין לאָגיקע. אייך פערדריסט ממש צו זעהן אַזאַ פערדרעהטען מח און איהר היצט זיך, קאָכט זיך, איהר ווייסט, אַז דער אמת איז מיט אייך, און, אַרויסגעהענדיג פון געדולד, וואָלט איהר דאָס איהם וועלען אַריינקלאַפּען אין קאָפּ מיט אַ האַק...

ענדליך הערט ער זיך אויף צו האַמפּערען, זיצט גאַנץ גלייכגילטיג, קוקט אייך אין די אויגען און שווייגט, ווי איינער וואָלט זאָגען: „נו, מילא וואָס זאָל איך טהאָן? דו האָסט אויסגעפיהרט: לאַ פּיעדאַלטי, האָב איך דאָס מאָל ניט געפיערעלט, ניט געטראָפען, דיינע זיעבען געננז, דיינע — לאָז מיך שוין צורוה...“

איהר גיט זיך דאַן אַליין אַ קניפּ אין בעקעל: „גוד באָי,“ — רעדט איהר צו זיך אַליין — „האָסט בייגעקומען אַ ווילדען עקשן. ער האָט מודה געווען אַז דו ביזט גערעכט.“

איהר ווערט שטאַרק גדול׳דיג ביי זיך און קוקט מיט טריאומף אויף אייער בעזיעגטען געגנער און זיין אונגעלומפּערטע עקשנות, וואָס איז געפאַלען פאַר אייער קיין קאַטאָוועסדיגע פערשפּיצטקייט, וואָס איז אַ געוואַלט אין דער וועלט.

באַלד אָבער געפינט איהר אויס, אַז איהר זייט געבליבען מיט אַ נאָז, אַז אייער נצחון הייבט זיך גאָר ניט אָן. דען ווען איהר זייט שוין הייזעריג און ווישט פון זיך דעם שוייס, דערלאַנגט אייך אייער אָפּאָנענט פּלוצלונג גאַנץ קאַלטבלוטיג אַ זאָג דאָס זייניגע און איהר בלייבט ווי אָבגעפּליוכעט מיט קאַלט וואַסער. איהר

פערקריצט די צייהן פאַר כעס און צופּוקענים: „דער עקשן!" — טראַכט איהר זיך, און וואָלט איהם צוריסען אין שטיקער.

וואָס אייך וואונדערט אַם מעהרסטען איז, וואָס דער עקשן איז דאַכט זיך זאָגסט ניט קיין נאַרישער מענש. ווען איהר שטויסט זיך מיט איהם ניט צונויף איז ער גאָר נישט־קשה פון אַ סוביעקט. דער אונגליק איז נור ווען איהר מאַכט איהם אויפמערקזאַם אויף אַן אירטהום. ערשט דאַן געפינט איהר אויס, אַז דער עקשן איז אין גרונד גענומען אַן עם הארץ, אַ גראָבער יונג, אַן איינגעבילדע־טער נאַר, וועלכער איז ביי זיך זיכער אַז ער איז אונפעהלבאַר ווי גאָט כביכול אליין, אַז גיכער וועט די וועלט אונטערגעהן איידער ער וועט מאַכען אַ „מיסטייק". איהר דערוויסט זיך דאַן בעשטימט מיט וועמען איהר זייט געגאַנגען צום טיש און זוכט איהם אויסצו־מיידען ווי אַ כאָלעריע.

דער עקשן איז זעהר אָפט שטאָלץ אויף זיין עקשנות, ווייל, זייענדיג טעמפּ אויפ׳ן שכל הישר האָט ער אַ גראָבען טעות און מיינט אַז איינפאַכע איינגעשפּאַרטקייט איז פּרינציפּ, אַז ער גיט ניט נאָך און האַלט זיך ביי זיין עקשנות ווייל ער איז „פּרינציפּיעל" (אויף אַזאַ אַרט איז טאַקע דער אידישער קוואַרטאַל פול מיט „פּרינ־ציפּיעלע העלדען"). אין אמת׳ען אָבער איז ער אַ כאַמולע, אַ פּשוט׳ער פויער, איינגעשפּאַרט ווי אַן עזעל, כאָטש ממית איהם האַקט ער מיט די פּאָדקאָוועס אַן דר׳ערד, שפּאַרט זיך אָב מיט די הינטערשטע פיס און ריהרט זיך ניט פון פלעק, ער שטעהט אויף אַן אָרט, ער איז אַן עזעל — אַן עקשן.

איהר וועט ביי דעם עקשן קיינמאָל ניט פועל׳ן, ער זאָל צוויי מאָל איבערקלערען אַ זאַך, ער וויל גאָר די זאַך קיין סאַטיספּעקציע ניט געבען און איהר ווידער אַ טראַכט צו טהאָן. אָט ווי ער האָט דאָס ערשטע מאָל אַ קלער געטהאָן איז גענוג. זיך אריינלאָזען אין קלערענים האָט קיין שיעור ניט. אָט אזוי מוז דאָס זיין, אָהן

קאמפּראָמיסען, אָהן איבערטראַכטעניס, טראַכטען פיהרט סוף כל סוף צו גאָר ניט, דאָס טויג ניט, לוינט ניט — ער איז אַן עקשן.

דער עקשן לעזט אמאָל אַן ארטיקעל אין אַ צייטונג און פערשטעהט דאָרט אַ געוויסען געדאַנק אַנדערש ווי זיין פריינד, און, ווי דער שטייגער איז, פערשטעהט ער דאָס אויף דער לינקער זייט. מען בעשליסט זיך צו ווענדען צום שרייבער אליין און איהם פרעגען די ריכטיגע מיינונג. דער עקשן אָבער שפּאַרט זיך מיט'ן שרייבער גופא. ער האַלט זיך ביי זיין גרייז, אַז דער שרייבער האָט שוין פערגעסען, דען שרייבענדיג האָט ער זיכער געמיינט דאָס וואָס ער, דער עקשן.

גרויסע צרות כאַפּט פון איהם אַריין זיין אידענע, וועלכע ער האַלט אין איין איבערשפּאַרען און וועלכע איז ביי איהם קיינמאָל ניט גערעכט סיידען זי טרעט איהם אָב און קומט ניט אַ פּאָאר טעג אין הויז. ערשט דאַן איז ער זיך מישב, אַז קוים קומט זי אַהיים, וועט ער איהר לאָזען אַ פּאָאר מאָל זיין גערעכט, אַבי זי זאָל קאָכען וועטשערע.

צעהן שדוכים זיינען ביי איהם אָבגעגאַנגען איידער ער האָט חתונה געהאַט און אַלץ דערפאַר, וואָס די מיידלעך האָבען זיך ניט געלאָזט איבערשפּאַרען... און די עלטע פערשילט זיך די ביינער דערפאַר, וואָס זי איז ניט געווען געגנוג איינגעשפּאַרט און מוז זיך איצט שפּאַרען מיט אַן עקשן, וואָס דערגעהט איהר די יאָהרען.

געברענטע ליידען שטעהען פון איהם אוים די לאָדזש, די יוניאָן, די חברות און פעראיינען, וואו ער בעלאַנגט. זיי וואָלטען איהם מיט ליעבע געצאָהלט כאַטש אַ האַלב יאָהר קראַנקען־בענעפיט, זיי וואָלטען אפילו געצאָהלט זיין ווייב טוידטען־בענעפיט אַבי ער זאָל ניט קומען צו די מיטינגען. ווען דער טשערמאַן אָדער דער פּרעזידענט דערזעהט דעם עקשן, ווייס ער שוין אַז דער בראָך איז פאַרטיג, מען וועט שוין האָבען אַ פערשטערטען אבענד, מען וועט שוין קיין זאַך נ י ט בעשליסען, און דאָס בעסטע וואָס זיי קענען

טהאָן איז — איבערגעבען דעם טשער צו אַן אנדערען און מיט אַ תירוץ זיך אָבטראָגען אַהיים אָדער, אין ערגסטען פאַל, אָבלעגען דעם מיטינג אויף אַן אונבעשטימטע צייט, נאָכדעם איינרופען די מיט־גליעדער דורך עקסטרא פּאָסטאַל קאַרדס און „פערגעסען“ דעם עקשן צו שיקען אַ קאַרטעל...

אָט אַזעלכע ענוים קשים מוז דאָס נעבעך אויסשטעהן די אידישע גאַס פּון איהר גרויסען בראָך, איהר עקשן.

אָט ווי דער עקשן איז ניט קיין געווינשטער מיטגליעד אין דער מענשליכער משפּחה, קענען מיר זיך לײדער ניט העלפען און מוזען מודה זיין אַז ער איז אונזערער אַ פּאַרשוין, יאַ, אונזערער מיט די ביינער.

גוים האָבען אויך עקשנים, איינגעשפּאַרטע מענשען, אבער געגען אונזערע האָבען זיי אַ פּנים פון חוזק. גוים זיינען מענשען, וואָס לאָזען זיך איבעררעדען, איבערמאַכען, אין אַ נויטפאַל לאָזען זיי זיך האַנדלען, ווען מען דריקט זיי שטאַרק צו צום וואַנד, ווען „אין ברירה“, איז ביי זיי רעכט אַזוי אָדער אַזוי. „איז ניט מ י י ן גאָט איז ד י י ן גאָט, איז דיין אמונה, דיין פּריעסטער — כאַפּט זיי דער וואַטעמאַכער !... — וואָס איז די נפקא מינה ?...“ דער גוי׳שער עקשן איז שוין אַזוי. איהר צייגט איהם איבער און איהר האָט איהם.

אַ אידישער עקשן אָבער — דו ליעבער גאָט !

עקשנות איז דער בערוף פון דעם אידישען פאָלק. דאָס איז דער אידישער יחוס. דאָס גאַנצע אידישקייט איז אַן אַלטע שטיק עקשנות, וואָס די וועלט האָט שוין לאַנג אויפגעגעבען פאַר אַ „בעד דזשאַב“...

עקשנות און דער איד — אויף עקשנות האַלט זיך זיין בית־המדרש, זיין שבת, זיין יום־טוב, אויף עקשנות איז געשריעבען זיין ספר תורה, זיין תלמוד, זיין „יודענשטאַאַט“, זיין „התקוה“, זיין אַלץ מיטאַנאַנדער... ביי אונז איז איינגעשפּאַרטקייט כראָניש,

שוין פון דורות ווי מיר ליידען דערפון... ביי אונז אן איינגעשפאר־טער האט איינגעזויגען די איינשפארעניס מיט זיין מוטערס מילך, ער איז דער עקשן פון די עקשנים און עס איז דערפאר קיין וואונדער, וואס א אידישער עקשן איז א בעזונדערער טיפ.

## דער עקשן.

דער עקשן איז א איד א שלאק,
עקשנות איז, וואס ער פערמאגט —
באטש נעהם און האק איהם מיט א האק,
מוז בלייבען פונקט אט ווי ער זאגט.

איהר מעגט זיך שטעלען אויפ'ן קאפ,
אומזיסט, איהר זייט צו איהם ניט קלוג.
ער גיט ניט נאך, ער טרעט ניט אפ,
א איד'שער עקשן און גענוג.

זיין איינגעשפארטקייט ריהרט די גאל,
וואו האבען גוים אזא העכט?
ער איז דער שיינדעל פון קווארטאל,
א איד אן עקשן און גערעכט...



# דער שרעקעדיגער

ער איז אַן עהרליכער מענש. ער וואָלט דאָס אפשר ניט געווען, ווען ער וואָלט ניט מורא געהאַט.

ער איז אַ שרעקעדיגער.

ער איז שטענדיג פול מיט פּלענער ווי אַ מילגרוים מיט קערנער. ער שרעקט זיך אָבער זיינע פּלענער דורכצופיהרען, ווייל טאָמער וועט ער דאָס ניט קענען.

ער איז אַ שרעקעדיגער.

ער איז ניט פויל צו געבען אַ בעקאַנטען אַן עצה, און זיינע עצות זיינען אָפט גאַנץ גליכע. ער אַליין אָבער איז אויף גרויסע, געהאַקטע צרות. זיך אַליין קען ער קיין עצה ניט געבען.

ער איז אַ טרוס, אַ שרעקעדיגער.

ער האָט שוין געטהאָן פערשיעדענע זאַכען, פון וועלכע מען האָט ניט געקענט פיעל געווינען אָדער פיעל פערלירען. יענע זאַכען, וואָס האָבען געפאָדערט מען זאָל עפּעס איינשטעלען, עפּעס ריזי־קירען, אום פון זיי שפּעטער הנאה צו האָבען, — יענע זאַכען האָט ער געראַטהען אַנדערע זאָלען עס טהאָן. דער סוף איז געווען, אַז יענע האָבען טאַקע אויסגעפיהרט. ער אָבער איז געבליבען דער זעלביגער, וואָס פריהער, ווייל ער האָט ניט געוואַגט צו אונטערנעהמען, ער האָט זיך געשראָקען.

ער איז אַ שרעקעדיגער.

ער האָט זיך אפילו מאַנכעס מאָל געלאָזט איבעררעדען און האָט זיך אָנגעטהאָן אַ כוח עפּעס וויכטיגעס צו פּראָבירען. ער האָט געטהאָן זאַכען, וואָס האָבען געפיהרט צו ערפאָלג. ער וואָלט געוויס

געווען ערפאָלגרייך, דען אַלע אויסזיכטען האָבען זיך געלעזען „הצלחה", עס האָט זיך נור געפאָדערט נאָך אביסעל איינצושטעלען און וואַרטען. אָבער ער האָט געציטערט, האָט אָבגעגעבען דעם קאמפף ערב געווינס און איז געבליבען אַ „געבראָכענער".

ער איז אַ שרעקעדיגער.

עס האָבען זיך געפונען לייט, וואָס האָבען מיט איהם געוואָלט מאַכען בשותפות געשעפטען, דען ווען מען רעדט מיט איהם מיינט מען, אַז ער איז איין „מאדים", איין אויפטהוער אין דער וועלט. ער איז זאָנסט טאַקע אַ קלוגער און פעהיגער מענש; זיין שרעק אָבער „צו לעגען די לעבעדיגע אויף די טוידטע", זיין ציטערנים עפּעס צו ריזיקירען, האָט אַלעמען אָבגעשטויסען צוריק און ער איז געבליבען דער זעלביגער שרעקעדיגער קבצן אויף היינטיגען טאָג.

ניט קיין קליין ביסעל צרות האָט מען פון איהם געהאַט איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקאַ.

הונדערט מאָל האָט ער זיך אויסגעריכט צו פאָהרען, זיך פאַרטיג געמאַכט צו דער רייזע, זיך געזעגענט מיט דער משפחה און זיי געקושט דעם לעצטען „זייט געזונד". דאָך, ווי עס איז געקומען אַריינצוגעהן אין פוהר, פלעגט ער זיך דערשרעקען און בלייבען אין דער היים.

אַ קלייניגקייט אַזאַ ווייטע, געפעהרליכע נסיעה! ווער ווייס צי ער וועט גאָר קומען אַהין?

ער פלעגט אַראָבנעהמען צוריק פון וואָגען די איינגעמאַכטס, די טאָרבע מיט די „סוכארעס", דעם טלומאָק מיט די העמדער און אַנדערע רייזע־מכשירים און זיך אָבשטעלען אויף אַן אָרט.

עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, אַז ער האָט ניט געקענט קריגען קיין בעל עגלה ביי איהם אין שטעדטעל און ניט אין צעהן מייל אַרום. מען האָט איהם שוין געקענט אַלס דעם שרעקעדיגען, און מען האָט ניט געוואָלט פאַר איהם שמירען אומזיסט די רעדער.

אַזוי האָט מען אַ פּאָר יאָהר נאָכאַנאַנד ביי איהם אין הויז

געגעסען געפרעגעלטע בוריקעס, צוויבאַק, אייער־קיכלעך, ציבעלע־קוכען, לימינעס און מען פלעגט גריזשען דאַרע־קישקע און טרוקען קעז, וואָס ער פלעגט זיך אַנגרייטען מיטצונעהמען אויפ'ן ים... דען ער פלעגט אַלץ בלייבען אַ היימישער.

אָט האָט ער מורא געהאַט פאַר'ן „גנב'ענען דעם גרענעץ" און אָט האָט ער געציטערט, אַז עס וועט איהם זיין אומעטיג, אַז ער וועט בייגקען אין דער פרעמד. ער פלעגט זיך שרעקען, ער זאָל ניט געכאַפּט ווערען, ניט געשאָסען ווערען און ניט דערטרונקען ווערען, און פלעגט בלייבען אין דער היים צוריק.

ער האָט זיך צוויי מאָל אומגעקעהרט פון דער אַנדער זייט גרענעץ, ס'הייסט פון דייטשלאַנד. איין מאָל איז ער צוריקגעקומען פון האַמבורג. ער האָט דערזעהן די שיף מיט'ן גרויסען „פאָר־וואַסער" איז ער געוואָרען אַ טוידטער און איז אַנטלאָפען. ער האָט זיך מישב געווען, אַז די בעסטע זאַך פאַר אַ מענשען איז צו זיצען אין דער היים. ער לעבט ווי ער קען און פערשפּאָרט אַלע סכנות, און ער איז האַסטיג געקומען צוריק ביי זיך אין שטעדטעל.

ער האָט אָבער אין דער היים ניט געהאַט פון וואַנען צו לעבען און פלעגט זיך באַלד ווידער נעהמען קלייבען צו געהן נאָך אַמעריקאַ און באַלד ווידער חרטה האָבען. ער פלעגט זיך שרעקען.

ווען ער איז צום לעצטען מאָל אוועק און האָט זיך ניט מעהר געוויזען פיער וואָכען נאַכאַנאַנד און האָט נאָכדעם געשיקט אַ בריעף פון עסעקס סטריט, האָט מען נאָך אַלץ חושד געווען דעם פּאָסטיליאָן, אַז ער ברענגט אַ ידיעה, דאָס דער שרעקעדיגער קומט צוריק אַהיים, אַז ער קעהרט זיך אום פון דער וועגענס מיט די איינגעמאַכטס, סוכאַרעס, לימענעס און דאַרע־קישקע, ווייל ער האָט מורא אַזוי ווייט צו פערקריכען.

איצט איז ער אַן אַמעריקאַנער און די, וואָס קענען איהם ווייסען, אַז ער איז אַ שרעקעדיגער, אַ מענש, וועלכער פּאַסט ניט

פאר אמעריקא, ווייל ער קען דא ניט „וואקסען" און ניט צו ווייט קומען.

אמאל איז ער געווען פרום און האט זיך געשראקען פאר גאט, שפעטער איז ער געווארען אן אפיקורוס און האט זיך געשראקען פאר מענשען... ער איז געווען א רעליגיעזער און מורא געהאט פאר „יענער וועלט", ער איז געווארען א ראדיקאל און געציטערט פאר די וועלט. איצט איז איבערהויפט שווער צו וויסען וואס זיין רעליגיעזע אדער עקאנאמישע אמונה איז. מען ווייס, אז ער האט פחד אי פאר ד א נ ע ן אי פאר ד א ר ט ע ן און ווייס אליין ניט וואו ער איז אין דערוועלט.

ער איז דא פון דעסטוועגען א שטיקעל מענש. ער בעלאנגט צו חברות און פעראיינען, וועלכע האבען פון איהם געברענטע ליידען. ער שטערט יעדע וויכטיגע אונטערנעהמונג, ווייל ער שרעקט זיך, אז מען וועט דאס ניט קענען פערווירקליכען, מען וועט ניט האבען דערפון קיין „סאקסעס".

זיין לאדזש, חברה אדער פעראיין וויל נעהמען פאר זיך א טהעאטער־בענעפיט אין ווינטער, אדער א פיקניק צי אן „עקסקורזשען"־בענעפיט אין זומער, און וואלט ניט וועלען פערהאנדלען וועגען דעם אויף א מיטינג, וואו דער שרעקעדיגער געפינט זיך. דען זיינע טענות זיינען ווי אייז־וואסער פאר א פערשוויצטען, זיי קיהלען אב און מאכען קראנק.

ווען עס האנדעלט זיך וועגען א טהעאטער־בענעפיט, נעהמט ער דאס ווארט און פאהרט ארויס מיט קשיות, אז עס ווערט קאלט הערענדיג.

— איהר ווילט זיך אונטערנעהמען צו פערדיענען פון א טהעאטער־בענעפיט, אל־רייט. ווי וועט אבער זיין, אז עס וועט יענעם טאג שנעען, רעגענען אדער האגלען, אז מען וועט ניט קענען אין גאס קיין נאז ארויסשטעקען? ווי איז, אז עס וועט אויסברעכען א כאלעריע און די געזונדהייט־בעאמטע וועלען ניט לאזען א סך

מענשען אין איין אָרט צוזאַמענקומען? ווי וועט זיין, אז די הויפּט־אקטיאָרען וועלען זיך פערקיהלען, אונטעררייסען, קריגען דעם קאָיך־הוסט, די „דער“, ניערען־טראָבעל אָדער צוקער־קראַנקהייט און וועלען ניט קומען שפּיעלען?

— וואָס וועט איהר טהאָן, ווען די גוטע אקטריצעס וועלען גראָד יענעם אבענד ווערען הייזעריג, יאַדושליווע, דיכאָוויצנע, אָדער זיי וועלען סתם כאַפּען א „צוג“ אָדער א „גוט אויג“ ? ?....

— ווער וועט דעמאָלט געהן אין טהעאַטער ווער וועט שפּיעלען? איהר וועט דאָך מוזען אומקעהרען דאָס געלד פאר די פערקויפטע טיקעטס און די קאַסע וועט בלייבען ליידיג ווי דער טשאָלענט־טאָפּ ביי א „סלעק־אַפּריימאָר“.

עהנליכע ארגומענטען געפינט דער שרעקעדיגער ווען עס האַנ־דעלט זיך וועגען א פּיקניק־בענעפיט.

— אמעריקא איז געוואָרען א לאַנד פון פינאַנציעלע קריזיסען.

— נעהמט ער פּלוצלינג דערצעהלען — פון וואַנען ווייסט איהר, אז פּונקט א וואָך פאַר'ן פּיקניק וועט ניט ווערען א קריזיס, א געפעהר־ליכע פּאַניקע? די מיידלעך און ווייבלעך, וואָס וועלען זיך ריכטען צום פּיקניק, וועלען מוזען בלייבען זיצען אין דער היים אין זייערע וואָכעדיגע ספּאָדניצעס מיט די פאַרטוכער בעשפּריצט פון בולבעס שאָבען? די וועט זיך ניט קענען געהן קויפען קיין קלייד צום פּיק־ניק; די וועט איהר קלייד ניט קענען ארויסנעהמען פון דער שניידערקע, און די וועט מוזען איהר פּיקניק־קלייד פערזעצען אויף דירה־געלד... פון וואַנען ווייסט איהר וואָס עס קען ווערען? איהר וועט נאָך מוזען צו אַזאַ פּיקניק דערלעגען דעם קאָפּ מיט די אויערען מיט אַלעמען. איך שרעק זיך פאַר א פּיקניק ווי פאַר פייער.

אַן עהנליכען צעטעל שרעקעניש לעגט פאָר דער שרעקעדיגער ביי א פערהאַנדלונג וועגען אַן עקסקורשאַן, אַן אויספלוג אויפ'ן וואַסער:

— איך וועל גיכער טרויען אַן אמעריקאנער באַנק, אז זי וועט

ניט ברעכען, איידער דעם שטילסטען וואסער. וואסער איז א גנב, איך קען אָהן שרעק אויף איהם ניט קוקען. איהר האָט דאָך געלערנט חומש, אז מיט וואסער שפיעלט מען זיך ניט. איהר ווייסט פון א מבול, פון „קריעת ים סוף“ און דאָך היט איהר זיך ניט און ווילט מאַכען עקסקוירשאַנס. א סך מענשען האָבען גלאַט מורא צו פאָהרען אויפ'ן וואסער: איינעם פערדרעהט זיך דער קאָפּ, דעם אנדערען פאַלט צו חלשות צום הארצען. איבערהויפּט די ווייבער... איהר וועט זיי מוזען צוגעבען צו יעדער טיקעט א לימענע אָדער א פלעשעלע יום־כפור־טראָפּענס... דאָס וועט אייך בדלות שטעלען און בעגראָבען אייער גאַנצען פּראָפּיט... מיר שרעקט דאָס הארץ פאַר עקסקוירשאַנס, איך האָב מורא אז מיר וועלען נאָך אריינקריכען אין א פינאַנציעלע בלאָטע, אין א דעפּיציט...

אוים דעם זעלביגען גרונד איז דער שרעקעדיגער אויך א שלעכטער יוניאָן־מאַן און נאָך אַן ערגערער סאָציאַליסט. ער וואָלט אריין אין די יוניאָן, האָט ער מורא, אז זיין באָס קען נאָך ווערען אין כעס...

— סאָציאַליזמוס — זאָגט ער — איז א גוטע זאַך, עס נעהמט אבער אָן א שרעק וואָס מען מוז מען דורכמאַכען איידער מען קען קומען דערצו. מען דארף זיך פערקריעגען מיט א וועלט און מען קען נאָך אפשר גע'הרג'עט ווערען אויך.. דאָס איז א צו שרעקליכע זאַך צו אונטערנעהמען...

דער שרעקעדיגער, דער מיאוס'ער טרוס, וואָס טרויט ניט זיין אייגענע שיין פון די אויגען, איז אייגענטליך אויך אַן אַלגעמיינער טיפּ — א שוועכליג, וואָס געפינט זיך ביי די אומות העולם פּונקט ווי ביי אונז. דער אידישער טרוס אָבער איז אַן אויסגעבאַפּטע פּארשוין, ווי געמאַכט אויף בעשטעלונג פאַר דער אידישער גאַס.

אין איהם איז פערקערפּערט דעם אידען'ס דורות־לאַנגער גלות־שרעק, די אונבעהאָלפענקייט; דער היסטאָרישער פערדאַכט, אז

עס וועט מוזען געהן „מיט די פוטער אראב“ און ער שרעקט זיך אפילו פאר דעם געדאנק צו פרובירען זיך העלפען, ווייל ער וועט געוויס געפינען שטרויכלונגען אויפ׳ן וועג, וואס וועלען איהם אומוואַרפען און קאַליעטשען.

## דער שרעקעדיגער.

דאס איז דער שרעקעדיגער נאַר.
זיין פיין וואלט לאנג געעקט זיך,
דאך ער מוז אייביג ליידען צער,
ער איז א פרום, ער שרעקט זיך.

ער וואגט קיין גוטע זאך צו טהאן,
ער וואגט צומאָל ניט שרייען.
און טראגט ארום דעם עלענד׳ס פאַהן
און קען זיך ניט בעפרייען.

און ניט נור לייד׳ט אין דיעזען פאל
דער פרום אליין, דער גולם,
עס לייד׳ט דורך איהם דער גאנצער כלל,
עס לייד׳ט דורך איהם דער עולם.

איהם האט דער שד אהער געבראַכט
צו מעהרען אונז׳רע צרות.
ער אטהעמט שרעק, ער אטהעמט נאכט, —
מען דאַרף איהם אויף כפרות.

# דער פּאַרלעזער

ער איז ניט אַזאַ פּאַרלעזער, וואָס ווערט איינגעלאַדען צו געבען עפענטליכע פאַרלעזונגען, ווייל אַזאַ פּאַרלעזער דאַרף קענען פּאַרלעזען; ער דאַרף בעזיצען די קונסט פון אָראַטאָריע, די רעד־קונסט, וואָס זאָל בעצויבערען אַן עולם, און ער בעזיצט דאָס ניט; ער איז אַ וויסטע, פינסטערע קאַליקע, ער קען בעסער בערייידען ווי ריידען.

אַן עפענטליכער פּאַרלעזער דאַרף קענען ציהען אַ פּובליקום אין זאַאַל, אָדער אין טהעאַטער און ער, אונזער „פּאַרלעזער", ווערט מייסטענס אַליין אַרויסגעצויגען.

אַן איינגעלאַדענער פּאַרלעזער דאַרף האָבען אַ נאָמען, אַ זעלבסט־פּערדיענטען נאָמען און ער האָט נור דעם נאָמען, וואָס דער מוהל האָט איהם געגעבען אויפ'ן ברית און דעם פּאַמיליען־נאָמען וואָס ער האָט געקראָגען פון זיין טאַטען.

אַ ריכטיגער פּאַרלעזער לעזט גערן פאַר גוטע זאַכען פון אַנדערע פּערפאַסערס, פּונקט ווי זיינע אייגענע, ער ועט אָבער ניט פּאַרלעזען אַ פרעמדענס אַ זאַך, ווען מען זאָל איהם אפילו שרעקען מיט דער תליה. ער וועט דאָס ניט טהאָן, ווייל ער איז דער ווילדעסטער עגאָאיסט, דער פינסטערסטער בעל מקנא, דער מיאוס'־טער בעל גאוה, וועלכער זאָגט, אַז קיינער, אויסער איהם, קען ניט.

אויב ער וועט אַמאָל אויף איינעם מסכים זיין, אַז יענער קען אויך, וועט ער דאָס טהאָן מיט מסירת נפש; מיט בויכוועהטאָג; מיט ניערענ־קרענקונג; מיט לעבער־עסענים; מיט האַרץ־קלאַפּונג; מיט צייהן־קריצענים. ער וועט דאָס איבערהויפּט טהאָן אום צו ווייזען, אַז ער איז ניט אייפערזיכטיג, ווי מען מיינט; אַז ווען

איינער קען טאקע, איז ער „מיט פערגעניגען מודה“ און גיט איהם א הסכמה. אין אמת'ן אָבער איז ער יענעם א דם שונא און וואָלט איהם אָבגעהאקט ביידע הענד, ער זאָל ניט קענען מעהר געברויכען קיין פעדער. ער וואָלט פערארורטהיילט יעדען איינעם, וואָס פערקויפט יענעם ליטעראַט אָדער דיכטער שרייב-געציייג. ער וואָלט באַיקאָטירט יעדען לענדלאָרד, וואָס פערדינגט יענעם א דירה; יעדען בעקער, וואָס פערקויפט איהם א פאַמפּערניק; יעדען שניידער, וואָס מאַכט איהם תחתונים; יעדען שוסטער, וואָס פערריכט איהם די אָבזאצען און יעדען רעדאקטאָר און פערלעגער, וואָס דרוקען יענעם'ס זאַכען. ווען ער דערזעהט א בעריהמטען פערפאַסער, ווערט ער בּלייך פאַר כעס און עס נעהמט איהם אָב דער לשון פאַר ערגערנים און רציחה.

בכן וועט אונזער פּאָרלעזער א פרעמדען פערפאַסער'ס ניט פּאָרלעזען; אָבער זיינע אייגענע זאַכען איז ניטאָ וואָס צו הערען. און דאָך איז ער א פאָרלעזער, א בעוואוסטער פּאָרלעזער, מען קען איהם אַלס אַזעלכען אין דער גאַנצער אידישער גאַס.

דער דאָזיגער פּאָרלעזער איז — ווי מען קען זעהן פון דאָס פריהער געזאָגטע — אליין א שרייבער, און זעלבסטפערשטענדליך, אַז דער גרעסטער אין דער וועלט. ער שלעפט זיך שטענדיג אַרום מיט זיינע זאַכען אין די קעשענעס און ווי גיך ער דערזעהט א בעקאַנטען, לעזט ער איהם פּאָר.

די, וואָס קענען איהם, היטען זיך פאַר איהם ווי פאַר פייער; ציטערען ווי פאַר אַן עין הרע; שרעקען ווי פאַר די אינפלוענציע און אַנטלויפען ווי פאַר א מגפה. זיי ווילען איהם ניט בעגעגענען; זיי האָבען מורא ער זאָל זיי ניט נעהמען נודען מיט א „פּאָרלעזונג“; זיי ווערען פול מיט אַנגסט ניט צו חלש'ען אונטער זיינע הענד.

ער איז ניט קיין גרויסער מפונק, דער העלד אונזערער, וואו, וואָס, ווען און פאַר וועמען פּאָרצולעזען. ער וועט זיך אַמאָל פוילען איין צו בעגריסען, ער איז אָבער שטענדיג מוכן

ומזומן אַרויסצושלעפּען פון קעשענע און אייך מכבד זיין מיט זיין רעשטעל ניט־גוטקייט. יעדער אָרט איז גוט געגוג, יעדער פער־פּאַסעכטס זיינע — וואויל געגוג און יעדע צייט — פּאַסענד געגוג. די הויפּטזאַך איז נור, אַז ער זאָל פּ אָ ר ל ע ז ן און אייך „איבער־צייגען", אַז ער איז דער גרעסטער פון די גרעסטע, אַז קיינער, קיינער קען ניט אַזוי גוט ווי ער, אַז קיינער פערשטעהט איהם ניט.

ער וועט אַריינגעהן אין אַ פול־געפּאַקטע קאַר, וואו מענשען שטעהען צונויפגעפּרעסט און איינגעדריקט איינע אין די אַנדערע ווי הערינג אין אַ פעסעל, קוים וועט ער דאָרט דערזעהן אַ בעקאַנטען, וועט ער איהם פאָרלעזען. ווען איהר זאָלט איהם אַמאָל טרעפען אין מרץ, — אין אָרט, וואו ער געהט אַפילו זעהר זעלטען, כמעט קיינ־מאָל ניט, — וועט ער פלוצלונג פערשווינדען, וועט אַרויסשלעפען פון זיינע „אונטערשטע" אַן אַרטיקעל און אַרויפקריכען אויף'ן אויבער־שטען פּאָל, וואו איהר ליעגט און בעזימט זיך, און אייך פאָרלעזען...

איהר וועט זיך שמייסען און קראַצען, און ער וועט אייך לעזען איבער פּאַרפומירטע גן־עדן־סטעזשקעס; איבער שפּרינ־גענדע וואַסער־נימפען; איבער געווירצטע כאַליאַוועס און דרעמ־לענדע קאַטשערעס, איבער געטער און מלאכים, און סעדער, און גערטנער, און זויערע אוגערקעס.

איהר וועט הנאה האָבען פון באָד און שוויצענדיג קרעכצען „אוי, גוט! וואויל, געשמאַק, אַ מחיה נפשות!" און ער וועט מיינען אַז איהר קוועלט דאָס פון זיינע ליטעראַטור; אַז איהר קראַצט זיך און בעלעקט זיך פאַר בעגייסטערונג.

ער וועט אייך כאַפּען אין מיטען גאַס אין אַ שנעע־שטורם און פאָרלעזען. ער וועט אייך פאָרלעזען אין קעלער, אויף'ן דאַך, אין שפּייז־קרעמעל, אין יאַטקע און אַפילו דאָרט, וואו דער „קיסר געהט צופוס"... איבערהויפּט פיהלט זיך דער דאָזיגער פאָרלעזער גליקליך, ווען ער קען ערגעץ קריעגען זיין קרבן אין אַ ווינקעל, אָדער איהם

צוקוועטשען צו דער וואנד, אז יענער זאָל זיך ניט קענען א ריהר טהאָן און זיך פון איהם ניט ארויסרייסען און בעפרייען.

דער פאָרלעזער בענוגענט זיך אָבער ניט מיט׳ן פאָרלעזען אליין, צום ערגסטען זיינען זיינע „בעפּוצונגען“, וואָס ער ניצט צו זיי. ער לעזט און קוקט אייך אין די אויגען, וואָס פאר א מינע איהר מאכט. בעהיטען זאָל גאָט מיט זיין רעכטע, כשר׳ע האנד איהר זאָלט דאַן חלילה פלוצלונג קריגען קרעמפּפען, אָדער צייהן־וועהטאָג! ווייל דאַן וואָלט איהר זיך דאָך געווים געמוזט א קרים טהאָן, אָדער ווערען אונגעדולדיג... דער פאָרלעזער וואָלט אייך געבליעבען א בלוט־פיינד ביז אין קבר.

דאָס בעסטע ביי אזא פאָרלעזונג איז דאָס, וואָס דער פאָרלעזער האלט אייך אין איין שטורבען מיט׳ן עלענבויגען און מאכען בעמערקונגען : דאָס וועקט אייך נאטירליך אויף און לאָזט אייך ניט איינשלאָפען אויף אייביג.

זיינע בעמערקונגען זיינען אונגעפעהר אזוי : „נו, וואָס זאָגט איהר ?“ „איא עס נעהמט אייך ?“ „עס איז גרויסארטיג“, „קלאַ־סיש“, „עס איז נאָך גאָר אזוינס ניט געוועזן“, „זיי קענען אלע א מכה ; זיי האָבען קיין טאלאנט“, „זיי לערנען ניט“, „איהר מוזט מודה זיין, אז מיין שרייבען איז דאָס בעסטע אין דער אידישער ליטעראטור“, „א שאָד וואָס מען איבערזעצט מיך ניט אין אנדערע שפּראכען...“ „איך בין דער איינציגער, וועמעס זאכען אידען מעגען לעזען און הנאה האָבען“, „די איבריגע שרייבער זיינען שמירער“, „ניטאָ קיין איין רעכטער רעדאקטאָר ביי אידען...“ „די חוצפּה צו דרוקען זאכען פון אנדערע שרייבער און פון מיר ניט...“ „דער עולם וואָלט קיינעם ניט געלייענט נור מיך“, „די געמיינהייט, די ניעדערטרעכטיגקייט צו אנאָנסירען אן אנדערענס ארטיקלען איידער זיי ווערען געדרוקט און מיינע זאכען דרוקט מען גאָר ניט...“ „דאַרף מען נאָך שעהנערע פערפאסונגען ווי מיינע ? די לומפּען ווארפען

זיי גלייך אין פּאַפּיער־קאָרב...״ „פּערדאַמטע רעדאַקציעס אין אַמעריקאַ...״

אַט אַזוי האָנעלט דער פאַרלעזער מיט בעמערקונגען. ער לעזט אַב אַ שטיקעל, גיט אייך אַ שטורך און מאַכט אַ בעמערקונג; און אַזוי געהט עס כסדר: אַ לעז, אַ שטורך און אַ בעמערקונג; אַ לעז, אַ שטורך און אַ בעמערקונג און ווייטער געלעזען...

זאָל גאָט שומר ומשמר זיין, אַז אַ י י ך זאָל זיך אויך פערוועלען מאַכען אַ בעמערקונג, אָדער זאָגען אַ מיינונג, אָדער פערגלייכען אייער פאַרלעזענדען מחבר׳ס געדיכט אָדער אַרטיקעל מיט די ווערק פון אַנדערע שרייבער ווי שעקספּיער און די נביאים!....

היינט ווער רעדט שוין ווען איהר זאָלט איהם חס ושלום אַ זאָג טהאָן, אַז זיין „תורה״ איז ניט אָריגינעל, אַז זיינע מאַכערייקעס זיינען נאָכגעמאַכט, אַז זיי האָבען אַן עהנליכקייט, אַז זיי זיינען גענומען אויף פריקאַט, אָדער איהר זאָלט איהם פּראָבירען אַ „טאַפּ טהאָן״ פאַרוואָס ער גיט ניט אָן די קוועלען, וואו ער שעפּט, — דאַן וועט ער אויף אייך איבערקעהרען זיין פעלץ און לעזען אייך אַ צעטעל, אַז איהר זייט אַן עם הארץ, אַן איגנאָראַמוס, אַז איהר פערשטעהט ניט, גאָרניט מיט גאָרניט.

לויט דעם פאַרלעזער׳ס בעגריף, יאַ, לויט זיין גרויסקייטס־משוגעת האָט איהר ניט קיין רעכט צו זאָגען די קלענסטע מיינונג, נור צו עפענען דאָס מויל, די נאָז און אויערען, און זיך דראַפּען פאַר נחת רוח, קריכען אויף די גלייכע ווענד פון זיינע חכמות און קרעכצען ווי אַ געקוילעטע כפּרה פון זיין טראַגיזמוס. צום גלייכסטען איז, איהר זאָלט שטעהן ביי זיין פאַרלעזונג ווי אַ ליימענער גולם, ניט אַ פינטעל טהאָן מיט אַן אויג, ניט אַ צוק טהאָן מיט אַ ברעם, ניט אַ טרייסעל טהאָן מיט דער מאָרדע, ניט דערלאַנגען אַ נאָס, אַ שלוקערץ אָדער אַ גענעץ. איהר דאַרפט שווייגען און הערען, הערען, הערען, ביז עס וועט ניט זיין מעהר וואָס צו הערען און איהר וועט שוין ניט מעהר קענען ניט הערען און ניט זעהן, און

וועט אונטער זיינע הענד ווערען א פּאַרטיגער און פערשפּאַרען אליין צו לעזען אָדער הערען א פּאַרלעזונג ביז משיח וועט קומען און אויפוועקען אלע טויטע...

## דער פּאָרלעזער.

ער שרייבט. ער איז א ליטעראַט.
פּאַסט אויף און ווערט פון איהם גענעזען!
ער איז א שלאַק, א פּסיכאָפּאַט,
ער ווערט קיינמאָל ניט מיד און מאַט,
ער זוכט פאַר ווענען פּאָרצולעזען.
ער לעזט אומזיסט, נור אלס געשאַנק...
ער לעזט אייך דול, ער לעזט אייך קראַנק.

ער געהט אַרום, צו אַל'מענס ווען,
געגרייט די מענשען צו פערגיפטען.
ער זוכט קרבנות, אום פאַר זיי
צו עפענען א דומפּפע איי:
יא, פאָרצולעזען זיינע שריפטען.
קוים זייט איהר ניט פאַר איהם געהיט,
דאַן לעזט ער פאָר, — איהר ווילט, צי ניט.



# דער בעל טובה

---

עס זיינען דאָ רייכע מענשען, וואָס פערגינען ניט א צווייטען דאָס לעבען. זיי מיינען אז אלץ אויף דער וועלט, און די וועלט גופא, געהערט נור זיי אליין, און ווען נאָך אימיצער לעבט אויף דיעזער וועלט, דאַן קומט זיי א דאנק.

דאָס זיינען קאַרגע, ענגהערציגע, שמאָלע ברואים, וואָס וועלען ניט העלפען זייערען א נאַכבאַר, א בעקאַנטען אָדער א פריינד מיט דאָס מינדעסטע, און וועלען זיך דאָך בעטראַכטען פאַר גרויסע בעלי־טובות דערפאַר, וואָס זיי לאָזען אייך ארומגעהן מיט זיי אויף דערזעלביגער ערד.

מען דערצעהלט, אז איינער פון די דאָזיגע חברה־לייט האָט אמאָל געזאָגט, דאָס ווען ער וואָלט געוואוסט בעשטימט דאָס זיינער א שפּיי וועט אימיצען צוניץ קומען, וואָלט ער ניט געשפּייט אומזיסט.

עס איז ניטאָ קיין גרונד צו מענשליכע קאַרגשאַפט פונקט ווי עס איז ניטאָ קיין גרונד צו מענשליכע גוטהערציגקייט. עס איז דאַרום כדאי זיך צו בעקענען מיט די אַזוי־גערופענע „בעלי טובות“, וואָס ווילען אַ לויב דערפאַר, וואָס זיי גיבען אַ קוק אויף אייך, און בעטראַכטען זיך פאַר די גרעסטע פילאַנטראָפען, ווייל זיי זאָגען אייך „גוט מאָרגען“.

אַזאַ מין „בעל טובה“ גיט קיין שמעק טאַבאַק פאַר דער וועלט׳ס מיינונג וועגען „טובות“, וועגען „העלפען“. ער האָט וועגען דעם אויסגעאַרבייט זיין אייגענע פילאָזאָפיע, נעמליך: „העלף י ע נ ע ם און בעריהר ניט ד י י ן אייגענע קעשענע“.

ער איז איבערצייגט, אַז פּראַקטיש העלפען יענעם איז אַן עברה, אַ פערברעכען געגען דעם „טאַטען אין הימעל“. דאָס איז

פונקט ווי זיך רייצען מיט'ן רבונו של עולם: „זעהסט, איך בין בעסער פון דיר, דו האָסט יענעם געזשאַלעוועט צו געבען, וואָס ער דאַרף, איך אָבער גיב איהם יאָ...“

ער ווייס, אַז די ווערטער „רחמנות“, „הילף“, „גוטהערציג־קייט“, „מענשליכקייט“, „פריינדליכקייט“ האָבען שנאָרערס, לעדיג־געהערס און טרוסען אין די ווערטער־ביכער אַריינגעשמוגעלט, אַז דאָס איז טרפה סחורה, קאָנטראַבאַנד, און ער היט זיך דעריבער זיי חלילה ניט צו געברויכען.

ער האַלט דערפאַר שטענדיג צו דאָס האַרץ און דעם טייסטער, זיי זאָלען זיך חס ושלום פאַר קיינעם ניט עפענען. ער וויל ניט פערזינדיגען די יאָהרען...

עס לוינט אָבער ניט איינצורייסען מיט די מענשען, מען איז דאָך מישטיינס געזאָגט אליין אויך אַ שטיקעל מענש, מוז מען ווילענדיג אָדער ניט־ווילענדיג טהאָן יענעם אַ טובה: אַמאָל אַ שאָקעל טהאָן מיט'ן קאָפּ אַ בעגריסונג, אָדער אַמאָל טהאָן עפּעס אַן אַנדער „טובה“, וואָס דיר זאָל גאָר ניט קאָסטען.

אַט דער דאָזיגער „בעל טובה“ וועט אייך אַמאָל איינלאַדען צו זיך אויף בעזוך. ער וועט אייך מכבד זיין מיט אַ ביינקעל און פונדעוועץ מיט אַ גלאָז וואַסער.

— טרינקט, טרינקט, שעהמט זיך ניט, — וועט ער אייך בעטען — וואַסער איז געזונד, עס שווייינקט אויס דעם מאָגען... אַ גלאָז וואַסער איז זעהר ניצליך פאַר יעדען מענשען.... טרינקט, טרינקט. זשאַלעוועט ניט...

אַ ברירה האָט איהר? — איהר טרינקט. איהר נעהמט די גלאָז וואַסער און פליוכעט אַריין אין זיך. איהר קענט אייער מכניס אורח, דעם בעל טובה, ניט אָבזאָגען און איהר קוויקט זיך מיט חלשות.

דער בעל טובה זיצט דערווייל און קוועלט, וואָס זיין פריינד־שאַפט צו אייך קאָסט איהם בלויז אַ טרונק וואַסער. איהר מוזט

אָבער היטען די גלאָז אזוי גיך ניט אויסצולעדיגען, דען ווען דער בעל־טובה נעהמט שוין אוועק די האנד פון הארצען קוקט ער שוין ניט „ווי שפּעט עס איז" — ער וועט זיך ניט פוילען און הייסען מען זאָל אייך דערלאַנגען אַ צווייטע גלאָז וואסער און אַ דריטע.

ער וועט אייך אָנפילען מיט וואסער ווי אַ „ווייקשאַפּט", און וועט אייך האַלטען אין איין דערצעהלען ווי געזונד וואסער איז, ווי דאָס איז דער נויטיגסטער ארטיקעל צום לעבען. ער וועט אייך ערקלערען, אַז טרינקען איז וויכטיגער ווי עסען, אַז מיט עסען קען אַ מענש ווארטען, טרינקען אָבער מוז ער די מינוט וואָס איהם פערווילט זיך. דורשט אין קיין קאַטאָוועס ניט. גאָט זאָל שומר ומציל זיין !...

און איהם וועט טאַקע אַארען ווי צעהן מאָל גאַרניט, אויב איהר זייט הונגעריג אָדער ניט. עפּעס אַ ביס צו טהאָן וועט ער אייך ניט געבען. וואסער אָבער וועט ער אייך ניט קאַרגען. ער וועט דאָס אייך ניט געבען סתם אין דער וועלט אריין, נור מיט אַ טובה און אַ גמילת חסד, פּונקט ווי איהר וואָלט געווען אין דער מדבר סאַהאַרא און ער וואָלט געטהאָן אַ נס און פאַר אייך געעפענט אַן אַאזיס...

אמת, איהר וואָלט טאַקע נור געקראָגען אַ טרונק וואסער, אָבער ניט גלאַט וואסער פון אַ גאַנץ יאהר, זאָנדערן טובה־וואַסער, גאַסט־פריינדשאַפט - וואסער, רפואה־וואסער, נסים־וואסער, מיט איין וואָרט — וואסער !....

דער בעל־טובה איז ניט נור „גאַסטפריינדליך", ער איז אויך ניט פויל מיט אייך צו שפּאַציערען, ער וועט אייך רופען איהר זאָלט געהן מיט איהם אין פּאַרק.

ער וועט דאָס מאַכען מיט אַזאַ מינע, מיט אַזאַ אָנשטעל פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען זיין אייגענער פּאַרק און קיינער קען דאָרט ניט אריין אָהן זיין ערלויבניס, פּונקט ווי מען וואָלט אייך דאָרט אָהן

איהם ניט אריינגעלאָזט, נור ער נעהמט איך מיט אויף זיינע אחריות — ער טהוט איך אַ טובה...

ער וועט געהן און איך די גאַנצע צייט געבען צו פערשטעהן ווי גוט דאָס איז זיך צו בעוועגען, צו שפּאַציערען, צו כאַפּען פרישע לופט, ווי די פרישע לופט איז בעסער ווי די שטוב־לופט.

ער וועט מיט איך אַזוי לאַנג רעדען וועגען דעם, אַזוי לאַנג האַקען אַ מח וועגען דעם שפּאַציער אין פּאַרק, ווי ער איז קיינמאָל ניט פויל צו געהן מיט אַ בעקאַנטען „כאַפּען פרישע לופט", ער וועט איך אַזוי לאַנג נודען מיט זיין „גאַנג", אַז איהר וועט זיך אויף אַ מינוט פערגעסען, דאָס איהר געהט מיט אַ חזיר און איך וועט זיך אויסדראַכטען, אַז איהר חבר'ט זיך מיט אַ מענשען, וואָס טהוט איך אַ טובה...

— האַ, גוט, גוט, אַ מחיה, — וועט איך מיסטער בעל טובה געבען אָנצוהערעניס, זיך בעלעקענדיג פון די פּאַרק־לופט, — איז וואהר די לופט איז גוט? איך האָב איך באַלד געזאָגט, אַז אַ שפּאַציער צווישען די בוימער איז ווערטה אַלע געלדען... איהר וועט זעהן, אַז איהר וועט שפּעטער פיהלען גאָר אַן אַנדער מענש. איהר וועט נאָך אַזאַ שפּאַציער גאָר אַנדערש שלאָפען... אַ מענש מוז שטענדיג זיין גרייט צו נעהמען אַ גאַנג, קוים האָט ער נור מיט וועמען, קוים וויל איִם נור אימיצער מיטנעהמען, דאַרף ער זיך ניט אָבזאָגען און געהן... געהן... נור געהן... איי, גוט, געשמאַק, אַ חיות!...

אָט אַזוי וועט ער איך קראַנק מאַכען מיט זיינע „טובות", פּונקט ווי ער וואָלט בעשאַפען דעם דרוויסען, די בוימער און די גראָזען, די ערד, דעם הימעל, די לופט, און די מעגליכקייט מען זאָל קענען אָטהעמען.

איהר וואָלט זיך שוין וועלען פון איהם אָבטשעפּען און איהם לאָזען געהן אין אַל די שוואַרץ יאָהר מיט'ן פּאַרק, מיט די לופט מיט אַלץ מיט אַנאַנדער, אָדער איהר וואָלט זיך וועלען פערשטאָפּען די

אויערען מיט וואַטע און ניט הערען ווי דער בעל טובה דרעהט אייך אַ ספּאָדעק מיט זיינע טובות.

אָבער ער לאָזט אייך ניט אָב, ער וויל, איהר זאָלט וויסען און בעגרייפען וואָס ער טהוט פאַר אייך.

אָפט טרעפט, אַז דער שוסטער קומט צום בעל טובה און ברענגט איהם אָב אַ פּאָר שיך, אויף וועלכע ער האָט געלעגט האַלבע זוילען אָדער נייע אָבזאַצען, און בעקלאָגט זיך נעבעך, דער אָרעמער שוסטער, אַז ער איז קראַנק. ער דערצעהלט, אַז עס שוואַכט איהם דאָס האַרץ, אַז ער ליידט פון קאָפּ־וועהטאָגען א. ז. וו.

דער בעל טובה טהוט דעם אָרעמאַן אַ טובה, ער הערט איהם אויס און רופט זיך אָב:

— הערט — זאָגט ער איהם — אויב איהר ווילט אַ טובה פון אַ קלוגען מענשען, טאָ הערט אויס וואָס איך וועל אייך זאָגען: פאָלגט מיר און געהט ניט צו קיין דאָקטאָר. איהר הערט? לאָזט זיך ניט קורירען, פערנעהמט זיך ניט מיט קיין דאָקטוירים און מיט קיין רפואות. איהר דאַרפט דאָס אויף כפּרות... זיצט און אַרבייט, און מאַכט זיך ניט וויסענדיג...

— איך בין אָבער ניט פאַר אייך געדאַכט אַ טוידטער מענש, איך פיהל, אַז איך בין פערביי — בעקלאָגט זיך דער קראַנקער שוסטער, זיך האַלטענדיג פאַר'ן האַרצען — איך קען ניט אַרבייטען.

— רעדט זיך ניט איין — שטראָפט איהם דער בעל טובה — היילט זיך נור ניט, וואַרפט ניט אַרויס קיין געלד! איהר זייט אַ איד אַן אָרעמאַן, אַ רחמנות אייערע פאָר גראָשען, געלד איז אַ צו גוטע זאַך אוועקצוגעבען דעם אַפּטייקער... איך טהו אייך אַ טובה מיט מיין עצה, געהט כ'לעבען אַהיים און זעצט זיך אַרבייטען, מאַכט זיך ניט נאַריש...

אַזוי רעדט זיך אונזער בעל טובה און רויכערט זיין ציגאַר. איהם קימערט אַזוי דער קראַנקער אביון ווי דער פאַר־אַ־יאָהריגער שנעע.

אויפ׳ן טיש ביים בעל טובה שטעהען פלעשער מיט טהייערע געטראַנקען, מיט פרוכט, מיט לאָבונגען און צוקער געבעקס, אָבער עס פאַלט איהם גאָר ניט איין צו דערקוויקען דעם שוואַכען. עצות זיינען ביליגער, ער גיט זיי מיט׳ן פולען מויל און האָט נאָך אַ מצוה אויך, ער שפּאָרט איין דעם שוסטער געלד און הייסט איהם געהן אַרבייטען...

ווען עס לאָזט זיך גראָד אויס אַז דער שוסטער שלעפּט זיך נאָך ווי עס איז אַרום אויף צרות, און, ניט האָבענדיג קיין אַנדער ברירה, איז ער „געזונד", און דער בעל טובה טרעפט איהם גראָד אין גאַס, דערלאַנגט ער איהם אַ זאָג:

— נו, וואָס מאַכט איהר? איהר לעבט, הא? איהר זייט טאַקע ניט געשטאָרבען... איך בין זיכער, אַז איהר האָט מיך געפּאָלגט... איהר זייט ניט דער איינציגער וועמען איך האָב אַ טובה געטהאָן...

דערפאַר אָבער ווען עס טרעפט אַמאָל, אַז דער דאָזיגער בעל טובה אונזערער קומט צופעליג אויף אַ פרעמדע חתונה און דער טיש איז פול מיט כל טוב האַלט ער נאָכאַנאַנד אין טראַקטירען די געסט וואָס זיצען נעבען איהם און פונדערוועגט זיך אַליין אויך דערוויילּ. — נעהמט ציגאַרען, נעהמט — גיט ער אונטער חשק און רוקט די קעסטעל ציגאַרען צו די דערבייאיגע — אויף מיינע אחריות איהר מעגט רויכערען, עס וועט איך ניט שאַדען, גוטע ציגאַרען.

אַזוי זשאַלעוועט ער ניט יענעמס ציגאַרען, וויין, שנאַפּס, פרוכט און פערשיעדענע געריכטען. ער איז דער גרעסטער בעל צדקה אויף אַ פרעמדע ביימעל.

## אַ בעל טובה.

אָט דאָס איז אונז׳רער אַ בעל טובה,
פון וועמען טויזענד טובות שטראָמען.
ביי׳ם לעבען פאָדערט ער אַ „נאָמען",
און ריכט זיך אויף אַ לויב־מצבה.

ער איז אַ נישט, אַ מענשען־האַסער,
אַ בריה נור אין שמוץ צו ליעגען.
איהר קענט אין בעסטען פאַל נור קריגען
ביי איהם אַביסעל קאַלטע וואַסער.

דען וואַסער איז זיין דומעס שטו׳עבען,
און מוטגע וואַסער זיין נשמה,
זיין אָרט איז טיעף אין דער אדמה,
ווער דאַרף אַזאַ פערשאָלט׳נעם לעבען?

# גוטעל

ווער עס קען ניט גוטלען דער קען ניט די וועלט, ווייל גוטעל און די וועלט איז אַלץ איינס.

אָבער ווער קען איהר ניט?

זי איז אַ קהל'שע קליאַמקע, אַן וועלכע יעדער מוז זיך אָנריהרען.

זי איז שטענדיג דאָ אומעטום, אין די ווייטסטע גאַסען און פערוואָרפענסטע הייזער. זי פעהלט נור אויס אין איין איינציגען אָרט; אין איין איינציגער הויז אין גאַנץ גרויס־ניו־יאָרק איז זי אַ זעלטענער גאַסט — ביי זיך אין דערהיים.

איהר קענען אַלע ווייבער און אַלע קינדער; ווילד־פרעמדע מענער הערען ריידענדיג וועגען גוטלען און ווייסען ווער גוטעל איז. אַלע האָבען איהר גערן פאַר איהר גוטהערציגקייט, פאַר איהרע טובות, געבעטענע און אונגעבעטענע. דעם פעררינכט זי אַן ארבייט, יענעם גיט זי אַן עצה; דאָ לעגט זי צו אַ האַנד, דאָרט — אַ צונג און דאָרט אַן אויער... איהרע אייגענע קינדער אָבער זעהען איהר זעלטען אָן, און איהר מאַן איז נעבעך געצוואונגען איהר צו שילטען אונטער די אויגען, ווייל זי איז קיינמאָל אין דער היים ניטאָ.

מען רופט איהר די קהל'שע קליאַמקע, אָבער זי איז ניט פער־בונדען מיט קיין קהל'שען אינסטיטוט, מיט קיין וואָהלטהעטיגען אנשטאַלט; זי איז ניט געשיקט פון קיינעם צו העלפען. מענשען און קריגט ניט בעצאָהלט פאַר איהר ארבייט, — חלילה! זי איז אַליין אַן אנשטאַלט, אַן אינסטיטוט אויף אַ פאָר פיס און טהוט אַלץ אומזיסט. אויף איהר אייגענעם חשבון, אויפ'ן חשבון פון איהר מאַן'ס צופוקענים און איהרע קינדער'ס ניט־פערקאַמטע קעפּלעך.

און גיטעל איז ניט קיין „האַמבאַג“. זי קען אַלץ און ווייס אַלץ, און איהר הילף ווערט פיעל געפאָדערט. זי איז אַ קיין קאַטאַ־וועסדיגע בריה, נור אַלץ פאַר אַנדערע, ניט פאַר זיך.

איהרער אַ צימעס, אַ ראָסעל־פלייש, אָדער אַ געפילטע קישקע שמעקט איבער אַלע טרעפּ, אָבער אַ פּייג מאַכט זי דאָס ביי זיך אין הויז; אַ מכה זעהט אָן איהר מאַן אביסעל ווארעמעס. מעהרסטענס מוז ער זיך אַליין פּאָרען ביי די טעפּלעך, און ניט זעלטען פערגעסט ער און שיט אַריין זאַלץ אין די קאַפּע און ווארפט אַריין די טהעע אין די לאָקשען, און די אָרעמע קינדער נעבעך מוזען זופּען פאַר־אַכט־טאָגעדיגע טריפּלעך און טראָגען אַ חודש נאָכאַנאַנד די זעלביגע העמדלעך, במחילה. יעדער ווייס, אַז גוטעל איז די גרעסטע פּרעג־לערקע אין אַמעריקאַ. ווען ביי אימיצען דאַרף עפּעס צופּרעגעלט ווערען, ווערט דאָס ניט געטהאָן אָהן גוטלען; זי מוז זיין דערביי: דאָס דורכמישען, פערזוכען און זאָגען מבינות.

עס טרעפט אַמאָל אַז זי פּרעגעלט ביי זיך אין קיך טייגלעך פאַר אַ פרעמדע שמחה: אַ ברית מילה, אַ בר מצוה, אַ תנאים, אַ געבורטסטאָג אָדער אַ חתונה, דאַן האָבען שוין איהרע קליינוואַרג זייער עהרליכע אויסקומענים. קינדער, פערגעסען זיי און בעטען אַ שטיקעל. נו, נו, קריגען זיי, אַז זיי האָבען צו געדענקען זייער מאַמע׳ס בריה׳שאַפט! עס פעהלט זיי קיין קלעפּ און קיין קללות, און איהר מאַן טאָר זיך אפילו ניט ריכטען, אַז מען וועט איהם איינלאַדען אַלס גאַסט אויף דער פרעמדער הולאַנקע, צו מאַכען אַ ברכה אויף זיין ווייב׳ס צופּרעגעלענים. אַלץ, וואָס איהם בלייבט איבער פון די גוטע איינגעמאַכטס, איז אַן אויסגעווייקטער הערינג, וואָס גיטעל צוהאַקט איידער זי טראָגט אָב איהר גוטהערציגקייט און העלפט דאָרט פאַראיינס אַ סאַרווער טהאָן.

טהוט ערגעץ אימעצען עפּעס וועה, איז גוטעל אין מיטען מיט איהרע רפואות. זי איז אַ געוואַלדיגע מומחה׳טע און פערשטעהט אַ קריינק; זי מישט גאָרציצניקעס, „שטעלט אַ גלאָז“, מאַכט אַ

קליםטיר, אַ פּוס־וואַנע, לעגט צו הייסע אָדער קאַלטע קאָמפּרעסן, שטעכט אוים אַן אָנגעריסענעם פינגער. איהר מאַן אָבער איז אַ איד אַ חלש, קוים וואָס ער זשיפּעט, טראָגט זיך אַרום מיט אַ היסטאָרישען מאָגען קאַטאַר, וואָס ער האָט נאָך גע׳ירש׳עט פון זיין טאַטען און האָט קיינמאָל ניט ווער עס זאָל איהם צולעגען אַ הייסען דעקעל צום בויך.

ביי גוטלען אין הויז זעהט שטענדיג אויס ווי נאָך אַ פּאָגראָם, אַ „תהו ובהו", אַ וועלט־איבערקעהרעניס, אַלץ איז צומישט, פערדרעהט, קאַפּויר מיט׳ן קאָפּ אַראָב, אַ מין לעבערליכע פערדרעהעניס, אַ טייפעלשע אָרדנונג: דער בעזים ליגט אויפ׳ן פּאָליצע און די כלים זיינען פערקעהרט אין ווינקעל; דער טשייניק ליגט צוגעדעקט איבער׳ן קאָפּ אין וויעגעלע און די ווינדלעך בלאָנדזשען צווישען די מילכיגע געפעס; דאָס עופה׳לע האָט אויסגעקעהרט מיט זיך די שטוב, דער טישטוך געהט טבילה אין אַן עמער וואַסער, און דער אַוויוועז איז אויסגעפּוצט אין אַ הוט מיט שטראוס־פעדערען.

באַלד ביים אריינגאַנג אין הויז, ביים רעכטען שוועל ליגט אַ באַרג אָנגעוואָרפענע שטוהלען, אַלטע רעגענשירעמס, אויסגעדיענטע קאָרסעטס, גומענע קאַלאָשען, טעפּ, שיסלען, טעלער, פּושקעס האָבער־גריץ, ריב־אייזענס, וואַלגערהעלצער, אַלטע וועש און פערשיעדענע שמאַטעס און שאַרבענס, און האַלב־נאַקעטע, באָרוועסע, שמוציגע, ניט פערקאַמטע, הונגעריגע, וויינענדע, לאַכענדע, שרייענדע און קוויטשענדע קינדער שפּרינגען אַרום איבער דעם אַלעם, אַזוי ווי לצים, און די קולות הערען זיך איבער אַלע עטאַזשען.

גוטעל איז פערנומען ערגעץ ביי אַ געוועזענע שכנ׳טע, אַ יונגע וויבעל. זי לערענט איהר ווי צו זיין אַ בעל־הבית׳טע; ווי צו האַלטען אַ הויז אין אָרדנונג; ווי צופריעדענשטעלען דעם מאַן און האָדעווען קינדער...

און גוטעל העלפט ניט נור אָרעמע, נור אפילו רייכע אויך. זי

איז גוט צו אַלעמען, און וואו זי בעוויייזט זיך ווערט אַ ליכט אין די אויגען. זי זוכט זיך ניצליך צו מאַכען און זי איז טאַקע ניצליך.

ביי אַן אָרעמע פאַמיליע, למשל, לערענט זי אַ אידענע פער־שטאָפּען דאָס מויל אַן אַלטען מאַטראַץ, איבערניצעווען אַ טוניק, מאַכען פון אַן עלטערע ספּאָדניצע אַ יונגען ספּענצעריל פאַר אַ מיידעל, אָבווישען אַ קינד דאָס נעזעל, פלעכטען אַ קיטקע, פער־קאַמען אַ האָר־שייטעל, אָדער ערקלעהרען דעם סוזשעט פון אַ „נארישע וואָך"־פּיעסע.

אין אַ רייכע הויז רעקאָמענדירט זי זיך אַליין אריין אַלץ מבינ'טע אויף דער דיענסט, אויף דער קעכין, זי קומט לויבען די בעל הבית'טע, אָנקוועלען פון איהר טהעאטער־מאַנטעל און ווינשען, זי זאָל זיך „גוט אַמוזירען".

ווי איהר זעהט, האָט גאָט בעשאַפען גוטלען, זי זאָל אַכטונג געבען אויף זיין מלאכה און פעררי‌כטען דאָרט, וואו ער האָט קיין צייט ניט זיך צו מישען. הער האָט אַפילו געדאַרפט בעשאַפען נאָך עפּעס אַ מין גוטעל, וואָס זאָל רחמנות האָבען אויף גוטעל'ס מאַן נעבעך און אויף איהרע עלענדע קינדער, ווען גוטעל איז ניטאָ.

נור פרעג קשיות ביים רבונו של עולם! דערצעהל וואָס יאָ צו מאַכען און וואָס ניט צו מאַכען! מן הסתם דאַרף אַזוי זיין. מיט אַ סך גוטעלס וואָלט דער וועלט צו גוט געווען און עס טאָר איהר ניט זיין צו גוט, ווייל זי וועט צופיעל זינדיגען. דערפאַר האָט ניו יאָרק איין גוטעל, אָבער אַ רעכטע...



# דער טענצער

א פייג האָט טשאַרלי שפּרינגער, דער טענצער, געגעבען פאַר דער גאַנצער וועלט: קוים קען זי ניט טאַנצען, טויג זי אויף כפּרות.

ער פּלעגט הערען ווי מען רעדט וועגען גרויסע מענשען, וועגען שטאַאטס־לייט, פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַטען, וועגען פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאטען, און פלעגט דערביי שמייכלען. ער האָט געוואוסט, אַז טאַנצען קען ער בעסער ווי דער פּרעזידענט מיט׳ן קאָנגרעס און סענאַט צוזאַמען. ער איז געווען מעהר ווי זיכער, דאָס ווען אַמעריקאַ, למשל, וואָלט געפאָדערט אַ מיניסטער אָדער אַן אַמבאַסאַדאָר אַ טענצער, דאַן וואָלט דאָס ניט געווען קיין אַנדערער ווי ער, טשאַרלי שפּרינגער.

יעדערער, וואָס האָט געקענט טאַנצען, האָט געקענט שפּרינגער׳ען, און ווער עס האָט איהם ניט געקענט פּערזענליך, האָט דערקענט אָן זיין „גאַנג“, אָן זיין „טראָגען זיך“, אַז דאָס געהט אַ טענצער. יאַ, אַ טענצער פון אויבען ביז אראָב.

זיינע האָר זיינען געווען פערשאָרען מיט אַ „פּאָלקע“ און זיינע פיס האָבען זיך גע׳חנ׳ט אין לאַקירטע שיך, אָדער ווי דאָס הייסט אין ענגליש „פּעטענט לעדער שוהס“, אין וועלכע ער האָט אויסגע־זעהען ווי געבאָרען טאַנצענדיג.

אין אַלגעמיין האָט דאָס געשיינט, אַז ווען מען זאָל טשאַרלי שפּרינגער אין גאַנצען צונעהמען פון זיך אַליין און נור איבערלאָזען זיין פּאָלקע מיט די לאַקירקעס, וואָלטען זיי אויסגעטאַנצט דעם שעהנסטען קאַדריל, אויסגעדרעהט דעם פיינסטען וואַלצער און אויסגעשפּרונגען די קונציגסטע האָפּקע.

ווען עס וואָלט זיך געווענדעט אָן שפּרינגער׳ס דעה, וואָלט

קיין אַנדער אַנשטאַלט, אויסער טאַנץ־לאָקאַלען, אויף דער ווייסער וועלט ניט געווען. אָנשטאָט אוניווערזיטעטען, וואו יונגע לייט זאָלען זיך דולען און ברעכען אַ מח מיט מאַטהעמאַטיק, פיזיק, אַסטראָנאָמיע, כעמיקע און אַנדערע קענטניסען, אין וועלכע עס איז קיין גרונד ניטאָ, וואָלט ער געבויט טאַנץ־אַקאַדעמיעס און זיך אין זיי געלאָזט טראָגען ווי אַ וויכער, זיך דרעהען ווי אַ ווינד־מיהל און דערטרינקען דעם לעבענס־ערנסט אין אַן אונגאַרישען „שאָטאַש“, אין אַ פּוילישע „מאַזורקע“, אין אַ „פּאָלינעזש“, אָדער אַן אַמעריקאַנער „הוטשי־קוטשי“־טאַנץ.

ניט בלויז אין טאַנץ־אַקאַדעמיעס און אויף בעלער פלעגט שפּרינגער זיין אַן אָפטער גאַסט, נור אויף חתונות פלעגט ער אויך ניט פעהלען. ניט געווען אַן אָרט, וואו מען האָט געטאַנצט אין אידישען קוואַרטאַל, אַז טשאַרלי שפּרינגער מיט דער פּאָלקע פון אויבען און די פּעטענט לעדער שיך פון אונטען זאָל זיך דאָרט ניט דרעהען. ער איז געווען בעקאַנט מיט די פערשיעדענע „האָלס“ פון די אידישע גאַסען, מען האָט איהם דאָרט געקענט ווי אַ בייזען שילינגער. ער האָט קיינמאָל אין ערגעץ ניט געדאַרפט קיין בילעט, קיין ספּעציעלע איינלאַדונג און קיין בעצאָהלטען „העט־טשעק“. מען האָט איהם אומעטום אַריינגעלאָזט מיט אָפענע אָרעמס. אפילו אין אידישען טהעאַטער פלעגט ער אַריינגעהן אומזיסט.

מען פלעגט מאַכען אַ חתונה אין אַ האָל, וואו מען האָט נור געהאַט געקליעבענע מענשען, וואָס מען האָט איינגעלאַדען דורך צוגעשיקטע בילעטען, קוים אָבער האָט דאָרט די מוזיק אָנגעהויבען שפּיעלען, איז שפּרינגער געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געגליצט מיט זיינע פּעטענט לעדער שיך איבער די דילען, און זיין פּאָלקע האָט זיך שוין געוואָרפען אין די אויגען.

ניט זעלטען פלעגט ער אויף אַזאַ אָרט פערשפּאָרען אַ „סאַפּער“. איידער וואָס־ווען פלעגט ער זיך מאַכען ניט וויסענדיג און זיך צורוקען צום געגרייטען טיש מיט די געבעטענע געסט צוגלייך און

„האקען די סעודה ווי נאָך א קרענק". דעם חתן'ס צד האָט געמיינט, אז ער בעלאַנגט צו דער כלה'ס צד און דער כלה'ס צד האָט געמיינט, אז ער בעלאַנגט צום חתן'ס צד. די משרתים פון האָלל אָבער האָבען איהם געקענט און געוואוסט, אז ער בעלאַנגט אין ערגעץ ניט און איז נור א מחותן מיט דער וועטשערע. זיי זיינען געווען זיינע חברים און פלעגען איהם דערלאַנגען א פּאָרציע, אז ער האָט געקייעט אויף ביידע באַקען און פלעגט „ארונטערלאָזען" איין פלעשעל ביער נאָך דער צווייטער, און ווען עס פלעגט האַלטען ביים „בענשען", פלעגט שפּרינגער שוין זיין נעבען די כלי־זמרים און טאַנצען גאָר פון דאָס ניי.

ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט א לעב צו טהאָן אויף א פרעמדע חתונה, אליין אָבער איז ער שוין געווען אַן עלטערער בחור און האָט געוויכט פון דער חופה ווי פון פייער. ער האָט גרויס הנאה געהאַט צו טאַנצען מיט פרעמדע כלה'ס, קיין אייגענע כלה אָבער האָט ער ניט געוואָלט, כאָטש העננט איהם, און פלעגט ציטערן פאַר'ן מסדר קדושין ווי פאַר'ן מלאך המות.

שוין ניט איין בתולה האָט זיך פּרובירט צוצושאַרען צו שפּרינגער'ען, זיך צוצוטוליען צו איהם מיט ליעבע ביים טאַנצען, אוועקלעגען איהר קאָפּ מיט גרויע האָר ביי איהם אויפ'ן הארצען... אָבער שפּרינגער פלעגט אָבטאַנצען און אוועקשפּרינגען און איז שוין קיין היגער ניט געווען. ביי איהם זיינען די מיידלעך נור געווען א געגענשטאַנד צום טאַנצען, אָבער ניט מקדש צו זיין; ער האָט דערפון ניט געהאַלטען.

ווען שפּרינגער איז געווען יונג און פיפיג, פלעגען זיין פריזור און זיינע פעטענט לעדער שיך גאַנץ אנדערש צויבערען, און עס פלעגען קוקען אויף זיי די יונגע מיידלעך אויך. שפּעטער אָבער, ווען ער איז עלטער געוואָרען און פונקט איבער דער געדיכטער, געקרויזטער, שוואַרצער פּאָלקע האָט אָנגעהויבען אויפצוגעהן א „ווייסע לבנה", איז ער נור געווען אינטערעסאַנט פאַר בעיאָהרענטע

פרייליכס, וואָס פלעגען איהם צייטענווייז ניט ווייניג דאַקוטשען. אָבער ער האָט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. בלויז ביים „אָבקיהד-לען" זיך צווישען די טענץ פלעגט ער אמאָל זוכען צו מאַכען מיט אַ מיידעל אַ קורצע בעקאַנטשאַפט... אין העכערע פּאָליטיק פלעגט ער זיך מיט קיינע ניט אריינלאָזען...

— וואָס פאַר אַ פּרעכטיגע לבנה-נאַכט !... — פלעגט איהם מאַנכעס מאָל געבען אָנצוהערענים אַ מיידעל, וואָס ער פלעגט בעגלייטען שפּעט ביי נאַכט אהיים.

— די אָבעדראַנצער יאָנג מענס אַסאָסיאיישאָן האָבען מיטוואָך אַ באָל — פלעגט ער פערשלאָגען די רייד, אום ניט צו פערקריכען אין אַ שידוך.

שפּרינגער פלעגט איבערהויפּט קיינמאָל ניט ווערען סענטי-מענטאַל. די הערליכסטע לבנה-נאַכט האָט איהם נור געוויזען, אַז ער דאַרף קיין רעגענשירעם צו געהן אהיים, און די שעהנסטע מוזיק פלעגט ניט אַפּעלירען צו זיין נשמה, נור צו זיינע פיס: מען שפּיעלט, דאַרף מען טאַנצען...

איינמאָל האָט ער זיך בעקענט אין אַ טאַנץ-זאַל מיט אַ מיידעל, וואָס איז פּשוט געקומען זיך לערנען טאַנצען, אָבער נור טאַנצען און ניט מעהר. די מיידלעך און בחורים פון טאַנץ-זאַל האָט זי בעטראַכט בלויז פאַר געצייג, וואָס מען מוז געברויכען, ווען מען וויל זיך אויסלערנען טאַנצען. זי האָט קיינמאָל מיט קיינע און קיינעם פון זיי קיין איבעריגע טענות און מחזקות ניט געמאַכט. נאָכ'ן טאַנצען האָט זי זיי מעהר ניט געקענט און ניט געוואָלט קענען. אין גאַס פלעגט זי קיינעם פון איהרע מיט-טענצער ניט בעגריסען. זי איז ניט געווען זעהר שעהן, דערפאַר אָבער זעהר נעט און שטאָלץ, מיט אַ ווירדיגעס בענעהמען.

אַלס אָרעמע ארבייטער-מיידעל איז זי געווען אַן אויסנאַהם.

דורך איהר האַלטונג איז זי גיך פּאָפּולער געוואָרען צווישען די טענצער און טענצערקעס. זיי האָבען איהר אַ נאָמען געגעבען די

„אריסטאָקראַטקע“. שפּרינגער, וואָס פלעגט נור טאַנצען מיט די בעסטע טענצערקעס, האָט אָנגעהויבען מיט דער נייער שילערין צו טאַנצען, און אזוי ווי ער איז געווען אַן עקספּערט אין דער טאַנץ־קונסט, האָט זי פון איהם אַ סך געלערענט.

אזוי האָט טשאַרלי שפּרינגער געטאַנצט מיט דער „אריסטאָ־קראַטקע“, און אַלע יונגע לייט פלעגען איהם מקנא זיין. אמת, זי איז ניט מעהר יונג געווען, אָבער איהר אויפגעראַמטקייט האָט איהר פערליהען אַ בעזאָנדערען חן.

פּלוצלונג זיינען זיי ביידע נעלם געוואָרען. זיי זיינען מעהר טאַנצען ניט געקומען, און מען האָט געהערט, אַז שפּרינגער האָט חתונה געהאַט מיט דער „אריסטאָקראַטקע“.

מילא די אריסטאָקראַטקע איז אַן אריסטאָקראַטקע פערבליבען, טשאַרלי שפּרינגער אָבער איז ווי „אונטער דער וואַנד ארונטער“, ער איז געוואָרען אַ פערביטענער. עס איז איהם ממש שווער צו דערקענען. זיין פלונית'טע האָט איהם אזוי געטאַמעוועט, אַז ער זעהט קיין קאַדריל אפילו אין חלום אויך ניט.

מען בעגעגענט איהם אָפט פיהרען אַ „בייבי קעריעדזש“, און זיין ווייב געהט פון דער זייט ווי אַ פּריץ'טע. וואו פאָלקע? ווען פאָלקע? וואו פעטענט לעדער שיך? — פון דעם אַלעם איז מעהר קיין זכר ניטאָ.

שפּרינגער טראָגט איצט די האָר קורץ געשאָרען, אראָבגענומען מיט אַ שנייד־מאַשינקע, און די פריהערדיגע היטעל, וואָס פלעגט איהם זיצען אויפ'ן שפּיץ קאָפּ, איז איצט אַ תחום שבת צו גרויס און פאַלט איהם אריבער איבער די אויגען. און דיעזער אריבערפאַל איז גראָד ניט קיין צופאַל. ער וואָלט געקענט עפּעס אונטערלייגען אינ־וויינינג און מאַכען די היטעל קלענער, וואָלט זיך אָבער צופיעל ארויס־געזעהן דער פּליך.

די שיך זיינען די זעלבינע, וואָס אַלע שטערבליכע טראָגען, און אַ סך מאָל פערגעסט ער זיי אָבצופוצען. עס ליגט איהם ניט אין

זינען. דאָס קינד האַלט איהם אין איין „באַדערען“ און די „אידענע“ אין איין זאָגען מוסר, אין איין לערנען צו זיין אַ מאַן מיט אַלע מענער צוגלייך.

— פעטענט לעדער שיך ווערען צושפּאָלטען און זיי פּאַסען אויך ניט אויף אַלע טאָג — ערקלעהרט זי איהם — זיי זיינען מעהרסטענס שעהן פאר אַ ליידי, אָבער ניט פאר אַ מאַנסביל...

שפּרינגער הערט דאָס נעבעך צו און האָט מורא אַ וואָרט צו זאָגען, דען ער ווייס, אַז מיט דער אריסטאָקראַטקע שפּיעלט מען זיך ניט...

— וועלכען זין האָט דאָס פאר אַ מאַנספּאַרשוין צו טאַנצען?

— רעדט זי צו איהם. — טענץ זיינען געמאַכט געוואָרען פאר מיידלעך, ווייבלעך, אַקטיאָרען, אָבער ניט פאר בעלי־בתים... טאַנצט דער בוטשער, דער קויהל־מאַן, דער לאונדרי־מאַן אָדער דער גראָסערי־מאַן? — אַ מאַן דאַרף זיין אַ מאַן. ער דאַרף ארבייטען און העלפען האַלטען די „בייבי“....

אָך און וועה איז צו טשאַרלי שפּרינגער, ווען ער קומט חלילה פון דער אַרבייט מיט אַ שעה שפּעטער ווי ער דאַרף. זיין בעשערטע לייענט איהם דאַן אַ צעטעל, אַז ער האָט איהר צו געדענקען.

שרעקליכע מינוטען לעבט דורך שפּרינגער, ווען ער געהט אָפּט־מאָל פון אבענד פערביי אַ האָל און הערט ווי די מוזיק שפּיעלט זיינע אַמאָליגע בעקאַנטע טענץ. ער איז דאַן ווי אַ פערד פון פייער־דעפּאַרטמענט, וואָס איז פערקויפט געוואָרען אויף דער עלטער צו אַ „פּאָטייטאָ פּעדלער“. דער אָרעמער פערד איז דאַר, נור הויט און ביינער, קוים וואָס ער קריכט, קוים וואָס ער זשיפּעט, קוים וואָס ער שלעפּט דעם צובראָכענעם ווענעל מיט די פּאָר מעסטלעך בולבעס. זאָל אָבער פּלוצלונג פערביילויפען אַ פייער־וואָגען, צינדט זיך אָן אין איהם זיין אַלטער אימפּעט און ער פאַנגט אָן הויבען די אַלטע, אָבגעקלאַפּטע קאָפּיטעס, אַז דער פּעדלער ווערט אַ צוציטערטער.

אָבער דאָס קען דעם פערהייראַטהען טענצער גאָר ניט העלפען;

ער דאַרף מעהר ניט טאַנצען און נענוג. ער האָט אַ ווייב וואָס טאַנצט שוין פאַר איהם אויך.

זי האָט אַ גרויסע משפחה. יעדע קורצע צייט איז חתונה ביי איהרען אַ שוועסטערקינד, אַ גליעד־שוועסטערקינד, אָדער ביי אַן אַנדער קרוב, זי קריגט איינלאַדונגען, קען זי נאַטירליך אויף די דאָזיגע שמחות ניט פעהלען. מיט אַ קליין קינד אויף די הענד קען מען דאָך אויף קיין חתונה ניט געהן.

טהוט די אַריסטאָקראַטקע אָן די פעטענט לעדער שיך און געהט אוועק טאַנצען, און שפּרינגער זיצט אין שטוב און וויעגט די בייבי...



# דער שטילער זיווג

(צרות פון אַ אידענע אַן ארורה)

---

שעפסעל שימקאָוויטש קען זיך ניט בעקלאָגען, אַז זיין חוה נעבע האָט אַ גרוים מויל, ווי דאָס טרעפט ביי לייטישע ווייבער. חלילה.

זיי האָבען שוין ביידע אריינגעבלאָנדזשעט אַ שטיק אין לעבען אריין און ער האָט נאָך פון איהר קיין הויך וואָרט ניט געהערט.

עס געהען אָפּט אוועק טעג און וואָכען, און ער הערט פון איהר אפילו קיין ניעדעריגען קול אויך ניט... ער הערט איהר אין גאַנצען ניט ; זי שווייגט, שווייגט ווי די וואַנד.

זי גיט צום טיש שווייגענדיג, זי דערלאַנגט איהם די וועש און שווייגט, זי געהט אפילו שווייגענדיג שלאָפען...

אַ שטילער זיווג.

געוועהנליך, אַז זי שווייגט, שווייגט ער אויך. אַזוי קאַיט ער נעבעך די ערד און טראַכט אין זיך, דען ער ווייס, אַז קוים ווערט חוה נעבע אַנשוויגען, איז עפּעס ניט גלאַט די מעשה און ער געהט אַרום ווי אַ בעגראָבענער.

שעפסעל וואָלט אָפּט אַריינגעוואָרפען אין פושקע צו הערען פון זיין ווייב אַ וואָרט, צו וויסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל, וואָס זי האָט צו איהם ; זי זאָל איהם זאָגען פאַרוואָס זי שווייגט און מאַכט איהם דעם טויט, אָבער גיכער וועט משיח קומען איידער זי זאָל אַרויס מיט לשון, און דער אָרעמער שימקאָוויטש איז אַ דער־שלאָגענער.

מאַנכעסמאָל פיהלט ער ווי איהר צו כאַפּען פאַר׳ן האַלז און איהר דערשטיקען, אפשר וועט זי אויף אַזאַ אַרט אַרויס מיט

צונג... ער פיהלט ווי איהר צו קנייפען, רייסען, בייסען פון איהר לעבעדיגע שטיקער, זי זאָל כאָטש אויף אזא אופן נעהמען רעדען, שרייען, זיך בעזערען, שילטען, אָדער זיך בעטען, אפשר וועט זי דאָך זאָגען וואָס זי האָט צו איהם, וואָס זי שווייגט...

ער פיהלט אָפט ווי איהר צו דערלאַנגען א „מעק" איבער'ן קאָפּ, אַז זי זאָל שוין אַנשווייגען ווערען אויף אייביג און ניט דער־לעבען מעהר צו רעדען אין גאַנצען.

„אין אמת'ען, דו פערדאַמטע קליפה, דו גיהנום־ווייב" — ערגערט ער זיך טיעף אין הארצען — „צו וועלכען שווארץ יאָהר דארפסטו א לשון, אַז דו ווילסט דאָס ניט געברויכען? די וועלט וועט ניט אונטערגעהן, אַז דו וועסט פערשפּאָרען צו רעדען אויף אייביג. דער בוטשער, דער גראָסערי־מאַן און „די אידענע פון יענער שטוב" וועלען דיך פערשטעהן אויפ'ן וואונק אויך... גאָט דארף דיין ברכה־זאָגען אויף טויזענד שאָק כפּרות... מ י ר, וויעדער, איז אַלץ איינס, צי דו קענסט רעדען צי ניט, דו געהסט סאַי ווי סאַי שטענדיג ארום אַן „אָנגעבלאָזענע", און נעהמסט מיר די געדערים שווייגענדיג... טאָ נאָ!... נאָ!... נאָ!... און ווער טאָקע שטום, וואָס שטום הייסט, — דו פערשאָלטענע ארורה!"

באַלד אָבער איז ער זיך מישב, און האָט חרטה אויף זיין כעס.

„ווי שלאָגט מען דאָס א מענשען, וואָס האָט דיר קיינמאָל קיין בעז וואָרט ניט געזאָגט? ווי ווערט מען דאָס צוקאָכט אויף א „אידענע", מיט וועלכער מען וואוינט שוין עטליכע יאָהר און מען האָט נאָך פון איהר קיין קללה ניט געהערט?... ווי צוהיצט מען זיך דאָס געגען א רוהיג, שטיל בעשעפענים, וואָס געהט זיך זיין וועגס און ריהרט ניט אָן, ווי זאָגט יענער, קיין פליעג אויפ'ן וואַנד? מען דארף דאָך זיין משוגע אָדער א רוצח אזא מענשען צו טשעפּען. דאָס איז דאָך א גאָלדענע נאַטור, ארונטערצושלינגען דעם גרימצאָרן און שווייגען, איהם טראָגען אין זיך אַליין, איידער איהם אויסצור־ניסען אויף יענעמס קאָפּ און לייב און לעבען... וואָס איז יענער

שולדיג וואָס איך בין בעז? צו וואָס זאָל איך דאָס ארויסברענגען פון די ליפּען? צו וואָס זאָל איך יענעם זאָגען וואָס מיך ערגערט? איז ניט טויזענד מאָל גלייכער, אַז זי רעדט גאָר ניט, אַז זי שווייגט? פון רעדען, פון זאָגען קענען דאָך ארויסקומען די גרעסטע סקאַנדאַלען. ווי דער שטיינער איז, הייבט זיך דאָס אָן מיט׳ן מויל און עס ענדיגט זיך מיט די פויסטען, ניט זעלטען מיט׳ן רעוואָלווער. מיט חוה נעבע׳ן אָבער קען דאָס דערצו ניט קומען, זי איז שטיל, יאָ, שטיל ווי אַ טויב...

אַ שטילער זיווג.

ביי אַנדערע מענשען, איבערהויפּט ביי ווייבער, אַרבייטען שטענדיג דער מח מיט׳ן מויל צוזאַמען, זיי אַרבייטען בשותפות אוןביידע מיט אַמאָל... אַט וואָס דער ערשטער גיט אַ קלער, גיט דער צווייטער אַ פּלוידער, און ווי דער מח אַרבייט גיך, אַרבייט דאָס מויל נאָך גיכער, פּונקט ווי זיי וואָלטען זיך וועלען איבער־יאָגען איינס דאָס אַנדערע; אַזוי ווערט דאָס „געדראָשען" נאָכ־אַנאַנד, אין איין אָטהעם און דו קענסט מעסטען נארישקייט אויפ׳ן זאַק... ניין, ער האָט ניט אַזאַ טהייער נאַטור ווי זי, ווי חוה נעבע, ער איז אַ מאַנסביל און האָט פון דעסטוועגען ליעב צו רעדען. ער קען אין זיך גאָר ניט בעהאַלטען, אַלץ וואָס איהם „באַדערט" מוז ער ארויספּלאַצען, ארויסשרייען, אויב ער שווייגט איצט צו אַביסעל, האָט ער דאָס איהר, חוה נעבע׳ן, צו פערדאַנקען.

זי שווייגט, שווייגט ער אויך...

אין דער זעלביגער מינוט אָבער גיט ער אַנדערש אַ טראַכט און עס דערלאַנגט איהם אַ קלאַפּ אין האַרצען.

„אַזאַ שלאַנג! יאָ, נור אַ שלאַנג און ניט אַנדערש. אַ שלאַנג שווייגט אויך, אַ שלאַנג איז אויך קאַלט און שטיל, און איז דאָך פול מיט גיפט, מיט סם־המות... עס איז אַ מצוה פון אַזעלכע פּטור צו ווערען... צו בעטען אויף איהר דעם טויט... זי איז אַ מזיק, אַ מלאך המות, וואָס ממית׳ט שווייגענדיג."

אַ סך מאָל האָט ער איהר אַ נויטיגע זאַך צו דערצעהלען, זיך מיט איהר מישב צו זיין וועגען אַ וויכטיגען ענין, אָבער מאַך, טהו, אַז זי איז אין כעס, זי רעדט ניט! זי געהט אום שטום ווי אַן אוגערקע און עפענט ניט דעם פּיסק, כאָטש ווער צוזעצט און צושפּרונגען!

שעפּסעל קומט אָפּט צו זיין לאַנדסמאַן יקותיאל שוועמעל, וועלכער האָט אַ אידענע, אַז אָבגעהיט זאָל מען ווערען אין איהר „מענה לשון" אַריינצופאַלען! זי האָט אַ מויל — פּעך און שוועבעל, אַ קאַלך־אויוועַן, אַ גיהנום. ער זיצט און הערט ווי זי לעגט די תוכחה, ווי עס שיטען זיך פון איהר „דרעשער" „מיתות משונות", „ניכפּה'ס", „פּערכאַפּעַנישען", „טרויערנישען", „בויך־וועהטאָגען", „קאָפּ־וועהטאָגען", „שוואַרץ יאָהרען" און אַלערליי חלומות: „שוואַרצע חלומות", „וויסטע חלומות", „בעזע חלומות", „חלומות פון ד י נאַכט", פון „י ע נ ע נאַכט", און פון אַ „גאַנץ געהענדיג און שטעהענדיג יאָהר", און סתם „קלאָגען" און „בראָכען" און „כאָלעריעם"... שעפּסעל זיצט און הערט דאָס צו און איז זיין לאַנדסמאַן שרעקליך מקנא...

„אָט אזוי" — קלערט ער זיך — „אַזוי הערט מען דאָך עפּעס ווערטער! אַ ווייב רעדט, רעדט זי, מען ווייס, אַז מען האָט חתונה געהאַט, אַז מען איז אַ פערהייראַטהער מאַן... ניט צו פערזינדיגען, עס איז דאָ וואָס צו הערען... און ווי שעהן זי איז, די מכשפה, ווען זי ווערט אין כעס!... ווי זי צינדט זיך אָן פלאַם פייער... אַ באַק־אויוועַן, אַ טשאָלענט־אויוועַן... אַ פּעטשערע, זשאַר און פלאַמען... אַזעלכער איז כאָטש כדאי איבערצובעטען, מיט איהר גוט צו ווערען... עס איז כדאַי... אַלץ כדאַי... דאָ איז פאַראַן היץ, טעמפּעראַמענט... אַ פרוי, וואָס קען אַזוי הייס און ברענענדיג צאָרענען, קען הייס און ברענענדיג ליעבען אויך... עס איז אַ גענוגטהואונג, אַ סאַטיספאַקציע, ווען אַזעלכע ליעבט, ווען זי ווערט גוט... וואָס טויג אַ „אידענע", וואָס איז שטום און קאַלט ווי אַן „אָיסטער"?...

שעפּסעל פּיהלט דאָן ווי זיך צו בייטען מיט יקותיאל׳ן. יקותיאל זאָל כאָטש אויף א חודש צונעהמען פון איהם, פון שעפּסלען, הייסט דאָס, נעבען, און ער, שעפּסעל, זאָל לעבען א פּיער וואָכען מיט יקותיאל׳ס קאַלעקאַטקע. איהם דאכט זיך, אז מיסעם שוועמעל וואָלט איהם דערלאַנגט געגוג „סחורה“, זי וואָלט איהם אָנגעגרייט א „סטאק“ מיט „גודס“, אז ער וואָלט שוין נאָכדעם געקענט בעשטעהן מיט פּערגניגען, דאָס חוה נעבע זאָל פערשטומט ווערען אויף אייביג.

באַלד נאָך דער חתונה, איידער שעפּסעל האָט נאָך געגוי געקענט זיין חוה נעבע׳ס נאַטור, איידער ער איז נאָך דערגאַנגען דעם גרויסען סוד, אז ער מוז איהר לאָזען שווייגען ווען זי איז אין כעס, ביז זי וועט זיך לאַנגזאַם אַליין איבערבעטען און אָנהויבען צו שעפּטשען — פּלעגט ער איהר זוכען איבערצובעטען, צו דערגעהן, צו דערפאָרשען פאַרוואָס עס האָט איהר פּלוצלונג אויסגעטריקענט דאָס ביסעל „אידיש“ און אָבגענומען דער לשון און זי איז פון דער העלער הויט, דיר־ניט מיר־ניט, געוואָרען שטום און אָנגעשטויסען ווי די „מוטער גאָטעס“... ער פּלעגט איהר זוכען אונטערצוקויפּען מיט עפּעס, איהר צו עפּענען די צונג מיט א גוטע זאַך, מיט אַן איבערראַשונג. שפּעטער אָבער האָט ער אויסגעפונען, אז זי איז א שלאַק פון זיין ליעבען נאָמען, אז מען דארף איהר איבערבעטען און איבערראַשען מיט גוטע זאַכען צעהן מאָל א וואָך, און אז עס וועט איהם אויסמאַכען א סך ביליגער ער זאָל איהר לאָזען זיין אין כעס און שווייגען ביז וואַנען דאָס וועט איהר מיאוס ווערען און זי וועט פון זיך אַליין אָנהויבען ריהרען מיט די ליפּען. ער האָט זיך אַרומ־געזעהן, אַז איהם איז בעשערט צו האָבען א שטילען זיווג און ער וויל ניט געהן געגען דעם רבונו של עולם און מאַכען דעם זיווג רעדעווו־דיג... איצט קוקט ער אויף חוה נעבע׳ס שטילקייט מיט שטומער רעזיגנאַציאָן, מיט יאוש. ער טראַכט מעהר ניט די דאָזיגע צרה צו בעזייטיגען. ער האָט זיך בעשלאָסען זיין גורל צו טראָגען ווי א

העלד און זיך מאַכען ניט וויסענדיג. זי שווייגט, שווייגט ער אויך...
אַ ברירה האָט ער? — עס איז אַ שטילער זיווג...

דאָס ערגסטע פון די ערגסטע מיט חוה נעכען איז, וואָס שעפּסעל ווייס נאָך אַלץ ניט ווי זיך אויסצוהיטען ער זאָל איהר ניט אַריינברענגען אין כעס, אַז זי זאָל ניט דאַרפען אַנשווייגען ווערען.

אָט רעדט זי, דאַכט זיך, ווי אַלע מענשען. אַ זיווג, אַז עס זאָל ניט פערשטערט ווערען, טאַטע זיסער! איהרע ליפּעלעך זיינען איינגעטונקט אין מאַנטשקע, איהר צינגעלע איז סיראָפּ און פּאַטוקע און איהר אָטהעם איז אינגבער... אין מיטען־דערינען אבער קומט אויף איהר אַ „בענומעניס": זי ווערט שטום ווי אַ שטעקען און קענסט פון איהר קיין וואָרט ניט אַרויסקריגען ווי פון אַ געשוויר...

יאַ, אַ געשוויר! — דו טאַנצט דאַכט זיך און דרעהסט זיך אַרום מיט די גרעסטע פּאַרזיכטיגקייט, לעגסט איהם צו האָניג־טייגלעך און אַלע גוטע זאַכען... אבער ער ווערט ניט ווייך און עפענט זיך ניט דאַן, ווען דו ווילסט, נור ווען ער אַליין האָט חשק און ווערט גוט און פּאַרטיג דערצו... און אויף אידישע שונאים געזאָגט וואָס פאַר אַ טעם דאָס האָט אפילו דאַן...

דער כלל, חוה נעכע איז שוין צעהן טויזענד מאָל געווען ברוגז און שעפּסעל ווייס נאָך אויף היינטיגען טאָג ניט די סיבה אפילו פון דעם קלענסטען רוגז'ל. ווען זי שווייגט, וועט זי דאָך דאָס געוויס ניט זאָגען, און ווען זי הויבט שוין אָן רעדען, האָט ער מורא צו פרעגען, כדי זי זאָל וויעדער ניט אַנשווייגען ווערען.

אַזוי פערצאַפּעלט זי זיך און ווערט פערשטומט אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און ניט זעלטען דינסטאַג און מיטוואָך און אָפט, ווי אויף צופּוקעניש, אפילו שבת בייטאָג, און ער געהט אום אַ צולעבערטער און קוקט אויף דער סטעליע.

זי שווייגט, שווייגט ער אויך, שווייגען זיי ביידע — אַ שטילער זיווג...

# דער לאָדזשען-ברודער

מאַקס צימעס איז אַ ליידענשאַפטליכער לאָדזשען-ברודער און ווייל ער איז אַ „ברודער“ פון אַלע לאָדזשען, איז ער אַ ברודער פון גאַנץ גרויס ניו יאָרק, דען ווער בעלאַנגט דאָס ניט אין אַמעריקאַ צו אַ לאָדזש ?

עס איז ניטאָ אַ מאַן, וואָס צימעס זאָל איהם אָנטרעפען און ניט וויסען ווי צו געבען דעם געהיימען „שלום עליכם“ פון יענעמס לאָדזש, חברה אָדער סאָסייעטי. זיין האַנד איז איינגעמושטירט אין די פערשיעדענע הענד-געבענים, פינגער-גראַבלענים און פינגער-פלעכטענים, פערבאָרגענע און פערשוואָרענע לאָדזשען-צייכענס, און ער האָט קיין מאָל ניט קיין טעות אין אַ „שלום עליכם“ אָדער אַ „פּאַס-וואָרט“.

אויף אַזאַ אופן איז ער אין-ערגעץ ניט קיין פרעמדער און איז אומעטום אין דער היים. ער גיט נור אַ קוק אויף דער לאָדזשען-שפּילקע אָדער לאָדזשען-קנעפּעל ביי יענעם אין קליאַפּע, טהוט ער איהם שוין אַ שעפּטשע אין אויער דעם „פּאַסוואָרט“ און מען ווייזט שוין איינער דעם אַנדערען אַ געהיימען פייג, אַ פערדרעהטען פינגער, די נאָז, די אויערען אָדער די פּאַטילניצע — די בעשטימטע סמנים פון דער לאָדזש. צימעס איז שוין אַ „ברודער“ און האָט שוין וועגען וואָס צו רעדען.

ביי מאַקס צימעס אין הויז איז אַ מין מוזעאום פון פערשיעדענע קאָלירטע ליענטעס, היטלען, קאָקאַרדעס, מיצקעס, שווערדלעך, שפּילקעס, קנעפּלעך מיט אַלערליי צייכענס און בוכ-שטאַבען פון די פערשיעדענאַרטיגסטע לאָדזשען, אָרדענס און סאָסייעטיס. דאָרט געפינען זיך בענעפיט-טיקעטס, הענד-בילס און

אַ בעזונדער „ביבליאָטהעק“ פון אַלטע און נייע קאָנסטיטושאָן־ביכלעך, און פּראָטאָקאָלען פון טוידטע לאָדזשען און פעראיינען, וואו ער איז אַמאָל געווען סעקרעטער, כאָטש ער איז זעהר שטומפּיג אויף „עברי“. ער זאַמעלט אָט די אַלע זאַכען, ווייל ער איז פשוט פערליעבט אין לאָדזשען. ער איז אַ געבאָרענער לאָדזשען־ברודער. ער איז שוין געווען אַ גוטער ברודער ביי זיין מאַמען אין בויך. און ער איז ניט סתם אַ ברודער ווי אַלע ברידער פון אַ גאַנץ יאָהר, אָ ניין! ציטעס איז אומעטום אַ בעזונדערער געריכט, אַ פּאָרשפּייז אָדער אַ צושפּייז, אַ שטיקעל יחסן, אַ קאָמיטע־מאַן, אַ „אינערע וואַכע“, אָדער אַ „אויסערע וואַכע“, אין מאַנכער לאָדזש אפילו אַ „ברודער פּרעזידענט“.

ער איז זעהר אַ פעהיגער מענש, אָט דער ציטעס. אַ מענש אַ טויגער, דאַכט זיך, אַ קאַלוואַריער, האָט גערעדט אין דער היים אַ מין ליטווישע אידיש, מען קען זאָגען די ליטווישע אידיש פון אַלע ליטווישע אידען אין דער אידישער ליטאַ. אויף די מיטינגען אָבער האַקט ער דייטש ווי אין קרויט: „איך באַט איבער איהרען קאַוועד“ (כבוד), „איך מאַכע איהנען אַ פורשלאַק, אַז דער ברודער איז אויסערן אָרדערונג“. אָדער „ברודער פּרעזידענט, איהרען מאַשען שטינצער איך אַרונטער“ א. ז. וו. ציטעס האָט זיך אַזוי איינגעוועהנט אין די לאָדזשען צו דייטש, דאָס איהם דאַכט זיך אָפט, אַז ער איז אַ געבוירענער אַ בערלינער.

ציטעס איז אַ קאָסטאָמער פעדלער, אָבער עס בלייבט איהם קוים צייט צו פעדלען. אַזוי שטאַרק איז ער פערטיעפט אין די מיטינגען, אַז זיין ביזנעס־ביכעל, וואו ער פיהרט די חשבונות מיט זיינע קונדען איז איינגעטונקט איבער די אויערען אין לאָדזשען־סודות מיט אַלערליי אַלטע און נייע פּאַס־ווערטער. די לאָדזשען־פערדרעהענים מיט די ביזנעס איז אַזוי פערפּלאָנטערט, אַז ער קען זיי אָפטמאָל קוים פאַנאַנדערפּלאָנטערען און זיין מסחר ליידט דער־פון ניט ווייניג.

עס איז כמעט ניטאָ איין טאָג אין יאָהר, וואָס צימעס זאָל ניט האָבען אַ מיטינג, אַ שטיקעל לאָדזשען־שמחה, אַ „מאַרטש“, אַ בענעפיט־פאָרשטעלונג, אַ קאָנצערט פאַר איינע פון זיינע לאָדזשען. ער איז נאָך אבער אַלץ ניט פאַרטיג. ער האַלט זיך נאָך שטענדיג אין איין פאָרשלאָגען אין שפּאָגעל־נייע חברות און פעראיינען ; אין איינ׳חזר׳ן די אַריינגאַנגס־צערעמאָניע, און מאַנכע פון די דאָזיגע צערעמאָניעס זיינען גאָר ניט גרינג. מען דאַרף זיין אַ מוטהיגער יונג זיי דורכצומאַכען. מען דאַרף זיך אַרומכאַפּען מיט מתים און ווילקאָלאַקעס ; שפּרינגען איבער הילצערנע בעק ; זיך אָנטהאָן אין תכריכים און זיך קנייפּען מיט דער רעכטער האַנד פון פאָרענט און מיט דער לינקער האַנד פון הינטען... אָדער פערקעהרט. דאָ דאַרף מען זיך אַריינשטעקען אָנגעצונדענע חנוכה־ליכטלעך אין נאָז און דאָרט דאַרף מען זיך אַריינלעגען אין אַ טרונע און אַרויסשטעקען דעם מלאך־המות אַ צונג ; דאָ מוז מען זיך איבערקוליען דריי מאָל איבער׳ן קאָפּ און דאָרט מוז מען קריכען אויף אַלע פיער און לאַכען ; דאָ מוז מען זיך אַריינלעגען מזוזות אין די אויערען און ציהען פאַר די כאָליאַוועס און דאָרט דאַרף מען טראָגען אַ מילכיגען מעסער אין די כאָליאַוועס, זיך ציהען פאַר די אויערען, פּאַטשען אין די הענד און זאָגען „יקום פורקן“. און יעדע זאַך האָט זיך איהרע פער־באָרגענע סודות, איהר בעהאַלטענע מיינונג, וואָס אַ פרעמדער טאָר חלילה ניט וויסען...

דער כלל, צימעס האָט גענוג אַרבייט און עס איז איהם ניט צו פערדענקען, וואָס ער מוז פערנאַכלעסיגען זיינע ביזנעס און זיין אייגענע היים.

ווען ער קומט אין אַ הויז טהאָן געשעפט, פּרובט ער דאָרט פריהער פאַר אַלץ פערקויפען בענעפיט־טיקעטס פאַר אַ לאָדזש. נאַטירליך, טהוט ער זיך דערמיט קיין טובה ניט.

אַ וויבעל האַלט אין בעשטעלען ביי איהם אַ דאָפּעלט־ברעסטיגע מעשענע בעט מיט אַ גוטען ספּרינג־מאַטראַץ, און ער

גיט איהר גאָר פּלוצלונג אַ פּרעג, צו וועלכער לאָדזש איהר מאַן בעלאַנגט... דאָס ווייבעל דערהערט דאָס וואָרט „לאָדזש“ צינדט זי זיך אָן ווי אַ שוועבעלע און ווערט ווילד ווי אַ טיגער, ווייל איהר מאַן דערצעהלט איהר אַלץ, אַז ער זיצט דאָרט אָב גאַנצע נעכט און קומט אהיים אַ צודולטער ווען זי שטעהט שוין אויף פון בעט... זי ווערט פלאַם־פייער אויף איהר מאַן׳ס לאָדזש און פאַנגט אָן שילטען אַלע לאָדזשען פון דער וועלט און אַלע מענער, וואָס זיינען ביינאַכט אין דער היים ניטאָ. זי איז זיך גלייך מישב, אַז אייגענט־ליך דאַרף זי גאָר קיין ברייטע בעט ניט האָבען... צו וואָס? צו ווען? פאַר וועמען? און צימעס געהט אַוועק ווי אַן אָבגעשמיסענער.

זעהר אָפט איז ער אַזוי פערטראַכט אין דעם נייעם פּזמון פון אַ נייע לאָדזש, אַז רעדענדיג וועגען ביזנעס פאַנגט ער אָן צו מישען ווערטער און זאַכען וואָס דער קאָסטאָמער פאַנגט ניט אָן פערשטעהן און קוקט איהם אָן ווי אַ נעכטיגען.

אינטערעסאַנט איז צו זעהן ביי אַ לאָדזשען־פּאַראַד ווי צימעס רייט אויף אַ פערד מיט אַ ליענטע און אַ שווערדעל, ווי ער זיצט און ציטערט די „בהמה“ זאָל איהם ניט אַראָבוואַרפען. אין קאַלוואַריע פלעגט ער אַלס איינגעל אויך רייטען, אָבער ניט אויף אַ פערד. די איינציגע קאַוואַלעריע, וואָס ער האָט געוואוסט איז געווען דער קהל׳שער באָק, וועלכען ער פלעגט האַלטען פאַר די הערנער און רייטען איבער׳ן מאַרק. קיין ציעג אין קאַלוואַריע איז ניט געווען זיכער אַז צימעס וועט זיך אויף איהר ניט אַרויפכאַפּען רייטען. אין אַמעריקא אָבער האָט ער זיך אויסגעלערנט רייטען אויף פערד און מערקווירדיג — ער רייט...

ווען זיין ווייב איז ניטאָ אין שטוב מאַכט ער פּראָבע אויף אַ נייע „אינישיאיישען“, אַ נייעם „אריינגאַנג“ אין אַ נייע לאָדזש. ער טהוט זיך אויס באָרוועס אָדער ער בלייבט אין די סקאַרפּעטקעס און שפּרינגט איבער די בענקלעך, איבער׳ן טיש, איבער׳ן בעזים,

רעדט אַליין צו זיך, קרימט זיך געגען שפּיגעל, גרייזעלט די פינגער און חזר'ט די נייע פּאַס־ווערטער. ווען דאָס ווייב קומט האַסטיג אָן און דערזעהט, ווערט זי אַ צוצאַפּעלטע. ציטענווייז ווערט זי שטאַרק פּעראינטערעסירט אין איהר מאַן'ס שפּרינגעניס, זאָגעניס און פּרעפּלעניס. זי האָט איהם שוין פיעלע מאָל פּרובירט פרעגען וואָס דאָס בעדייט, אָבער ער האָט איהר ערקלערט, אַז ער איז פערשוואָרען קיין זאַך ניט אויסצוזאָגען און ער וועט די שבועה ניט ברעכען. זי ווייס איצט, אַז איהר פרעגעניס וועט ניט העלפען, זיצט זי נור און קוועטשט מיט די פּלייצעס. זי ווייס, אַז דאָס מוז זיין זעהר וויכטיג, זעהר טיעפע, געהיימניספולע זאַכען. אבער זי קען זיי אין לעבען ניט וויסען...

זי האָט אָבער ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו ליידען פון איהר מאַן'ס לאָדזשעריי. זי פלעגט זיצען גאַנצע אבענדען, גאַנצע נעכט אַליין אין הויז און ער פלעגט זיך דולען מיט זיינע „ברידער“. זי איז געווען אַ שרעקעדיגע פרוי, פלעגט זי זיך קוועלען, לאַנגווייליען און מורא האָבען. דער מינדעסטער גערויש פלעגט איהר מאַכען ציטערען, און אַ שטילע שנאה האָט זיך אויסגעשפּונען ביי איהר אין הארצען. אַ שנאה, ניט אַזוי צו די לאָדזשען ווי צו איהר מאַן, וואָס איז קיינמאָל אין דערהיים ניטאָ און קימערט זיך ניט וועגען איהר.

„ווען אַלע מענער זאָלען זיין ווי ער“ —פלעגט זי טראַכטען— „וואָלט דאָך גאָר קיין פאַמיליען־לעבען ניט געווען... בערעכענט נור צו וויפיעל לאָדזשען ער בעלאַנגט!... אין יעדער לאָדזש איז ער פערזיכערט אין אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר... זי האָט פון איהם סאַי ווי כאַי קיין שום פערגניגען ניט... וואָס קומט איהר ארויס וואָס ער לעבט?... זי וואָלט געקענט זיין אַ גביר'טע און קריעגען אַ מאַן, וואָס זאָל איהר ליעבען... אמת, ער ליעבט איהר אויך, קען מען דאָס אָבער רופען ליעבע? לאָזען אַ יונגע פרוי זיצען אבענדען אַליין אין הויז! ניין, זי ווינשט איהם חס ושלום ניט דעם טוידט... זי

וויל ניט, ער זאָל שטאַרבען, זי וויל נור, איהר זאָל ניט אומעטיג זיין... זי וויל ניט, קען ניט פערברענגען שטענדיג מיט איהר אייגענעם שאָטען, יעדער טריט דורכ'ן האָלל און יעדער קלאַפּ מיט'ן טהיר זאָל איהר איבערשרעקען! סעס איז אויך אַ לאָדזשען־ברודער... ער בעלאַנגט צו דערזעלביגער לאָדזש וואָס איהר צימעס, ער איז נאָך אַ בחור אויך... וואָלט ער דאָך געוויס געקענט געפינען וואו צו פערברענגען, פון דעסטוועגען איז צייט ער איז ביי זיי אַ באָרדער, בלייבט ער שטענדיג דורך די אָבענדען אין דער היים... ווען ניט סעס, וואָלט זי אפשר משוגע געוואָרען... ער זיצט מאַקע ביי זיך אין צימער, אָבער זי וויים, אַז ער איז דאָ, אימיצער איז דאָ אין הויז און די מורא איז ניט אַזוי גרויס... אַמאָל זינגט ער אַ ליעדעל פון אידישען טהעאַטער, אַמאָל פייפט ער אויס אַזאַ שעהנעם נגון און אַמאָל שפּיעלט ער אויפ'ן האַרמאָניקע, און זי זיצט אַליין פערטראַכט און הערט זיך איין... אַך, ווי שעהן ער שפּיעלט! מיט אַזאַ געפיהל... גאָט צו דאַנקען וואָס סעס וואָהנט ביי זיי. מען דאַרף זעהן ער זאָל קיינמאָל, קיינמאָל ניט ארויס „מופען"... ער זאָל דאָ בלייבען, ער איז אַ ליעבליכער מענש, יעהר אַ ליעבליכער און אַן אָרענטליכער... שוין אַביסעל צו אָרענטליך...

אָט די דאָזיגע געדאַנקען האָבען זיך ביי מיסעס צימעס אַלץ מעהר און מעהר פערשאַרפט און זי האָט געשלאָסען מיט סעס'ען נעהענטערע בעקענטשאַפט. עס איז איהר שוין מעהר לאַנגוויילינג ניט געווען. עס האָט איהר מעהר אַ האָאר ניט געאַרט וואָס איהרער זוימט זיך. זי האָט געבעטען, ער זאָל איהר מאַן אריינשיקען אַ דעה צו בעלאַנגען צו נאָך אַ טוץ לאָדזשען. ער האָט איהר מעהר ניט נעפעהלט, זי האָט איהם ניט געדאַרפט: איין לאָדזשען־ברודער איז אוועק און אַ צווייטער לאָדזשען־ברודער איז געבליבען אין דער היים.

דאָס איז שפּעטער געווען דער איינציגער מיטעל, דורך וועלכען צימעס האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיין לאָדזשען־שכרות. ער

האָט זיך ארומגעזעהען, אַז עס איז גלייכער צו זיין פון אַבענד אין דער היים און פערברענגען מיט'ן ווייב. ער האָט דאַן געוואָרפען אַן אום־חן אויף די לאָדזשען, אַז ער האָט ניט געקענט הערען זייער נאָמען און איז געוואָרען אוים גוטער ברודער אפילו מיט דעם לאָדזשען־ברודער, וואָס האָט געהאַלטען פריוואַט־מיטינגען ביי איהם אין הויז.

# פערלאָרען דעם זכרון

דאָקטוירים זאָגען, אז פערלירען דעם זכרון איז א קראַנקהייט. זיי האָבען אפילו דערצו א בעזונדערען נאָמען, „אַפאַזיא“, דאכט זיך, רופען זיי דאָס. דאָך האָט האָנטשיק א לענגערע צייט געהאַט פערלאָרען דעם זכרון און הלואי אויף אַלע חלאים געזאָגט.

ער פלעגט זיך יעדען חודש אָבוועגען און יעדעם מאָל פלעגט איהם צוקומען א שטיק גוף. זיין קארק איז געווען רויט ווי א בוריק און עס איז איהם געוואַקסען א דאָפּעלטע מאָרדע. ער איז געווען א „ריעל־עסטייטניק“ און פון יעדער צוגעקומענער פּראָפּערטי פלעגען איהם וואַקסען די בייטעל און דאָס בייכעל, נור קיין זכרון האָט ער ניט געהאַט פון דאַנען אהין.

ער פלעגט געדענקען יעדע קלייניגקייט אין זיינע געשעפטען, ער פלעגט קיינמאָל ניט פערגעסען אַרונטערצודריקען עטליכע דאָלאר וואו עס האָט זיך נור געלאָזט, ער האָט אָבער ניט דערקענט קיין מענשען... דאכט זיך אייגענע, משפחה, גוטע פריינד, לאַנדסלייט, — ער פלעגט זיי אָבער בשום אופן ניט געדענקען און קוים, מיט צרות דערקענט דעם טאַטען מיט דער מאַמען. מאַנכעס מאָל פלעגט ער זיי אויך פערגעסען...

וואָס העכער ריעל־עסטייט איז געשטיגען, אַלץ ניעדריגער פלעגט איהם פאַלען זיין געדעכטניס. ביי יעדען נייעם מסחור, וואָס ער פלעגט מאַכען, פלעגט ער פערגעסען אַן אַלטען פריינד. ער פלעגט בעגעגענען זיין בעסטען גוטען ברודער פון אַמאָל און איהם קיינמאָל ניט פרעגען „וואָס מאַכסטו“, און ניט ענטפערען אויף קיין בעגריסונג. ער פלעגט איהם פשוט ניט געדענקען — ניט

געשטראָפט זאָל מען ווערן! אַ מענש פערליערט דעם זכרון, „אפאזיא“, אַ קליינינקייט אַ קראנקהייט, אָבגעהיט זאָל מען ווערן!...

— העללאָ, חאָנטשיק! וואס מאכסטו? געדענקסט דו האָסט אמאָל געבאָרגט ביי מי ר אַ „קוואָדער“? פלעגט מען איהם צייטענ־ווייז פרובען דערמאָהנען, אָבער חאָנטשיק פלעגט ענטפערען אויף ענגליש:

— „אי דאָנרעמעמבער“, אי דאָנאָו“. ער געדענקט נעבעך ניט, פערלאָרען דעם זכרון. אַ געזונדער מענש און דאָך אַ חולה...

ער האָט אפילו פערגעסען זיין קאָזין, וועלכער האָט איהם אין די „אַלטע גוטע צייטען“ אַ גרויסע טובה געטהאָן. דער קאָזין איז אמאָל אין אַ פרייטאג נאכמיטאג אָנגעקומען אין העסטער סטריט, ווען אַ פאָליסמאַן האָט חאָנטשיק'ען ארעסטירט פאר שטעהן צו לאַנג אויף איין אָרט מיט אַ שטופּ־וועגעלע „פרישע פיש“. דער קאָזין האָט דאן אריינגערוקט דעם פאָליסמאַן אַ „שטעכעניש“ און אויסגעלעזט חאָנטשיק'ען פון גוי'שע הענד. די פיש אָבער האָט ער ניט געקענט ראַטעווען. אַ גוי, אַ רשע, האָט ער מורא געהאַט, אַז זיי קענען העלפען אידען זינגען זמירות... און האָט זיי אויסגעקעהרט אין גאס און בעגאָסען מיט קעראָסין. דאכט זיך אַ מעשה, וואָס האָט פאסירט ערשט מיט אַ דריי, פיער יאהר צוריק, אָבער חאָנטשיק האָט דאָס בשום אופן ניט געקענט געדענקען, און ווען זיין קאָזין האָט דאָס איהם אמאָל, פערלאַנגענדיג פון איהם אַ שטיקעל גמילת חסד, פרובירט דערמאָהנען, האָט ער איהם אָנגעקוקט מיט גלעזערנע אויגען, ווי זיינע אמאָליגע פרישע קאַרפען פלעגען אָנקוקען ערב שבת די אָרעמע ווייבער און כשר'ע רעסטאָראַטערס...

זעהר אָפט פלעגט דאָס האַלטען דערביי, אַז חאָנטשיק האָט זיך ניט געקענט דערמאָהנען ווען ער האָט חתונה געהאַט, אויב ער האָט איבערהויפּט גאָר חתונה געהאַט און זיין ווייב איז טאַקע זיין ווייב. עס פלעגט קומען צו די גרעסטע מחלוקות.

— פֿאַרשיווער פּיש־פּעדלער! — פֿלעגט זיין ווייב שרייען פּונקט ווי אַמאָל ביי די פּיש — אין מאַרק בין איך דיר גוט געווען, געהאָלפֿען שטופּען דעם וועגעל, געזעסען מיט אייער, מיט אַלטוואַרג, מיט געקאָכטע אַרבעס, געוואַשען פּרעמדע וועש, געסקראָבעט פּלאָארס, „געפּינישד" מייטקעס און דיר אָוועקגעגעבען דעם גראָשען. איצט טויג איך דיר ניט.

— איך געדענק ניט וואָס אַמאָל איז געווען, — פֿלעגט ער זאָגען, האַלטענדיג זיין ציגאַר צווישען די ציינער — דו ביזט אַ מעדעכע, איך קען זיך מיט דיר אין ערגעץ ניט ווייזען. עס גלויבט זיך מיר גאָר ניט איך זאָל האָבען מיט דיר חתונה געהאַט. איך געדענק ניט...

— דו האָסט פֿערלאָרען דעם זכרון, האַ? אַ בראָך צו דיר! חאָנטשיק אַ יחסן געוואָרען, און חאַשע טויג שוין ניט! ווייסט גאָר ניט אויב דו האָסט חתונה געהאַט מיט מיר, אַ בעזער, פֿינסטער־רער, וויסטער רחמנות אויף דיין קאָפּ! חאָנקע לאָבוז, האָסט פֿערגעסען, אַז איך האָב דיר געקויפֿט אַ פּאָאַר הויזען צו דער חתונה. אַ קלאָג צו דיר, „חאַלע־סטייטניק"...

צייטענווייז איז איינפֿאַך געווען אויף חאָנטשיק'ען אַ ביטערער צער. מענשען פֿלעגען איהם דערגעהן די יאָהרען: „געדענקסטו דאָס? „געדענקסטו יענעם?" „דאָס איז געווען דאָ און דאָ; דאָרטען און דאָרטען," פּונקט ווי אַ ריעל־עסטייט־מאַן קען געדענקען יעדע קלייניגקייט. מענשען פֿערגעסען, אַז גאָט גיט ניט איינעם אַלע גוטע זאַכען מיט אַמאָל. גיט ער איינעם ריעל־עסטייט, נעהמט ער איהם צו דעם זכרון...

אויפֿגערעגט פֿלעגט אונזער העלד ווערען ווען זיינע אַלטע בעקאַנטע און קרובים פֿלעגען איהם רופֿען ביי זיין היימישען נאָמען „חאָנע" אָדער „חאָנטשיק". ער האָט שוין לאַנג פֿערגעסען, אַז ער האָט אַזוי געהייסען, און סתם די חוצפּה דערפֿון, צו רופֿען איינעם חאָנטשיק אין דער צייט ווען ער האָט אַזאַ חנ'עוודיגען נאָמען ווי

גאָלדענלאָקש! ער פלעגט דערפאַר אויף חאָנטשיק גאָר ניט ענט־פערען, ער פלעגט ניט געדענקען, אַז דאָס איז ער, און וואָס איז די עולה? אַ מענש מעג פערליערען דעם זכרון.

אין שוהל, וואו חאָנטשיק איז געווען פרעזידענט, פלעגט מען איהם אויסרופען „יעמוד ר׳ אלחנן אלימלך תנחום בר׳ פלטיאל למך גרשון שלישי". די פיינע עליה פלעגט איהם שטאַרק הנאה טהאָן. אָבער דער צעטעל „גרינע" נעמען פלעגט איהם שלאָגען צום האַרצען. „אלץ חאָנע חאָנטשיק" — פלעגט ער טראַכטען — „איך קען דער־פון ניט פטור ווערען. אַך, ווען מען וואָלט דאָס געמענט אויפרופען מיט׳ן אמעריקאנישען נאָמען און פאַמיליע־נאָמען, מיט די ביזנעס מיט אַלעמען! ווען מען וואָלט דאָס דערלאַנגט אַ רוף אויף:

„יעמוד מורנו ר׳ הענרי גאָלדענלאָקש ריעל עסטייט בראָוקער, פייף פראָפּערטיס אין די בראָנקס, טו טענעמענטס אין האַרלעם, וואָן טענעמענט מיט טו בייסמענט סטאָרס אין פיטט סטריט, טרי לאָטס אין בראָנזוויל און פאָר בילדינגס אויף „ליסט" אין פיפּקין (פיטקין) עווענױ, פרעזידענט פון קראַצמיך לאָדזש, טראָסטי פון חברה גומל בענשען, האָנאָראַרי ברודער פון פּאָטאַקעווער בענעוואָ־לענט סאָסייעטי, טרעזשורער פון טים טאָמער אגודה, טרעזשורער פון באַראַבאַנעווער טשאַריטי אינסטיטושאָן, טרעזשורער פון די צינגעלער יאַנג ליידיעס מלבוש ערומים קלאָב און פרעזידענט פון די גאָרנימער ק"ק אנש צמח צדקה צדיקים — שלישי!"

אַך, ווי שעהן דאָס וואָלט געווען! אָבער טאָקע שעהן פאַר גאָט און פאַר לייט... פיעל מאָל פלעגט ער זיך קלייבען פרעגען דעם מגיד פון דער חברה פאַרוואָס מען זאָל אין אמעריקא ניט אויפרופען צום ספר מיט דעם ענגלישען נאָמען און פאַמיליען־נאָמען? אַ נאָמען, וואָס איז גוט גענוג אויף אַ „דיד" אָדער אַ מאָרטגיידזש, דאַרף זיין גוט גענוג פאַר אַן עליה אויך... אין אמת׳ען, וואָס איז עס זיין שולד, וואָס די פינסטערע „יוראָפּ" האָט איהם אָנגעהאַנגען אַ שאָק משונה׳דיגע נעמען? ווער איז שולדיג וואָס מען רופט

איהם חאַנטשיק און זיין טאַטען למך? אין אַמעריקא אָבער בייט דאָך יעדער איבער זיין נאָמען. אז גאָלדענלאַקש פאַסט אויף ריעל־עסטייט רעקאָרדס, מעג עס פּאַסען פאַר דער שוהל אויך.... אָט, אָט פלעגט ער שוין וועלען צוגעהן צום מגיד, אָדער איהם צורופען צו זיך און פרעגען... אָבער אין מיטען־דערינגען פלעגט ער זיך מישב זיין, טאָמער לויגט דאָס ניט. אָבער די פראַגע פלעגט איהם שטענדיג עגבערען.

איין מאָל האָט ער געמאַכט א גרויסען „דיעל“, א געשעפט פון געשעפטענלאַנד: ער האָט אויסגעביטען „לאָטס“ אויף א טענע־מענט־הויז, און וועלכע ער האָט אריינגעמאַכט א מרחץ מיט א מקוה, און דער חשבון האָט געוויזען א גרויסען פראָפיט. חאַנטשיק גאָלדענלאַקש איז געוואָרען אזוי שטאָלץ ביי זיך, אז ער האָט זיך בעשלאָסען דורכצופיהרען זיין פלאַן און פרעגען דעם מגיד מכח די עליה־ביזנעס, און, שטעהענדיג איינמאָל אין שוהל אין מזרח־וואַנד האָט ער זיך געווענדעט צום מגיד:

— רבי, — האָט ער א וואונק געטהאָן — זייט־זשע מוחל.

דער רבי'ל איז צוגעלאָפען מיט אונטערטהעניגקייט. חאַנטשיק האָט אָבער פּלוצלונג חרטה געהאַט. סטיימש, ווי פרעגט מען דאָס אזא קשיא? ניין, ער וועט ניט פרעגען.

— זייט מוחל, רבי, וואָס איך האָב אייך געבאָדערט, — האָט חאַנטשיק געזאָגט — אפשר האָט איהר א שמעק טאַבאַק?

— מיט פערגעניגען... — האָט דער רבי'ל געענטפערט און געעפענט ברייט די טאַבאַקערקע. חאַנטשיק האָט אריינגעשטעקט די גראָבע פינגער, האָט גענומען א פישערשען שמעק טאַבאַק, האָט א געזונדען שמעק געטהאָן און אריינגענאָסען דעם מגיד גלייך אין פנים אריין.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, רבי, — האָט חאַנטשיק געשטאַ־מעלט — עקסקיוז מי, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען א שאלה, אָבער אין מיטען־דערינגען האָב איך פערלאָרען דעם זכרון....

— עס טרעפט... — האָט דער מגיד געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

דאָס איז אָבער געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס מיסטער גאָלדענ־לאָקש האָט פערלאָרען דעם זכרון. עס האָט פאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט איהם אין גאַנצען אויסגעהיילט פון זיין קראַנקהייט און ער האָט ווידער אָנגעהויבען צו געדענקען ווי אין די אַמאָליגע יאָהרען.

די מעשה דערפון איז אַזוי געווען:

געהענדיג פון שוהל הערט ער ווי די צייטונגס־פערקויפער שרייען „עקסטראַ! עקסטראַ! צוויי באַנקען געבראָכען!" האָנטשיק האָט זיך גלייך דערוואוסט, אַז דאָס זיינען די באַנקען וואָס האָבען איהם געזאָלט בעגייען די אויסגעלאָפענע מאָרט־גיידזשעס אויף מאַנכע פון זיינע הייזער. איידער ער איז געקומען אַהיים האָט ער זיך דערוואוסט, אַז עס איז געוואָרען אַ גרויסער געלד־פּאַניק, מען קריעגט ניט קיין סענט אין ערגעץ, און ריעל־עסטייט־לייט, וואָס דרעהען זיך מיט פרעמד געלד, אַזוי ווי האָנטשיק, ווערגען זיך מיט זייערע פּראָפּערטיס, ניט זיי קענען זיי אַרונטערשלינגען און ניט אַרויסשפּייען. עס איז געוואָרען אַ ביטערער קריזיס, און מיסטער גאָלדענלאָקש האָט זיך בּיסלעכווייז אָנגעהויבען דערמאָהנען זאַכען, וואָס ער האָט שוין לאַנג פערגעסען. מיט יעדער פּראָפּערטי, וואָס ער האָט געהאַלטען אין פערליערען האָט ער זיך אַלץ מעהר דערמאָהנט. ער האָט אָנגעהויבען צו דער־קענען מענשען. דער שוואַרץ־יאָהר וויים, קיינער זאָגט איהם ניט קיין „גוט מאָרגען". אַלטע בעקאַנטע, לאַנדסלייט, ער געדענקט זיי אַזוי גוט, מיט מאַנכע איז ער אין חדר געגאַנגען... זיי מיינען, אַז ער האַלט זיך גרויס, אַז ער וועט זיי ניט ענטפערען: שוטים! ער האָט זיך קיינמאָל ניט גרויס געהאַלטען, אַ פערנומענער מענש, האָט קיין צייט ניט געהאַט, ס'איז איהם אין זינען ניט געלעגען...

— הער, חאַשעל, — האָט ער זיך איינמאָל אָבגערופען צו זיין אידענע, וועלכע האָט ניט פיעל געוואוסט פון זיינע פינסטערע

געשעפטען — ווי מיינסטו, איך... וואָלט נאָך געקענט... זיין אַ פישער ?...

חאַשע האָט זיך דערשראָקען. זי האָט געמיינט אַז איהרען איז עפּעס צוגעקומען. נור איידער זי האָט נאָך געהאַט צייט צו ענטפערען, האָט ער איהר ווידער אַ פרעג געטהאָן:

— האָסט אפשר די לעצטע צייט געטראָפען אונזער אַמאָליגען שכן בעריל לאַפּעטאָטניק, וואָס האָט פאר אונז אַמאָל צונויפגעמאכט צעהן־דאָלאר אויף דירה־געלד, ער איז געווען זעהר אַן אָרענטליכער מענש... איך וועל איהם קיינמאָל ניט פערגעסען...

חאַשע האָט געמיינט אַז איהר מאַן איז קראַנק, אָבער ער איז גאָר געזונד געוואָרען: ער האָט געוואונען דעם זכרון...



# קאָלעקטען רענט

די געוואוינהייט, זאָגט מען, איז די צווייטע נאַטור, און ווי עס שיינט איז דאָס טאַקע אמת אויך. אַט האָט זיך באַרנעט קרעפּף איינגעוואוינט צו קאָלעקטען רענט, קען ער פּשוט אָהן דעם ניט לעבען.

ביי קרעפּף'ן איז איינס פון די צוויי: אָדער קאָלעקטען רענט, אָדער חלילה שטאַרבען, און ער וואָלט, שונאי ישראל, בעסער גע־שטאָרבען, איידער איבערהיפּען אַן „ערשטען" און ניט געהן קאָ־לעקטען.

— איהר ווייסט ניט דעם מאכל פון נעהמען דירה־געלד, — ערקלערט ער אָפּט זיין הויז־געזינד — מיר קומט צו דערפון אַ שטיק געזונד. די שעה זאָל ניט זיין! מיר דאַכט, ווען איך זאָל דאַרפען ווערען אויס לענדלאָרד, וואָלט איך זיך אפשר אַ מעשה אָנגעטהאָן.

קרעפּף איז אַמאָל געווען איינער פון די גרויסע אויפגעקומענע ריעל־עסטייטליים. ער איז שוין געווען, ווי די ווייבער זאָגען, „איין מאָל אַ ריעל־עסטייטמאַן", אָדער, ווי דער ענגלישמען זאָגט, „אַ ריעל־עסטייטמען און אַ האַלב. ער האָט אַמאָל אויסגערעכענט, אַז ווען אַלע זיינע „טענענטס", שכנים הייסט דאָס, מיט זייערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלען בעלאַנגען צו איהם, וואָלט ער אפשר געהאַט אַן אַרמעע ווי דער רומעניש̈ער קעניג, און וואָלט אפילו ניט מורא געהאַט צו געהן אויף אַ מלחמה מיט פּרייסען.

מאַנכעס מאָל פלעגט ער זיך טאַקע בעטראַכטען פאַר אַ שטיקעל קיסר, זיינע פּראָפּערטיס האָבען איהם געשיינט ווי קאַזאַרמעס, ווי

פעסטונגען, אָנגעפּיקעוועט מיט פערשיעדענע מיליטער, און זיינע מענענטס פלעגט ער בעטראַכטען ווי זיינע אונטערטהאַנען, וואָס מוזען איהם צאָהלען קאָנטריבוציע, זאָנסט קען ער זיך אָברעכענען מיט זיי.

ער גיט אַ בעפעהל, און זיי ליעגען אין גאַס! אַ קלייניגקייט אַזאַ כח! אַ קיסר, נור אַ קיסר קען טהאָן אַזאַ זאַך...

איצט געה איך סמאַטרעווען מיין חיל... — פלעגט קרעפּך זאָגען בלומרשט אין אַ געלעכטער באַלד דעם „ערשטען" אין דער פריה, האַלטענדיג דעם ביכעל מיט די „רענט רעסיטס" אין קעשענע, אַ צילינדער־הוט אויפ'ן קאָפּ און אַ בעגולטען שטעקען אין האַנד.

זיין פּנים פלעגט דאַן זיין לויטער שמייכעל, און מיט אַ שטאָל־צען טריט, ווי אַ זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, אָדער אַ גענעראַל אַ קאָזאַק, פלעגט ער זיך אַוועקלאָזען צו די „קאַזאַרמעס".

צייטען בייטען זיך אָבער: קעניגע ווערען אראָבגעזעצט פון זייערע טהראָנען; מלוכות ווערען „ניט דאָס"; פּאָלקאָווניקעס און אפילו גענעראַלען, ניט דאָ גערעכט, פאַלען אַרונטער פון די פערד און לינקען זיך אויס אַ פוס, אָדער זיי פערטרייסלען זיך אַן אויג מיט אַ באָמבע.

און בערע קרעפּך איז נעבעך אויך ניט מעהר „אויפ'ן פערד", ער געהט עפּעס ווי אַן אויסגעלונקענער, די אויגען זיינען איהם אויך אַזוי ווי פערטרייסעלט, ער ווייס אַליין ניט פון וואָס, פּונקט ווי אימיצער וואָלט איהם אַן עין־הרע געגעבען...

יאַ, צייטען בייטען זיך. ער איז אַמאָל געווען אָלל־ראַיט, אָבער טאַקע גאָר אָלל־ראַיט. ער האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפ'ן רעכטען שפּיץ פון אָלל־ראַיט. דער מיאוסער קראַך אָבער אין די ריעל־עסטייט ביזנעס אין דעם לעצטען פּאַסקודנעם געלד־קריזיס האָט איהם אַזוי ווי איבערגעקעהרט אויף דער לינקער זייט. ער האָט מעהר קיין פּנים ניט.

די וואָס האָבען געהאַט גענוג שכל און קוראַזש צו פערקויפען

זייערע הייזער און שטיקלעך ערד איידער די פּאַניקע האָט אויס־געבראָכען, האָבען געכאַפּט אַ מקח און זיך אָבגעטונקט אין מטבעות. קרעפּך אָבער האָט זיך ניט געוואָלט שיידען מיט זיינע הייזער. ווען ער וועט זיי פערקויפען, וועט ער דאָך זיין אויס לענדלאָרד און וועט ניט פיהלען דעם געשמאַקען טעם פון קאָלעקטען רענט. ער וועט טאַקע האָבען געלד אין באַנק, אָבער ווער האָט דאָס ניט אַ באַנק־ביכעל אין אַמעריקאַ? ניין! ער וועט דאַן זיין אַ מענש ווי אַלע מענשען, דאָס טויג איהם ניט. פּראָפּערטים אָבער איז גאָר אַנאַנדער זאַך, אַ לענדלאָרד איז קיין מענש ניט... אַ לענדלאָרד איז... אַ לענדלאָרד.

אַזוי האָט זיך נעבעך בערע קרעפּך מיט זיינע פּראָפּערטים לאַנג ניט אָנגעפּרעהט. דער לייטער פון הצלחה האָט פּלוצלונג גענומען ציטערען ווי אַ קדחת, און קרעפּך האָט זיך איבערגעקוליעט און אַראָבגעקייקעלט פון אַלע שטאַפּלען מיט'ן אויבערראָק איבער'ן מת. עס איז פון איהם געוואָרען אַ תל. זיין פריהערדיגע גוטע מערכה איז צוקראָכען געוואָרען ווי אַן איבערגעקאָכטער קרעפּך אין אַ פאַן הייסע וואַסער. עס איז איהם כמעט גאָר ניט געבליעבען, און דאָס, וואָס ער האָט, מאַכט איהם „צו זינגען און צו זאָגען“.

ער קאָלעקטעט נאָך אפילו איצט אויך, אבער אָך און וועה צו אַזאַ קאָלעקטען! נור וואָס זאָל ער טהאָן? ער מוז, ער איז דערצו געוואוינט, און געוואוינהייט איז די צווייטער נאַטור, יו נאָו“, מילא, קאָלעקטעט ער...

פון זיין גאַנצע פריהערדיגע „מלוכה“ איז איהם נור איבער־געבליעבען איין איינציגער „פּאַלאַץ“ אין איינעם פון די געגענדען פון שטאָדט, וואָס ריעל־עסטייט־לייט רופען „נאָרד פּאָל“, ווייל קיינער וואויהנט דאָרט ניט. מען קען דאָרט ניט וואויהנען. די הייזער זיינען זקנים, אַלט, „געריהרט“ און יאַדישליווע, אָהן לייב, אָהן לעבען, אָהן די נויטיגע בעקוועמליכקייטען, דערצו נאָך ווייט

פון אַ קאַר אָדער אַ „סטיישאָן“. די בעפעלקערונג איז דאָרט „אויס־געפּראַרעו“ ווי אויפ׳ן „ים הקרח“, און עס פּערבלאָנדזשען נור אַזעלכע קאָסטאָמער, וואָס קענען זיך איינענטליך בעגעהן אָהן אַ דירה אין גאַנצען און עס אַארט זיי אַ האָאר ניט וואו זיי שלאָפען און וועלכען פּאָליסמאַנ׳ס „קלאָב“ עס רעקט זיי צו...

אָט וויפיעל שויבען אין די פענסטער פון קרעפּך׳ס פּראָפּערטי עס געפינען זיך, זיינען זיי אַלע אויסגעצאַצקעט מיט „טאָ לעטס“, אָבער דאָס העלפט ווי אַ טוידטען באַנקעס. זעלטען ווער עס דינגט דאָרט אַ דירה און קוים ציהט דאָרט אימיצער אַריין, מוז מען איהם געבען דעם ע ר ש ט ע ן חודש אומזיסט, דעם צווייטען חודש האָט ער ניט צו בעצאָהלען, דעם דריטען וויל ער ניט בעצאָהלען דעם, פיערטען חודש זאָגט ער צו צו בעצאָהלען אויפ׳ן פינפטען, דעם פינפטען מוז מען איהם וואַרטען ביז דעם זעקסטען, ווייל מען דאַרף אַ נייעם מאָרטגיידזש — מוז מען ווייזען דעם מאָרטגיידזשיר, אַז די הויז שטעהט חלילה ניט לעדיג און איז בעוואויהנט פון קאָפּ ביז די פיס; אויפ׳ן זיבעטען חודש מוז איהם דער לענדלאָרד אַליין צוצאָהלען ער זאָל „מוחל זיין“ טרובירען זיין כבוד און ארויסציהען. ער מוז איהם אויך געהן העלפען זוכען נייע „רומס“, געבען דעם נייעם בעל הבית נייע האַנדגעלד, דאַן דאַרף ער זיך ניט פוילען אַליין צו בעשטעלען אַן עקספּרעססמאַן, בעצאהלען מוף־געלד און געבען דעם געוועזענעם שכן עטליכע סענט אין קעשענע „צו ספּענדען“, אַם ווענינסטענס אויף די ערשטע עטליכע קעסעלעך ביער, און טאָר נאָך אַלעם דעם ניט פערגעסען אַריינוואַרפען אַ מטבעה אין פּושקע דער־פאַר וואָס ער איז אַזוי לייכט פּטור געוואָרען פון אַ „כשר׳ע מציאה“, רען, ווען גאָט העלפט, קען מען פון אַזאַ „טענענט“ אַזוי גרינג ניט אָבשניידען, און מען שפּייט פריהער אויס די לונג, איידער מען זעהט די צוויי צובראָכענע ביינקלעך מיט דעם שווינדזיכטיגען מאַטראַץ אויף אַ וועגעל.

— גוואַלד, בעריל, טשעפּע זיך אָב פון דער חורבה, זי שטעלט

דאָך אונז בדלות! — בעט זיך מיסעם קרעפּף ביי איהר מאַן, ווי ביי א גזלן.

— כלעבען, שוואָגער, — זאָגט זיין ווייב׳ס גרינע שוועסטער — אייער מאַיאָנטעק טויג אויף צרות. אין יעווראָפּאַ וואָלט איהר שוין מיט אַזא מויער בעסער געמאַכט. ק׳מטשאָרטו! וואָס דאַרפט איהר דאָס?

— „פּאַפּא גיוו איט אַפּ! — ס׳הייסט: טאַטע, לאָז דאָס געהן אין דר׳ערד אריין! — וויינט דאָס עלטערע מיידעל.

— „ליוו איט, ליוו איט גאָ טו....!“ לאָז דאָס געהן צום וואַטעמאַכער! — שרייען אַלע מיט אַמאָל.

— וואָס ווילט איהר האָבען פון מיר? — שרייט בערע קרעפּף מיט א מיטלייד.

שטאַרק פערדענקען קרעפּף׳ן קען מען אויך ניט. געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור. ער איז געוואוינט צו געהן אין די הייזער און קאָלעקטען נאָך פון אייראָפּאַ... דאָרט פלעגט ער געהן אין פרעמדע הייזער. אין אַמעריקאַ איז ער אויך געגאַנגען א לאַנגע צייט אין די הייזער, אין פרעמדע הייזער און „קאָלעקטעט“... שפּעטער האָט ער קאָלעקטעט אין אייגענע הייזער און איז נאָך פון דעסטוועגען געגאַנגען אין פרעמדע אויך... איצט האָט ער נור איין־איינציג הויז, לאָזט איהם פּשוט ניט דאָס האַרץ עס צו פערליערען. פערקויפען קען ער ניט, און דאָס לאָזען געהן צום טייוועל איז אַן „עברה“.

אין אמת׳ען וואָלט די פאַמיליע קרעפּף טויזענד מאָל גליקליכער געווען אָהן דער פּראָפּערטי. די יונגע קרעפּף׳לעך וואָלטען געווים גליקליכער געווען און עס איז קיין וואונדער, וואָס זיי פרעגלען זיך פאַר כעס, דען דאָס גאַנצע ביסעל שמאַלץ פון זייערע פערדיענסטען צופּאַטשקעט זייער טאַטע אויפ׳ן „נאָרד פּאָל“.

און זיי פערדיענען א סך.

דאָס עלטסטע מיידעל איז אַן ארטיסטקע אין נאָדעל־ארבייט,

זי נעהט אוים די טהייערסטע שפּיצען אויף קאָסטבאַרע פּרויען־יאַקען און פּערדיענט דרייסיג דאָלאַר אַ וואָך.

אַ צווייטעס מיידעל אַרבייט ביי אַן אַריסטאָקראַטישער טשעפּקע־מאַכערין און מאַכט איהרע פינף־און־צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך. דאָס אינגסטע מיידעל איז אַ סטענאָגראַפיסטקע און בוכ־האַלטערקע און פּערדיענט פופצעהן דאָלאַר אַ וואָך. צוויי זיהן טראָגען אריין דרייסיג דאָלאַר אַ וואָך, דערצו האָבען נאָך די קרעפּכס אַ קעלער־קראָם, אַ „בייסמענט“ מיט וואָלענע שטיקלעך, וואו די אַלטע מיסים קרעפּך שטעהט און פּערדיענט, און זעלטען ווען עס איז דאָ אַן איבריגער גראָשען, דען אַלץ קריכט אַריין אין דער לעדיגער פּראָפּערטי.

פּראָצענט פאַר מאָרטגיידזשעס, טעקסעס פאַר פייער און פאַר וואַסער, רעפּעראַציע — עס קאָסט און עס קאָסט.

דאָ ווערט געבריכט אַ „סילינג“ און דאָרט פערבייזערט זיך אַ „טשימני“ און לאָזט ניט דורך דעם רויך און טהו איהם עפּעס! הייגט סתם צרות, פון וועלכע עס איז ניט אויסצוהאַלטען: אַ שכור׳ער אירלענדער שכן איז אַראָבגעפאַלען פון די טרעפּ און האָט זיך אויסגעהאַקט די ציינער, — נאַטירליך, איז דער לענדלאָרד שולדיג וואָס ער האָט אַזעלכע שלעכטע טרעפּ. דאָ פערלעגט זיך אַ לופט־פּאַיפּ און דאָרט עפּענט זיך אַ וואַסער־פּאַיפּ. אַן איטאַליענער האָט פאַר בעם צוברעכען אַלע טהירען מיט די לאָדענס און אויסגע־הייצט מיט זיי דעם אויווען; אַ סלאָוויאַק האָט פאַר אַן עהנליכע פרע־טענזיע אַראָבגעריסען די וואַנד־פּאַפּיער מיט די ליים מיט אַלעמען און פערשטאָפּט זעהר אַ נויטיגע עפנונג.... נאָכדעם האָט ער מודיע געווען די „באָארד אָוו העלטה“ (געזונדהייטס־בעאַמטע), אַז ביי איהם אין הויז „הערט זיך עפּעס אַ שטאַרקייט“... ער האָט מורא, ער זאָל חלילה ניט קראַנק ווערען....

די שטאָדט האָט זיך אין דעם אַריינגעלעגט, די פּאָליציי האָט זיך אַריינגעמישט, און קרעפּך האָט געקראָגען אַ וואַרנונג איבערצו־

בויען דאָס הויז, אויב ניט, וועט מען דאָס אין גאַנצען פערדאַמען און קיינער וועט דאָרט מעהר ניט טאָרען וואויהנען... ער וועט פשוט בלייבען אָהן אַ שכן און וועט בדלות ווערען...

די פאַמיליע האָט זיך דערפרעהט: איצט וועלען זיי אפשר האָבען אַ געלעגענהייט צו פערליערען די חורבה, אבער קרעפּך האָט זיי באַלד איבערצייגט, אַז אונגעזאַמט וועט ריעל־עסטייט ווידער אָנהייבען „בומען" און זיי וועלען זיין אָלל־ראַיט גאָר אויפ'ן אַלטען שטייגער. דערווייל זיינען זיי פאָרט אַ לענדלאָרד'ס קינדער און ער געהט קאָלעקטען רענט.



# צווישען שלעפּערס

„מיסטער, קויפט אַן אויבערראָק!“ האָט מיך פלוצלינג איבער־ראשט און אָבגעשטעלט אַן „ארײנשלעפּער“ פון אַ קליידער־קראָם אין מיטען פון דער בכבוד’ער קאַנעל סטריט.

איך האָב פּרובירט זיך מאַכען ניט הערענדיג און ווייטער געהן, אָבער דאָס האָט מיר ניט פיעל געהאָלפען. דער ארײנשלעפּער האָט מיך שוין געהאַלטען פאַר אַ קנעפּעל און מיט אַ בעפעהלענדען טאָן, ווי אַ פּאָליסמאַן, געשריען „קויפט אַן אויבערראָק!“

— גאָט איז מיט אייך! — האָב איך מיך ביי דעם אידען געבעטען — וואָס פאַלט אייך איין? וואָס פעהלט דען מיין אייגע־נעם אויבערראָק? איך האָב דאָך איהם ערשט ניט לאַנג צוריק ביי אייך געקויפט.

— און איך זאָג אייך, קויפט אַן אויבערראָק! — האָט ער זיך געהאַלטען שטייף ביי דאָס זייניגע — פאָלגט מיך און קויפט, פאָלגט אַ אידען! איך בין כ’לעבען אויסען אייער טובה, איהר קענט זיך נאָך חלילה פערקיהלען. פערגעסט ניט, אַז איהר האָט זיך ניט מיט וואָס צו פערשפּילענען.

אַזוי רעדענדיג האָט ער מיר גענומען ארײנצעהלען אין האַנד די קנעפּלעך, וואָס זיינען שוין זייט אַ וואָך „געהאַנגען אויף משקולות“ און ער האָט זיי יעצט אין גאַנצען ארויסגעדרעהט.

— דאָס זיינען דאָך טאַקע מיינע קנעפּלעך! — האָב איך פּראָטעסטירט.

— ווער לייקענט חלילה? — האָט ער מיר אונשולדיג צו־געגעבען — איך זאָג דען, אַז זיי זיינען מיינע קנעפּלעך? איך וויל זיי דען בעהאַלטען פאַר זיך? פערגעסט אבער ניט, אַז מיט

אויסגעריסענע קנעפּלעך קען מען זיך ניט פערשפּילענען! — האָט ער שטאַרק בעטאָנט זיינע לעצטע ווערטער.

— ווען אייערע קנעפּלעך רייסען זיך אַזוי גיך אויס, — האָב איך בעמערקט — וויל איך מעהר מיט אייך ניט האַנדלען.

— דאָס איז די שולד פון יענעם „סיילסמען" (פערקויפער), — האָט מיר דער פגע־רע ערקלעהרט — מיר האָבען איהם שוין אוועקגעשיקט. ביי אונז האַלט מען ניט אַזעלכע סיילסליים... קומט! אין דעם נייעם ראָק וועלען זיך שוין די קנעפּלעך ניט אויסרייסען, איך וועל אייך געבען אַ סיילסמען, אַז איהר וועט מיך האָבען צו געדענקען.

— סעי, הערריי! — האָט מיין ארייַנשלעפּער זיך געווענדעט צו דעם חתן־בחור — פערקויף דעם מאַן אַן אויבערראָק! ער דאַרף אַן אויבערראָק, דו הערסט? נור גיב איהם די ריכטיגע סחורה; זעה די קנעפּלעך זאָלען זיין שטאַרק איינגענעהט...

אנשטאַט זיך צו ראַנגלען מיט איינעם, האָב איך זיך שוין איצט געמוזט ראַנגלען מיט צוויי.

— וואָס פאַר אַן אויבערראָק ווילט איהר? — האָט זיך צו מיר דער נייער חברה־מאַן אַ נעהם געטהאָן — זאָגט! מיר האָבען אַלערליי. ווילט איהר אַ קורצען אָדער אַ לאַנגען? וואָס פאַר אַ קאָליר? ווייס, שוואַרץ, ברוין אָדער פּאָפּיליאַטע? סינגעל בריסטיג (ברעסטעד) אָדער דאָפּעלט (דאָבעל) בריסטיג? אַ גאַנצע פּלייצע אָדער אַ געהאַקטע? מיט אַ שפּאַלט אָדער אָהן אַ שפּאַלט? אַ לאַנגען שפּאַלט אָדער אַ קליינעם שפּעלטעל? מיט שליצען פון די זייטען, אָדער אָהן שליצען? גלייכע קעשענעס אָדער קרומע? אַ סאַמעטענעם קאָלנער אָדער אַ שטאָפּענעם?

— אַ שאָד אייער מיה און מאַטערנים, מיסטער, — האָב איך אויסגערופען בעזלעך — איהר וועט מיר קיין אויבערראָק ניט פערקויפען; איך דאַרף דאָס ניט.

— איהר זייט ניט דער איינציגער וואָס דאַרף דאָס ניט. —

האָט מיר דער פּערקויפער גיך געענטפערט — מיר דאַרפען דאָס אויך ניט, דערפאַר ווילען מיר דאָס אַרויס׳פּטר׳ען וואָס גיכער. איהר מיינט, אַז מיר „מאַנופעקטשורען" אויבערדעק אויף קאַטאַ־וועס, זיך מיט זיי צו האַלטען? מיר מאַכען זיי צום פערקויפען. מיר קענען ניט בעשטעהן צו לאָזען אייך געהן אין אַן אויבעררעק אָהן קלעפּלעך...

— אַרויסגעוואָרפענע רייד, — האָב איך דעם נודניק געגעבען צו פערשטעהן — איהר האָט ניט געטראָפען דעם ריכטיגען קונה.

— זעהט איהר, מיסטער, און איך וועל אייך ווייזען אַ קונץ, אַז איהר וועט יאַ קויפען אַן אויבעררעק. דערווייל היים איך שוין הערדרי דער גרויסער. איך פערקויף אייך אַן אויבעררעק צי איהר ווילט צי ניט...

אַט אַזוי האָט מיט מיר „הערדרי דער גרויסער" איינגע׳טענה׳ט, פּונקט ווי איך וואָלט געוועזן זיינע אַ זאַך און וואָלט גאָר קיין איינגענעם ווילען ניט געהאַט.

זעהענדיג אָבער, אַז ער קען מיר קיין אויבעררעק ניט פער־קויפען, האָט ער צוזאַמען מיט׳ן אַריינשלעפּער גענומען אַריינרעדען אין מיר אַ פּאָר הויזען. דאָ האָבען זיי כמעט ווי געטראָפען און איך האָב מורא געהאַט אַז זיי ווילען מיר טאַקע פערקויפען אויך — דען וועלכער אידישער שרייבער קען זיך בעריהמען אַז ער נויטיגט זיך ניט אין דעם דאָזיגען מלבוש?

די צוויי געניטע חברה־לייט, דער „שלעפּער" מיט׳ן פער־קויפער האָבען געאַרבייט אויף אַלע כלים מיך אַריינצופיהרען אין קראָם. זיי זיינען פערשוויצט און הייזעריג געוואָרען, און איך בין דאָך געבליעבען אויפ׳ן טראָטואַר. מיט די גרעסטע עקשנות בין איך געשטאַנען דרויסען און זיך ניט געלאָזט איבעררעדען.

נעבען דעם קליידער־געשעפט איז גראַד געווען אַ געשעפט פון קאַפּעלושען, און, ווען דער אַריינשלעפּער פון יענעם געשעפט האָט

געזעהן, אַז די ערשטע צוויי קענען מיט מיר גאָר ניט מאַכען, האָט ער זיך אַריינגעמישט:

— וואָס טשעפּעט איהר זיך צו אַ מענשען? — האָט ער זיי געמוסר'ט — איהר זעהט דאָך, אַז דער מאַן האָט אַן אויבערראָק און געהט נאָך אין גאָר ניש־קשה'דיגע הויזען... וואָס ער דאַרף און מוז האָבען איז אַ קאַפּעלוש, אַ העט דאַרף דער מאַן און איך וועל זי איהם טאַקע פערקויפען...

אויף אַזאַ אַרט האָבען מיך יענע צוויי לצים אָבגעלאָזט און דער נייער האָט מיך אַריינגענומען אין דער אַרבייט.

— קומט, מיסטער, — האָט ער זיך אָנגעטהאָן אָן מיר — אייער העט איז אַרויס פון „שייפּ" (פאַסאָן); דערצו קליידט זי אייך סתם ניט; זי האָט אייך קיינמאָל ניט געקליידט. איך ראַטה אייך אויף ווינטער קיין שטרויענע העט ניט צו קויפען. איך וועל אייך ניט אַרויפרעדען אַ העט אויפ'ן קאָפּ, וואָס זאָל אייך ניט פּאַסען צום פּנים...

די טענות פון דעם העט־פערקויפער האָבען מיך אַביסעל געשמייכעלט: איך האָב ערשט בעשטימט געוואוסט, אַז איך האָב אַ קאָפּ און האָב אַ פּנים ביי לייטען... האַנדלען אָבער האָב איך ניט געוואָלט, נאָך ניט פון פלעק.

נעבען דער העט־קראָם איז געווען אַ קראָם פון העמדער, קעלנער, קראַוואַטען און פאַטשיילקעס. ווען דער אַריינשלעפּער, וואָס איז געשטאַנען דאָרט פאַר'ן טהיר, האָט געזעהן ווי דער קאַפּעלושניק קען מיך ניט „איינבייסען", האָט ער אויסגעשריען:

— לאָז צורוה אַ אידען! אַ גוי איז ער, וואָס? ער געהט דען חלילה מיט אַ הוילען קאָפּ? דו זעהסט דאָך, אַז ער דאַרף נעבעך אַ העמד... דער קאָלנער איז אַביסעל שוואַרצלעך, די מאַנזשעטען צודריבעלט און דער קראַוואַט איז אַ פאַר־אַ־יאָהריגע מאָדע.

דער דאָזיגער קאָמפּלימענט האָט מיך ניט זעהר געפרעהט, נור איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט עפּעס צו ענטפערען, האָט זיך

שוין דערהערט די שטימע פון דעם אריינשלעפער פון א דערבייאיגע שוך־קראם.

— וואס בינדט איהר זיך צו א מענשען סתם אין דער וועלט אריין? האט דער נייער שלעפער אויסגעשריען — א שווארצען קאלנער קען מען אויסוואשען. ניש־קשה, די „מיסעס“ איז ניט קראנק און דעם „טשיינימען“ האט נאך אויף דער שווארץ־יאהר ניט צוגענומען, מען טרייבט נאך ניט ארויס קיין כינעזער פון אמעריקא... א קנאפער זארג מיט שווארצע וועש, אבער אויס־געדרעהטע אבזאצען איז א „מיאוסקייט“... וואס דער מאן דארף איז א פאר שיך. ער מוז זיי נעבעך האבען... קומט, מיסטער, איהר קענט דאך ניט געהן א באָרוועסער. וועלכען פרייז שיך ווילט איהר? וועלכען נומער שיך טראגט איהר? וואס פאר א פאסאן פערלאנגט איהר? ווילט איהר פעטענט־לעדער, קאלבס־לעדער אדער רוסישע שפיגעל? נייע אבזאצען אויף אייערע אלטע שיך וועט זיך אייך ניט לוינען, עס איז שוין באלד פון זיי קיין „בים“ ניטא...

איך האב געפיהלט, אז דער שוסטערשער שלעפער איז גערעכט; איך האב דאס שוין געפיהלט זייט דעם לעצטען גרויסען רעגען אין ניו יארק. איך האב אבער ניט געקענט מוחל זיין דעם שלעפער זיין שרעקליכע חוצפה מיר איינצורעדען אזא זאך גלייך אין פנים אריין...

אזא שוסטער יונג!

בעשערט געווען אבער, איך זאל זיך אזוי גיך פון די שלעפערס ניט בעפרייען און זאל מגולגל ווערען ביי נאך איינעם אין די הענד.

נעבען דער שוך־קראם איז געווען א קעלער מיט אלטע מעבעל, אדער ווי דאס הייסט אין אמעריקאנער אידיש, א „בייסמענט מיט סעקאנד הענדיגע פארניטשע“ (פוירניטשור).

דער פערשמירטער אידעל פון „בייסמען“ האט גראד געזעהן ווי דער שוסטער קען מיט מיר ניט אויסקומען און האט זיך אונטער־גערוקט:

— קומט, מיסטער, איך זעה אז איהר זייט א פערהייראטהער מאן. איהר דארפט געוויס א וויעגעלע פאר אייער קינד... קומט ארונטער אונטען און קלייבט זיך אוים! פאר'ן קוקען רעכען איך ניט. איהר מעגט דורכקוקען מיין גאנצען „סטאק". אפשר דארפט איהר א „ראָקינג טשער" פאר דער „אידענע", א „האי־טשערקע" פאר דער „בייבע"?

ווער וויים ווי לאנג דער אָרימער אידעל וואָלט מיר געלייענט פון זיין צעטעל, ווען ניט א „שלעפּער" פון א הערינג־געשעפט, וועלכער האָט געזעהן, אז איך וועל חלש'ען אונטער די הענד פון מיינע פערפאָלגער. ער האָט זיך אויף מיר דערבארעמט און מיך צוגעשלעפּט צו זיך...

— קומט, מיסטער, — האָט ער געזאָגט אין גוטע, ליטווישע אידיש, אז איך האָב מיך ממש מחיה געווען — קומט! איך האָב די בעסטע הערינג אין אמעריקא, זיי צוגעהען פּראָסט אין מויל, מען דארף גאָר צו זיי קיין ציינער ניט... היילע שמאַלץ... וואָס פאר א הערינג עסט איהר? היימישע הערינג, האָלענדער הערינג, מאַטשעס (מאַטיוס) הערינג, גראָבע רוקענס, פעטע בייכער, מילך הערינג אָדער איקרע הערינג?

איך האָב געפיהלט ווי אויפצועסען דעם שלעפער מיט זיין גאנצע קראָם; די שפּייעכץ איז מיר געלאָפען פון מויל און, ניט קענענדיג לענגער וואַרטען, האָב איך אויסגעשריען: „גיט א גרויסען, דעם גרעסטען וואָס איהר האָט!"

איך האָב געקויפט א הערינג.



# המן׳ס ווארנונג

(אַ פּורים פאַנטאַזיע)

צו אייך, מיינע ברידער המן׳ס, פון פערשיעדענע מדינות, ריכט איך די דאָזיגע שורות דורך דעם „המן־טאש“.

שוין אַ קימא לן פון עטליכע הונדערט יאָהר ווי איך קלייב זיך אייך צו זאָגען אַ פּאָר גוּיטיגע ווערטער און האָב דאָס אַלץ — ניט פאַר אייך געדאַכט — ניט געקענט.

די פּעטליע אַרום מיין געניק האָט מיך ניט געלאָזט ריידען...

איצט איז ברוך השם די שטריק צופוילט און איך בין, געלויבט איז זאַראַטוסטראַ, וויעדער אַ פרייער מענש. בין אָבגעקומען דאָס מיינינע און רוה זיך איצט אוים.

איך האָב חלילה געקענט אין גאַנצען דעם לשון פערליערען, דען בערעכענט צו האַלטען אַזוי לאַנג אַרויסגעשטעקט די צונג און שווייגען!

אַ המן איז דערצו ניט געוועהנט.

אמת, איך בין יוצא געווען מיט אייערע רייד... איהר רעדט איצט פונקט אַזוי ווי איך האָב גערעדט אמאָל, דאָך, פּאַסט אויף! זייט פאָרזיכטיג!

אויב מיינע אויערען זיינען לאַנג געגוג, דאַכט זיך מיר, אַז איך הער, ווי איהר טשעפּעט זיך אַלץ מיט אַ אידעל, מיט אַ מרדכי, אַ מאָטקע, אַ מאַקס, דער שוואַרץ יאָהר ווייס איהם ווי ער הייסט דאָרטען...

איך גלויב, אַז דאָס מוז נאָך אַלץ זיין דער זעלביגער אידליק, דער „בן־יאיר, בן־שמעי, בן־קיש“. יאַ, דאָס איז דאַכט מיר נאָך אַלץ דער זעלביגער אידעל, וואָס האָט מיך אמאָל געמאַכט פאַר זיין פערד־

פיהרער... וואָס פאַר אַ לאַנגגען לעבען ער האָט דאָס, אָט דער מרדכי־אַטש! דער פערדאַ....

ענטשולדיגט! איך קען ניט איצט ריידען ווי אַמאָל, עס פערכאַפּט מיר דער אָטהעם...

יאַ, דאָס מוז זיין דער זעלביגער, איך דערקען דאָס אָן אייער ווילדען כעס; אָן אייער גרימצאָרען; אָן אייער צייהן־קריצענים... קיין וואונדער, מען קען פון דעם דאָזיגען אידען קייען די ערד, ער אַנערקענט גאָר קיין אַוטאָריטעט, קיין גרויסען, קיין בעריהמטען. איך האָב אַמאָל — ווען איך האָב נאָך געהאַט מיינע צייהן — אויך אַזוי געקריצט... איצט ביים איך מיר די נעגעל מיט די הוילע יאַסלעס...

אויב דאָס איז ווירקליך דער זעלביגער, טאָ פאָלגט מיין עצה און טשעפּעט זיך אָב פון איהם! איהר וועט פון דעם נידערטר....

ענטשולדיגט! די האַלז איז מיר צוטרובירט... איך קען איהר ניט ניצען ווי אַמאָל אין שושן הבירה...

פאָלגט מיך און לאָזט איהם לויפען!

הלואי וואָלט איך געפאָלגט מיין פלונית'טע, מיין זרש'ן, אַ ליכטיגען גן עדן זאָל זי האָבען!... זי פלעגט זיך בעטען ביי מיר, מיך צופען פאַר'ן ארבעל: —

— המן, לאָז געהן מרדכי'ן! המן, הויב זיך ניט אָן מיט איהם! המן, טשעפּע זיך ניט מיט אַ אידען! המן, וועסט האָבען המן'ס מפלה...

אַ המן קען אָבער אַ אידען ניט לאָזען צו רוה, ער מוז איהם טשעפּען.

איך האָב דוקא געוואָלט זיין דער ערשטער און דער לעצטער, דער גרעסטער, דער קיין־קאָטאָוועסדיגער, דער גאַנצער שיינדעל פון שושן הבירה, די צאַצקע פון די זיעבען הונדערט און צוואַנציג מדינות, דער צווייטער פון מלך אחשורוש. כ'האָב דורכאוים געוואָלט שיינען פון הודו ביז כוש.

נו, נו, האָב איך דאָס, ניט פאַר אייך געדאַכט, געבוש'ט !... איך קען דאָס נאָך אויף היינטיגען טאָג ניט פערגעסען !...

מיר איז ניט אָנגעשטאַנען וואָס דער דאָזיגער אידעל האָט אויך אַ נאָמען, וואָס ער זיצט אין „קעניגליכען טהויער", וואָס ער איז אויך אַן „עפּעס" און איז דערצו אַזוי שטייף ביי זיך און וויל זיך פאַר מיר ניט בוקען...

— סטייטש איך ! — האָב איך געטראַכט — זשוק און זשאַבע לויפען מיר נאָך, בין אַ גאַנצער „יאַ טעביע דאַם", מיט אַ סמיטשיק אַריבער איבער אַלעמען, איבער אַלע מיניסטאָרען, חכמים, דיפּלאָ־מאַטען, רעדנער און פּאָליטיקער ; איך, מיט המן'ס קאָפּ אויף זיך, דער בעל עצה, דער קענער פון אַלע קענעכצען און וויסעכצען און נאָך דערצו קיין איד אויך ניט... מיט איין וואָרט איך און איך, און נאָכאַמאָל איך און ווידער אַמאָל איך און ער, דער גאָט פערדאַ...

ענטשולדיגט ! עס איז מיר עפּעס טרוקען אין גאָרגעל...

האָט ער, הייסט דאָס, דער בן־קיש זיך ניט געבוקט פאַר מיר. בין איך געוואָרען בייז און האָב בעשלאָסען אָט וואָס : „דו ווילסט זיין העכער פון מיר, דו ווילסט זיך אויך אַרויסזעהן, טאָ זיי אַזוי הויך, אַז מען זאָל דאַרפען פערדרייען די אויגען אַרויף, דיך צו זעהן... יאָ איך האָב געהייסען ברענגען דעם העכסטען בוים פון פּרס ומדי'ס וועלדער...

וואָס מיינט איהר אָבער, ברידער המן'ס, איז געווען דער סוף ? איהר וועט דאָס וויסען שפּעטער, ווען איהר וועט זיך ניט אָבטשעפּען פון דעם דאָזיגען לומ...

ענטשולדיגט ! עפּעס איז מיר אַריין אין לינקען קעהל...

ניט נאָר איך אַליין בין שטאַרק דערהויכט געוואָרען, נור מיין גאַנצע משפּחה, אפילו מיין מוזשיניקעל איז געוואָרען אַ סך העכער...

מיינט ניט, אַז איך בין דער איינציגער, וואָס האָט געכאַפּט אַזאַ ביטערע מפּלה, אַזאַ אָבשניט ; איך קען אייך אָבגעבען אַ גע־רוס פון אַ סך אַזעלכע ווי איך און ווי איהר...

וואָס מיך פערדריסט צום שטאַרקסטען איז בלויז איין זאַך, וואָס זיי, די אידליקעס, האָבען פערוואַנדעלט מיין געפלאַנטען פער־ניכטונגס־טאָג אין אַ פרעהליכען יום טוב...

מאַנכע פון מיינע פריינד האָבען כאָטש געהאַט דעם פערגעניגען מען זאָל פייערען זייער אַנדענקען מיט קלאָגען און בראָכען: מיט אַ „תשעה באב", אַ „רויטען זונטאָג" און מיט אַנדערע טרויער־טעג און בראָך־סמנים, און פון מיר האָט מען גאָר געמאַכט אַ פורים...

איך האָב געטראַכט און זיך דערטראַכט, אַז עס איז אַ גרויסע סאַטיספעקציע ווען מען דערמאָנט דיך מיט גאַל, מיט ביטערקייט, מיט טרעהרען, מיט פראָטעסטען, מיט אמת'ע פויסטען, חרמות און זלזולים, אַ סימן, אַז דו האָסט וועה געטהאָן, אַז דו ביזט געקראָכען אין לעבער, דערגאַנגען די יאָהרען. מיך אָבער דערמאָנט מען מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען, מיט אַ פלעשעל און אַ המן־טאַש... איהר ווייסט גאָר ניט, ברידער המן'ס, וואָס פאַר אַ קרענקונג דאָס איז אַזאַ נקמה....

זיי האַלטען דאָס כלומרשט מיט מיר מלחמה מיט הילצערנע קאַלעקאָטקעס, מיט בלעכענע דרייערס, מיט לעכערליכע כלי זיין... מען קען דאָך דערפון צוזעצט ווערען !....

פערלאַכט זיין איז ערגער ווי זיין געזידעלט. דער טייפעל אַליין קוועלט פון אַזאַ ראַכע... אָ, דער הונד, אָט דער מרד....

ענטשולדיגט ! די פאַטילניצע דאָקוטשעט מיך....

# דער המן-טאַש צו די לעזער*)

פּראָגראַם און פּרינציפּען ערקלעהרונג.

גוט פּורים אייך, רבותי! דער „המן־טאַש“ איז דאָ!

מיין ריכטיגער נאָמען איז אפּילו גאָר „מאָן־טאַש“, נור מיך אַרט ניט, זאָל זיין „המן־טאַש“.

מיט די „טאַשען“ פון די „המן׳ס“ איז ניטאָ זיך איצט וואָס צו שעהמען, פערקעהרט, די המן׳ס טאַשען זיינען די גרעסטע יחסנים, סיי אין שוהל, סיי אין דער געזעלשאַפט און סיי פּורים צו דער סעודה.

די טאַש פון א „המן“ האָט איבערהויפּט א „שוואַרצע גבורה“ אין אַמעריקאַ. אָט מ י ט ו ו אָ ס און ו ו י אַ ז ו י זי זאָל ניט זיין אָנגעפּילט אין דער יוגענד, ווערט זי אויף דער עלטער פער־וואַנדעלט אין אַ „לייבראַרי“... אין אַן אוניווערזיטעט... אין אַ קונסט־מוזעאום... אין אַ שפּיטאָל... אין אַ פאַנטאַן פון צדקה... אין אַ גע־זאַנג פון גאַנץ הלל... א. ז. וו.

יאָ, איך בין אַ „המן־טאַש“ און בין שטאָלץ דערויף.

אָט ווייל איך בין אַזאַ „טאַש“, דערפאַר בין איך אונשטערבליך.

מרדכי איז אפּילו געווען א „יהודי“ און „יהודים׳שע“ טאַשען זיינען אויך ניט צו פערזינדיגען, דאָך האָט איהר ניט קיין מרדכי׳ס טאַש.

נישקשה, איך קען אייך.

איהר טופּעט כלומרשט מיט די פּאָדעשוועס; האַקט מיט די

*) דאָס איז געווען אַ לייטאַרטיקעל פון אַ הומאָריסטישען פּורים־בלעטעל.

פים אָן דר׳ערד; גרעגערט און קאַלעקאַטקעוועט; „קלאַפּט“ מיט הילצערנע און בלעכענע צונגען; אייערע „שרייערס“ רוישען און טומלען, און דולען אַ מוח מיט הייזעריגע קולות: סטייטש, „המן בן המדתא האגגי“!... סטייטש, אזא לומפּ, אזא בלוט־הונד! דאָך פון זיינע „טאַשען“ ווערט איהר בעגייסטערט... איהר כאַפּט זיך צו צו זיי ווי די היישעריקען...

גרעגערען, הרג׳ענען המן׳ן אויף קאַטאָוועס, בלויז ביי דער „מגילה“, — דערצו זייט איהר גאַנצע העלדען, קנאַקערס, גבורים, „טעראָריסטען“, פון דער סעודה אָבער, פון דעם פעטען ביסען, פון דער ביסעל משקה, יא, פון טאַש און פון פלאַש האָט איהר הנאה....

אמת, טאַקע אַ „המן“, אַ צר הצורר, אַ רשע, אַן אויסוואורף און אַ קלעק־נשמה, אָבער די סעודה, דער פּורים מיט׳ן המן־טאַש איז אַ געשמאַקע זאַך, אַ מחיה נפשות.

איהר נעהמט המן׳ס טאַש מיט געוואַשענע הענד, איהר מאַכט נאָך איבער דעם המוציא, איהר בענשט און זינגט „על הנסים“...

אָ, איך קען אייך!

דער המן־טאַש איז אַלט געווען אייך אַלעמען צו קענען. איך האָב אייערע עלטערען, אייערע באָבעס און זיידעס, און עלטער־עלטער זיידעס אויך געקענט.... זיי האָבען אויך געהאַט „שרייערס“, „קאַלעקאַטקעס“ און פערשיעדענע „דרייערס“ און „גרעגערס“, אָבער אַלץ אויף צו פּלייסען...

זיי האָבען קיינמאָל ניט געשריען, געגרעגערט און געשלאָגען אויף אַן אמת. זיי זיינען געווען גאַנצע מאַכערס, קנאַקערס נאָר אין שוהל, אין קלייזעל, ביי דער חברה, אָבער קיינמאָל ניט וואו מען האָט געדאַרפט... אין בעסטען פאַל האָבען זיי זיך געשלאָגען פאַר אַנדערע, פאַר פרעמדע, מיט פרעמדע כלי זיין, פרעמדע שונאים... אָבער קיינמאָל מיט די ריכטיגע כלי־זיין, דעם ריכטיגען שונא!...

איך קען אייך.

ווען איהר דערזעהט די „סעודה“, דעם המן־טאַש, יא ווען

איהר דערזעהט די פולע, אָנגעפּאַקטע טאַש, מעג עס זיין ווי שוואַרץ אינעווייניג... ווערט איהר ווילד פאַר התפּעלות... איהר פערגעסט אַן אַלץ מיט אַנאַנדער און כאַפּט זיך צו צום פלעשעל ווי משוגעים... איהר פער'שכור'ט זיך, פערשווינדעלט זיך אַליין און פערשווינדעלט אַנדערע, איהר „דרייט", איהר „שרייט" און אייער ליאַרם רופט אַרויס אַ געלעכטער. איהר קריצט כלומרשט מיט די צייהן און דאַנקט אין האַרצען המן'ען, וואָס האָט אייך פערזאָרגט מיט אַן אייביגע סעודה, מיט אַ „פּיק־ניק", איהר זאָלט האָבען וועגען וואָס צו גרעגערען און פערטומלען דעם עולם.

איהר האַלט דאָס פאַר אַ מצוה זיך צו פערהוליען, צו „פער־שנאַשקען", אַז איהר זאָלט ניט וויסען פון אייער קאָפּ צו זאָגען, ניט וויסען דעם אונטערשיעד פון „אָרור המן" ביז „ברוך מרדכי"... איהר בעזויפט זיך אַזוי מיאוס, אַז איהר קוילעט איינע די אַנדערע, ניט וויסענדיג וואָס איהר טהוט...

אָט ווייל איך קען אייך, ווייל איך ווייס וואָס איהר האָט ליעב, דערפאַר האָב איך זיך פערוואַנדעלט אין אַ פורים־בלעטעל און בין ערשיענען.

איהר מעגט מיר נעהמען ערנסט אָדער ניט, דאָס בלייבט מיר גאַנץ ענאַל. איך בין אַלענפאַלס פיעל ערנסטער ווי מאַנכע פון אייערע גרויסע בלעטער, וואָס ערשיינען אַ גאַנץ יאָהר... איך ווייס אָבער, דאָס ווי ערנסט איך זאָל ניט זיין וועט איהר אַלץ קוקען אויף מיר מיט אַ שמייכעל, ווייל איך בין אַ פאַפּיערענער המן־טאַש...

איהר זייט געוועהנט אויף אַמעריקאַנער „פּייפּערס", אידישע איבערהויפּט, ניט צו קוקען מיט צופיעל ערנסטקייט, בפרט נאָך אויף אַ פורים־בלעטעל: דאָס איז דאָך געוויס לצנות...

איך האָב זיך אָבער דערפאַר אַ נאָמען געגעבען „המן־טאַש", ביידע ווערטער — אַי „המן", אַי „טאַש" — רופען אַרויס אַן ערנסטע מינע. המן־טאַש רופט אַרויס רעספּעקט, דרך ארץ, עהרפורכט,

זשעדנעקייט. דער גרעסטער שונא המן׳ס האָט אָבשיי פאַר א טאַש, פון וועלכען מען קען הנאה האָבען...

פון דעסטוועגען, רבותי, פערלאַנג איך ניט איהר זאָלט מיך לעזען מיט א פערקנייטשטען שטערען. עס איז פורים. וואַרפט אריין אַלע אייערע הארבע שאלות אין פלעשעל, דערטרינקט זיי און פערבייסט מיט מיר און ניט מיט די ליפען... שמייכעלט איצט און לאָזט א שמייכעל אויף „לעתיד לבוא“, ווען משיח וועט קומען. דען ווי די הייליגע גמרא זאָגט, וועלען אַלע ימים טובים בטל ווערען נאָר דער המן־טאַש וועט בלייבען...

א געזונד אין דער גמרא! ווי זי פערשטעהט אַן עסק! די המן׳ס טאַשען וועלען קיינמאָל ניט אונטערגעהן, ניט אַרויס פון דער מאָדע... עס וועלען זיך שטענדיג געפינען מענשען, וואָס וועלען זיי זוכען אויפצוהאַלטען...

האָט מיר א גוטען פורים!



# די פרעהליכע אלמנה פון שושן

## מאדאם המן'ס א בריעף אין אמעריקא.

(א פערזאמלונג פון פרויען־רעכטלערקעס. אין מיטען דערינען עפענט זיך די טהיר. עס קומט אריין א פערסישער סריס (יעוונוך) א בארוועסער, אין א קורצען גאלד־געשטיקטען ספענצער, אין ברייטע מייטקעס און א יארמולקע מיט א קוטאש אויפ'ן קאפ און גיט איבער א פערמאכטען בריעף און פערשווינדעט. עס ווערט אן אויפרעגונג צווישען די ווייבער. די סעקרעטארקע ברעכט אויף דעם זיעגעל, נעהמט ארויס דעם כתב יד און לעזט)

„שושן הבירה, חודש אדר....

„צו די פערפוצטע ווייבער פון קאלומבוס'עס מדינה. שלום און ברכה, פריעד און פרייד צו אייך און צו אלעמען, אחוץ די מענער.

„טהייערע שוועסטערקעס: —

„עס טראגט זיך ארום א קלאנג אין שושן, אז איהר קלייבט זיך צו ווערען שטיקלעך מענשען און זיך אברעכענען מיט די ימח שמו'ניקעס, די מאנסבילען. גוט! איך גראטוליר אייך אים נאמען פון אלע פלונית'טעס פון הודו ביז כוש.

ווער איך בין דארף איך אייך ניט פיעל דערצעהלען. גיט, זייט מוחל, א מיש די מגילה און איהר ווייסט אלץ מיט אנאנדער.

„מיין נאמען איז זרש — די מגילה מאכט פון מיר א גאנצע צאצקע, אז איך בין געווען איין חכמניות. מילא, איך וויל דאס ניט אבלייקענען. איך גלויב, אז זי בלאנדזשעט ניט, ווייל קיין נאר בין איך קיינמאל ניט געוועז.

„מיינער האָט געהייסען המן בן המדתא האגגי צורר היהודים. א לומפּ, א פּרויען־יעגער געווען, איינער אין גאַנצען מזרח.

„וויל ושתי מיט איהר בראָדעווקע אויפ׳ן שטערען ניט ערשיי־נען אין דער מוטער חוה׳ס קאָסטיום, צו דערפרעהען דעם שכור׳ען מלך טפּוש, איז מיינער אין מיטען. אין דער מגילה האָבען זיי דאָס פערגעסען שרייבען, דער קאָפּ איז זיי געווען צומישט, די אָרעמע אידלעך — ער איז זיי דערגאַנגען די יאָהרען.

„מאַכט די אידישע אסתר א „פּיקניק" — איז מיסטער המן אַן עהרען־גאַסט און דער מלאך גבריאל שטופּט איהם אַרויף ביי איהר אויפ׳ן מאַטראַץ... דאָ האָט רש״י — זאָל ער מיר מוחל זיין — וויעדער א טעות. המן׳ען האָט מען ניט געדאַרפט אַרויפשטופּען ביי א פרוי אויפ׳ן בעט... ער איז ניט קראַנק געווען אַליין אַרויפ־צוקריכען. איך האָב, כלעבען, געקענט מיינעם בעסער ווי רש״י, אַז איך זאָג אייך ער האָט זיך אַליין געשטופּט, מעגט איהר מיר גלויבען. איך רייד פון סדור... דאָס איז געווען א נידערטרעכטיגער שורקע. ערשט נאָך דער בייזער געשעהעניש שעהמט ער זיך ניט, קומט אהיים זיך רייצען מיט מיר און דערצעהלען די גאַנצע מעשה.

„וואָס א לומפּ א המן קען!

„ער געהט זיך שפּיעלען מיט א פרעמד ווייב, און איך מוז זיצען אין שטוב און זיך האַלטען מיט זיין מוזשיניקעל, ניט דערלע־בען זאָל ער!

„אָבער וויבערלעך, קרוינעלעך, איך האָב דערלעבט א נקמה! הלואי אויף אַלע שלעכטע מענער געזאָגט! — מען האָט איהם אויפגעהאַנגען און איך בין אַל־רייט.

„איך האָב זיך ביי איהם געבעטען ווי ביי א גזלן: „המן, זיי א סטאַטיק; המן, זיי אין דער היים; המן, המדתא׳ס זוהן, אגגי׳ס אייניקעל, העֶר זיך אויף צו „גאַנגען", דו האָסט א ווייב זאָל שוין מיר זיין אזא יאָהר! טאַקע וואָס מען רופט „איין מאָל א ווייב",

אַז אמת׳ע פערסיאַנערקע, בלוט און פייער... המן, קריך ניט צו פרעמדע נקבות אויף בעלער און בלאַנדזשע ניט אויף ווייבערשע שעניקעס, אויף שעניקעס פון אידישע ווייבער איבערהויפט. ווערסט חרמה האָבען, ווערסט אויסגעריסען ווערען, מיט אַ אידענע מאַכט מען ניט קיין מחזקות, ווערסט האָבען אַ פינסטערען, אַ וויסטען סוף, ווערסט כאַפּען אַ חלק, אַז עס וועט דיר אין האלז ניט קריכען. מילא האָט ער מיך ניט געפאָלגט און האָט געכאַפּט אַ פּאַרציע, אַז נור אויף אַלע המן׳ס געזאָגט, זאַראַטוסטראַ זיסער!"

— עי גוד דזשאַב! (אַ שעהנע ריינע כפּרה).

— סוירוו הים רייט! (רעכט אויף איהם).

— הי וואַז נאָ גוד! (ער האָט געטויגט אויף צרות).—

האָבען זיך געהערט געשרייען פון די פערזאַמעלטע. די סעקרעטאַרקע האָט ווייטער געלייענט.

„מילאַ, טהייערע שוועסטער און שוועסטער־קינדער, אַז איך האַלט שוין דערביי קען איך ניט שווייגען און מוז אייך ווייטער דערצעהלען. איך קען זיך פשוט ניט איינהאַלטען, ניט זינדיגען זאָל איך מיט די רייד, זאַראַטוסטראַ זיסער! אויף מיין אייגענע לאַנדספרוי געה איך רעדען און נאָך אויף אַ מלכה דערצו. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? איך קען איהר גיט מוחל זיין, און איהר זאָלט אַזוי גוט זיין אַנגעהמען אַ בעשלוס געגען איהר. אַ פרוי זאָל פועל׳ן ביי זיך אַזוי צו פערגעטערען אַ מאַנספּערשוין, דאָס איז אַ געוואַלד אין דער וועלט, אַז ניט געדאַכט זאָל דאָס ווערען!

„איך מיין דאָ מיין בעריהמטע לאַנדספרוי אַרטעמיזיאַ. אוי, אַז מיאוס און מאוס זאָל איהר זיין אויף יענער וועלט, זאַראַטוסטראַ הארציגער! אַזאַ בעסטיע פון אַ נקבה! אַזוי לאַנג וואָלט דער קיסר מאַוסאָלוס געקרענקט, ווי לאַנג איך וואָלט זיך מיט איהם ניט געפּאַטשקעט נאָכ׳ן טויט.

הערט, ווייבערלעך, אַ געזונד אין אייך, אפשר ווייסט איהר ניט דערפון, וועל איך דאָס אייך דערצעהלען. אַזוי זאָלען מיר אַלע

געזונד זיין ווי דאָס איז אַן אמת. דאָס איז ניט פון דער מגילה און רש״י האָט זיך דאָ ניט אַריינגעמישט....

הערט זיך איין!

„אין דעם יאָהר 364 פאַר די געבורט פון די קריסטליכע פער־קרימענים, דעם גוי׳אישען גאָט, איז דאָס געשעהן. דעמאָלט האָט געהערשט אין אונזער מדינה פרס און מדי דער קיסר מאוסאָלוס.

„מילא מען קען אַנדערש ניט זאָגען, ער האָט געהאַט מיט זיין אַרטעמיזיאַ אַ גוט לעבען. אַ גאָלדענע מערכה האָט זי פאַר איהם געהאַט, אַ זיסע מערכה, — אַ צוקער־פּושקע! עס האָט איהר ניט געפעהלט ממש פון פויגעל־מילך. אָבער איהם האָט אויך ניט געפעהלט. זי איז געווען די סקאַוואראָדע פון אָריענט, געפּרעגעלט און געבראָטען, פלאַם פייער. די גאַנצע גלות פון פערסיע האָט זי אין זיך געטראָגען, און שעהן איז זי געווען, אַ מזרח׳דיגער זומער־טאָג. מאוסאָלוס — ניט זינדיגען זאָל איך מיט די רייד — האָט זיך ניט גענאַרט...

מאַכט זיך „הייזעלע־מייזעלע״, און ער שטאַרבט אוועק. פּשוט אוועקגעשטאָרבען, ניט מיט אַ מיתה משונה ווי מיין המן, דער גיהנום׳ניק, און אַרטעמיזיאַ איז שיער משוגע געוואָרען. זי האָט איהם געשטעלט אַ מאָנומענט פון אַזעלכע סקולפּטורנע זיילען און האָט זיי געלאָזט צודעקען פון אויבען מיט אַזעלכע אויסגעצאַצקעטע דעכעלעך (טאַבעלאָען בלע״ז), וואָס האָבען ניט קיין גלייכען אין דער גאַנצער וועלט. „מאוסאָלעאום״ האָט זי דעם מאָנומענט אַ נאָמען געגעבען, נאָכ׳ן נאָמען פון איהר טויטען מאַן מאוסאָלוס, און דיעזער „מאוסאָלעאום״ איז איינער פון די זיבען וואונדער פון דער וועלט.״

— שעים!... שעים!... (אַ חרפה און אַ שאַנד).

— איי פּראָטעסט! (איך פּראָטעסטיר).

די פרויען האָבען ביטער פּראָטעסטירט געגען דער פּערסישער מלכה, און די סעקרעטאַרקע האָט ווייטער געלעזען:

„אָבער דאָס האָט נאָך אַלץ ניט געטרויסט דאָס האַרץ פֿון דער נאַרישער אַרטעמיזיא, און זי האָט געהייסען אַרויסנעהמען זיין אַש און האָט דאָס שטענדיג אַרומגעטראָגען ביי זיך אין אַ גאָלדען קאַסקעטעל בעזעצט מיט דימענטען. (עס הערט זיך אַ געמורמעל צווישען די ווייבער, און די סעקרעטאַרקע זעצט פֿאָרט:) ענדליך אין איין שעהנעם טאָג איז זי זיך מישב געווען האָט אַריינגעשאָטען די אַש אין אַ בעכער וואַסער און האָט דאָס אויסגעטרונקען, כדי צו זיין אייביג מיט איהר בעשערטען צוזאַמען."

— פֿוי !... פֿוי !... פֿוליש !... (פֿע, פֿע, נאַריש).

— אַנפֿאַרדאָנייבל !... (אונפֿערצייהליך).

די סעקרעטאַרקע לעזט:

„אָט אַזוי האָט דאָס מיינע אַ לאַנדספֿרוי אונז פֿערסיאַנערקעס פֿערשוואַרצט די אויגען... אמת, זי האָט געמאַכט דעם דאָזיגען פֿאַראַד מיט אַ טויטען מאַן. אַ טויטער מאַן איז שטענדיג דער בעסטער מאַן און איז ווערטה מען זאָל מיט איהם מאַכען אַ שטיקעל עקסטרא יום טוב. אַ לייטישע פֿרוי אָבער טהוט דאָס ניט... אָט ווי גיך מיינער איז געווען אין דער לופֿטען, האָב איך איהם שוין געהאַט אין דר׳ערד.

„די אידעלעך פֿון שושן האָבען דאַן געמאַכט אַ קאָנצערט און באָל, וואו מרדכי האָט דעקלאַמירט „מי כמוך" און מאַדאַם אחשורוש האָט געזונגען די „התקוה", מען האָט געשפּיעלט און געהוליעט, האָב איך מיר געמאַכט אַ נייעם דזשעקעט, אַ מופֿטע מיט אַ קאָלאַרעט פֿון פֿערסישע פֿעלכלעך און בין אַוועק טאַנצען.... איך בין געוואָרען די „פֿרעהליכע אַלמנה" פֿון שושן הבירה. מען שלאָגט מיר אָב די שוועלען איך זאָל ווידער חתונה האָבען, אָבער איך לאָך זיך אויס. איך האָב געהאַט גענוג פֿון דעם ערשטען המן, פֿון אַ צווייטען וויל איך ניט וויסען — זיי זיינען ניט בעסער איינער פֿאַר׳ן אַנדערען."

— שי איז רייט ! (זי איז גערעכט).

— טרי טשירם פאַר זרש! (לאַנג לעבען זאָל זי).

„ווייטער, ליעבע שוועסטערלעך, שרייב איך אייך, אז ביי אונז אין שושן איז כּמעט טהו זיך אַ מעשה אָן, עס איז פון די מענער ניט אויסצוהאַלטען. האָבען זיך אַריינגענומען אין זייערע פער־שטאָפּטע קעפּ, אַז די ווייבער מוזען טראָגען אַ ברכת אויפ׳ן קאָפּ און אַ כּפּורת איבער׳ן פּנים; אונזערע ווייבער מוזען געהן פערדעקט די מיילער... היינט גהע, רייד!... מיר קאַיען פּראָסט די ערד. מיר מעגען קוקען פיעל מיר ווילען און וואו מיר ווילען, אָבער דאָס מויל מוזען מיר האַלטען פערהאַנגען... אָט דאָס אין שושן, מיינע שוועסטער, יאָ, שושן הבירה, דאָס לאַנד פון די המן׳ס... אויב איהר קענט עפּעס טהאָן פון אונזערטוועגען, בעט איך אייך אום זאַראַטוסטראַ׳ס ווילען, איילט זיך אונטער, דען מיט פערשטעלטע מיילער זיינען מיר פּשוט אויס.... ווייבער. מיט קוקען אַליין קענען מיר גאָר ניט מאַכען...

וואָלטען כּמעט אונזערע מאַנסבילען געווען שטיקלעך מענשען, וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. זיינען דאָס אָבער אַזעלכע חמורים, אַז עס איז זייער גלייכען ניטאָ.

„אַז אחשורוש איז געווען אַ מלך טיפּוש ווייס דאָך אפילו אַ חדר־אינגעל, אָבער אונזער אידיאָטישען קיסר קסערקס האָט אויך ניט געפעהלט פיעל צו משוגעת.

„הערט, ווייבערלעך, אַן איינפאַל!

„דערפאַר, וואָס עס איז געוואָרען אַ שטורם אויפ׳ן וואַסער, וואו עס איז געשטאַנען די פּערסישע פלאָטע, וואָס איז געשיקט געוואָרען געגען גריכענלאַנד, האָט דער טיפּוש קסערקס געהייסען אַריינוואַרפען קייטען אין ים כּדי איהם צו בינדען און האָט בעפוילען צו שמייסען די כוואַליעס מיט ריטער, זיי זאָלען אויפהערען צו בושעווען.

אָט פון אַזעלכע זכרים, טהייערע שוועסטערקעס, דאַרפען אַ׳זערע פּערסיאַנערקעס ליידען.

„איך האָב זיך אפילו אַ לענגערע צייט געשלאָגען מיט דער דעה אויב איך זאָל אייך דעם דאָזיגען בריוועל שיקען, דען איך האָב געהערט, אז ביי אייך אין אמעריקא זיינען אויך פאַראַן נארישע אַרטעמיזיאַס, וואָס יאָגען זיך פון הודו ביז כוש צו כאַפּען עפּעס אַ שמיקעל המן, אַ יהסן, אַ „שני בשלישי" פון מיינעם, אַ ליכטיגען גן־עדן זאָל ער האָבען! און זיי מאַכען איהם אונטערהויזען, במחילה, פון טשעקס און תחתונים פון באַנקנאָטען. איך וואָרן אייך, טהייערע שוועסטערקעס: ניט יעדע פרוי האָט אַזאַ גליק ווי איך צו בלייבען אַ לוסטיגע אלמנה... מיט „המן׳ס" שפּיעלט מען זיך ניט, דאָס רוב לאָזען זיי איבער אָרעמע גרושות — זאַראַטוסטראַ זאָל זיך דערבאַרעמען!

„האָט מיר אַ גוטען פּורים!"



# בּערעל דער פּיסקאַטער ווערט אַ דעקאַדענט

ער צומישט זיינע געגראַמטע יוצרות מיט אַ פּרינציפּ.

נידער מיט די אַלטע דיכטער!
ווער קען זיי איצונד פערטראָגען? —
מ'פיהלט, זיי זיינען וואָס זיי זאָגען,
פוי! זיי זיינען אונז צו ניכטער —
ניט קיין טשאַד און ניט קיין רויך,
און די וועלט פערשטעהט זיי אויך.
דאָס איז ניט פאַר אונזער מאָגען.
געטהע, שילער, אויך טאַלענטען!
אך! זיי מאַכען אונז דעם קאַטער.
ס'לעבען אונז'רע דעקאַדענטען!
ס'לעבע בערעל דער פּיסקאַטער!

*) אונטער דעם טיטעל „בערל דער פּיסקאַטער" האָט דער מחבר אַמאָל געלאָזט ערשיינען אין „פאָרווערטס" אַ סעריע הומאָריסטישע אַרטיקלען וועגען די גראַמען-מאַכער פון דעם אידישען קוואַרטאַל. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַ בדחן, אַן עם הארץ, וואָס קען אַנדערש ניט רעדען ווי מיט גראַמען. קיין וואָרט איז איהם ניט געשטאַנען אין וועג. צו אַלץ האָט ער צוגעשפּאַנט אַ גראַם. דאַכט זיך וואָס קען שווערער זיין ווי צו צופּאָרען אַ גראַם צו דעם וואָרט „אָפּערע"? אָבער בערל האָט זיך אַן עצה געגעבען: „אָפּערע, כראָפּערע, קום האָרי-אָפּ-עהרע!" דאס איז אַלזאָ אַ פּראָבקע פון בערל'ס „פּיסקאַטע" פּאָעזיע. פאַר גרויס בע-

דאָס איז געווען אין דער דעקאַדענטישער קאַפע־הויז פון אידישען קוואַרטאַל, וואו יונגע לייט זוכען צו ווערען נערוועז און עלטערע קומען זוכען קוראַזש אין הייסע גלעזער ציקאָריע.

אַלטע בחורים קומען דאָרט עסען מאַרענירטע הערינג מיט ציבעלע און זיך קוויקען מיט אַ לימינע און עלטערע בתולות קומען קוקען מיט ליעבע אויף סענדוויטשעס פון רוסישען קאַוויאַר...

די דאָזיגע קאַפע־הויז, אָדער, ווי מאַנכע אינטעליגענטען רופען איהר, „קאַוויאַרנע", איז דער געמויערטער קריטיקער פון דער ניו יאָרקער אידישער קהלה. פון איהרע גלעזער האָבען שוין געזופט די גרעסטע דעקאַדענטען, רעדאַקטערע און כלל־טהוער. איהרע „ספּאָנדזש קייק" האָט שוין געקוויקט דעם „וועלט־שמערץ" פון „גרינע" און געלע" ליריקער, און איהרע לימענעס האָבען שוין געמינטערט דעם הומאָר פון די שרעקליכסטע וויצלער. דאָרט טראָגט זיך דער רויך פון סיגאַרעטלעך פון אַלע „איסטען" פון דער „איסט סייד". און ביי איהרע טישלעך האָט מען שוין געשפּיעלט „ווערפלעך" און „געקיבעצט" די גרעסטע מענשען...

איך היט זיך דאָרט חלילה ניט אַריינצוקומען, ווייל ווער ווייס

---

גייסטערונג פלעגט ער זיך אָפט צופּלאָנטערען, דאַן פלעגט דער גראַם אַריינטאַנצען אין רעכטען מיטען שורה. צום ביישפּיעל:

גראַמען, פלאַמען
דער מאַמען... באַפּ!

אָדער:

דער חתן טהוט אָן אַ קיטעל
און אַ היטעל... מיט אַ יאַרמאָלקע.

אָבער די וועלט מאַכט פאָרטשריט, און בערל שטעהט ניט אָב. עס איז געוואָרען אַ מאָדע אויף ד ע ק אַ ד ע נ ט י ש ע שרייבעריי, „שטימונגס־פּאָעזיע", „אימפּרעסיאָניזמוס"... מען שרייבט מיט פּינטעלעך

וואָס אין אַ דעקאַדענטישע גלאָז טהעע אָדער קאַפע טהוט זיך! דאָרט מוזען זיך מישען גאַנץ כינא, יאַפּאַן, אינדיען, רוסלאַנד, ארץ־ישראל, פּאַריזער בולוואַרד און די גאַנצע צוקינפטיגע געזעלשאַפט, און, — גאָט ווייס, — איך קען קוים פערדייען אַמעריקאַ אַליין...

אגב האָט מען מיר געזאָגט, אַז אין יענער קאַפע־הויז ווער איך בעטראַכט אַלס דער ערגסטער אין דער וועלט, ווייל זיי פערשטעהען דאָרט וואָס איך זאָג... דאָס איז ביי דעקאַדענטען ערגער ווי אין טאַטען אַריין. דאָס איז אַ סימן, אַז איך בין פון די אַלטע, פון דער „קלאַסישער שולע", מ'שטיינס געזאָגט, וואו שרייבער האָבען נאָך גערעדט ווי מענשען, און מענשען זיינען געווען שרייבער.

דעקאַדענטען רעדען ניט ווי מענשען, כאָטש זיי עסען ווי מענשען, אויב זיי האָבען נור וואָס... דעקאַדענטען פערשטעהען זיך אויפ'ן וואונק און אויב זיי פערשטעהען זיך ניט איז נאָך בעסער, דאַן קען זיך יעדער פאָרשטעלען וואָס זיין כשר הארץ גלוסט, פשוט פויגעל־מילך...

דאָס איז נאָך אַ גרונד פאַרוואָס איך קום קיינמאָל ניט אין דער דעקאַדענטישער קאַפע־הויז, איך ווייס ממש ניט ווי מען בעט דאָרט

---

אָנשטאָט ווערטער. מען רעדט אויפ'ן וואונק, אויף שטום לשון. מען פאָרט ווערטער אויף אַ „נייעם" שטייגער. „בלאָהע פאַרנאַכטען", „גרין־נעכטיגע הונגער־שויבען"... וואָס בעדייט דאָס? דאָס קען פרעגען בלויז אַן עם־הארץ... דעקאַדענטישע שרייבען איז ניט צו פערשטעהן, נור צו דער־שמעקען, און שמעקען ביי דעקאַדענטען שמעקט מען ניט מיט אַ נאָז, נור מיט אַ געמיטה, מיט אַ שטימונג, און דער קיצור איז, אַז וואָס וועניגער מען פערשטעהט, אַלץ מעהר קען מען זיך אָנשטויסען. און וואָס מעהר בלאָהע פאַרנאַכטען און תאוה'דיגע ברוסטען איז אלץ מעהר פּאָעזיע.

בערל האָט זיך אַלזאָ גענומען צו דעם נייעם שניט, און... ער „פּיסטאַקעוועט" אויף אַ דעקאַדענטישען שטייגער.

א גלאָז טהעע. איך ציטער, טאָמער פערשטעהען זיי מיך, וועלען זיי מיר ווערען דם שונאים, און צווישען שונאים האָב איך פיינד צו זיצען.

דאָס מאָל אָבער האָב איך בעשלאָסען דאָרט אריינצוגעהן עסען מיטאָג. איך ווייס אפילו ניט ווי מען רופט א ביעף־סטייק אויף דעקאַדענטיש, האָב איך מיך דערפאַר בעשלאָסען, דאָס ווען דער „וויטער" וועט צוגעהן צו מיר פרעגען, וואָס איך וויל, זאָל איך זיך א כאַפּ טהאָן אָן דעם ווייכסטען אָרט פון מיין גוף און איהם ווייזען.

האָט מיר אָבער א נייער קריטיקער ערקלערט, אַז אויף וויבקייט פערשטעהען זיך ניט די דעקאַדענטען, אַז דער דעקאַדענ־טיזמוס איז הארט ווי פּאָדקאָווע, ניט איינצובייסען. אויב איך וויל אָבער פאָרט א דעקאַדענטישען סטייק, זאָל איך אויסטהאָן די שלייקעס, אַריינגעהמען איין ברעג אין די צייהן און אָנשפּאַרען דעם אַנדער ברעג מיט'ן פוס און ציהען, קנאַקען מיט די פינגער און פייפען, וועט מען שוין וויסען וואָס איך וויל.

איז אָבער ווידער א קשיא: ווי געהט מען אַריין אין א דעקאַדענטישע קאַפּע־הויז סתם אזוי מיט די פיס אראָב, ווי די אַלטע קלאַסיקער? דעקאַדענטען געהען דאָך מיט'ן קאָפּ אראָב, מיט'ן קאָפּ דורכ'ן וואַנד און מיט די פּאָדעשוועס צום הימעל... ווען איך זאָל געהן מיט א מענשליכען גאַנג, וועלען זיי דאָך מיך מאַכען אויסצודרעהען...

נור מילא, זאָל זיין, וואָס עס וויל — איך בין אַריין.

ביי דעם זעלביגען טישעל, וואו איך האָב זיך געזעצט, פונקט אַנטקעגען מיר, איז געזעסען א קליין מענשעל, אָבער טאָקע קליין ווי א מינוט, מיט לאַנגע האָאר און שפּאַקולען אויף דער נאָז. ער איז געזעסען נעבען א בעיאָהרענטע בתולה מיט א קורצען נעזעל, א פלאַכען בוזים, ווי א לאָקשען־ברעט, און א רויטען שפּענצער מיט שפּיצלעך און שנאָלען.

זיי האָבען געטונקט פּאַמפּערניק אין סמעטענע און געלעזען אין רוסיש. דער מאַן האָט אַלע ווײַלע געקוקט אויף מיר און זיך געס׳וד׳עט מיט דער נקבה. דער מענשעל איז מיר פאַרגעקומען זעהר בעקאַנט, נור איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט דערמאָנען וואו איך האָב איהם געזעהען. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו הערען, וואָס ער רעדט וועגען מיר און האָב געהערט:

קלאַסיקער, קוואַסיקער,
מיר זײַנען פּאַסיגער.
וואָס טויגען פּענטעריי?
נור דעקאַדענטעריי
איז איצט דאָס ריכטיגע,
ליכטיגע... שרײַבענים....
בלײַבענים... אויף אייביג....

בערל! — האָב איך אַ קלער געטהאָן — יאַ, בערל דער פּיסקאַטער, דער בעקאַנטער, אַלטער בדחן פון גרויס ניו יאָרק. שוין אַ צײַט ווי ער איז ווי אין דר׳ערד אַרײַן. זאָל ער איצט פּלוצלונג האָבען אויסגעוואַקסען אַלס פּאַרטיגער דעקאַדענט? איך האָב איהם דערקענט אָן די פּערדרעהטע גראַמען. אַמאָל פּלעגט ער צומישען זײַנע געגראַמטע יוצרות, ווײַל ער האָט בעסער ניט געקענט; איצט, זעהט זיך, טהוט ער דאָס מיט אַ פּרינציפּ — ער איז אַ דעקאַדענט.

אָבער וואו האָט ער גענומען אַזעלכע לאַנגע האָאר און אַ אינטעליגענטקע אין אַ רויטען שפּענצער? דער דעקאַדענטיזמוס האָט מיך אָנגעהויבען אינטערעסירען. וואָס בערל דערקענט מיך מעהר ניט, איז בײַ מיר קיין וואונדער ניט געווען: אַלס דעקאַדענט, אַלס איינער פון די „נײַע“, ווײַל ער מיט די אַלטע מעהר ניט האַנדלען. נור אפשר איז ער גאָר ניט בערל דער פּיסקאַטער?

עפּעס איז ער מיר אין קאַפּע־הויז אַ גאַנצער יחסן, פון אַלע טישלעך קוקט מען אויף איהם מיט דרך־ארץ, אַ גוואַלד אין דער וועלט. אַ יונגער דעקאַדענטעל אין דעקאַדענטישע שיך, מיט די אָבזאַצען אַרויף, איז דערווייל צוגעגאַנגען מיט כבוד צו מיין קליינעם בעטרעפענדען שכן און האָט איהם דערלאַנגט, מיט רעספּעקט צו מעלדען, אַ דעקאַדענטישען סיגאַרעטעל: לאַנג, שמאָל און בלוי, ווי די „בלויע פאַרנאַכטען". און האָט דערביי אַ פליוך געטהאָן אַ זמר:

זיצט ניט פער׳סוחר׳ט,
צינד׳ט אָן און רויכערט.
בלאָהליכדיג ציהט זיך
אַ גרינגען געמישה זיך.
רויכיג אין דוחק
מאַכט זאַט און בויכיג.
בלאָהע פאַרנאַכטען,
שלאַנקיגע ברוסטען,
תאוה׳דיג זוי גלוסטען,
ליעביג צו שמאַכטען,
דאַכטען און פּראַכטען,
יאַכטען און שלאַכטען,
פּיסלאַך און בויכלאַך,
צינענע יאַיכלאַך,
צייהנדלאַך און קעמלאַך,
קופּערנע שווענלאַך,
קלאַסיש איז העסליך.
רויכט פּאַפּירעסלעך,
בייסט איין די ווייבער
זאַפּטיג די לייבער,
ליידענשאַפּטליך, גאָלדיג,

האָלדיג און פראָלדיג,
וואונדיגע רויזען,
באַרכענע הויזען —
ווי איך בין אַ איד!...

דער קורצער אידעל מיט די לאַנגע האָאר ביי מיין טישעל האָט דערלאַנגט אַ נעהם דעם סיגאַרעטעל און פאַר גרויס בעגייסטערונג האָט ער איהם אַריינגעוואָרפען אין מיין גלאָז קאַפע, דאן האָט ער אַ קיצעל געטהאָן דעם „רויטען שפּענצער", האָט פערמאַכט די קליינע פּעפּערדיגע אויגלעך און אָנגעהויבען:

תאוה'גער בוזים
ווי צוויי זוזים,
ווי צוויי גוזען,
צוויי אַרבוזען,
רויטע בלוזען....
בריסט ווי לעמער,
ווי צוויי עמער,
ווי צוויי נעהמער,
ווי צוויי בערגער,
מענער - ווערגער,
ווערט ניט ערגער!
לאָזט זיך בייסען,
קושען, רייסען,
כ'בין אַ בעס'ן.
ווי אין פּרייסען,
זייט איהר פולע,
בתולה און גדולה,
הינקט אויף אַ קולע...

גאָלדיג בלאָהע
פאַרנאַכטען גראָזע,
וועלען מיר ליעגען
ווי די ציגען,
כאַפּען פליעגען,
אַ פערגעניגען.
קושען און קניפּען
ליפּען... גריגע....
אויף גראָזיגע בעטלעך
סיגאַרעטלעך... סמוקען....

איצט איז ביי מיר מעהר קיין ספק ניט געווען, אַז מיין דעקאַדענטישער קאָפּ-נאַכבאַר איז דער אַלט-בעקאַנטער און בעוואוסטער בדחן בערל דער פּיסקאַטער, וועלכער איז געוואָרען אַ גאָט אין די נייע „ליטעראַטור"... ער רעדט נאָך אַלץ ניט קיין פּראָזאַ פּונקט ווי אַמאָל. איצט האָט ער נאָך צוגעקריעגען „בלויע פאַרנאַכטען" און „תאוה", און ער איז אַלל-רייט. איך האָב זיך ניט געקענט בעהערשען און אויסגעשריען: „בערל!"

אָבער אנשטאָט מיט מיר צו רעדען, האָט ער דערלאַנגט אַ גאָס אויף מיר אַן עמער מיט דעקאַדענטיזמוס, האָט געכאַפּט דעם רויטען שפּענצער פאַר אַן אַרבעל און איז אַוועק, מורמלענדיג:

בערל, שמערל,
כ'בין קיין קערל.
דעקאַטענטיש
און סטודענטיש
בין איך איצטער
אַ פערשיצטער —
בלאָהע נעכט,

שטעכט און ברעכט,
אוי! ס׳איז שלעכט...
זינג איך תאוה,
האָב איך גאוה,
בוים איך בריסט,
אומזיסט... גאָר...
מחותן ליעבער
האָט מיר... אַ גוטען...



# אַ בעזע בעגעגעניש

(במעט אַ פאַקט)

דאָס איז געווען אין אַ פאַרעווען מיטוואָך: דער וועטער איז געווען טרוקען, דער הימעל לויטער, און די „איסט סייד" וואָכעדיג. איך געה מיר אזוי איבער'ן גאַס, שטעלט מיך פּלוצלינג אָב אַ בלייכער יונגערמאַן מיט אַ בלויען שניפּס, אַן איבערגעדרעהטען רעגענשירם און אַ צוקנייטשטען קאַפּעלוש.

— זייט איהר דאָס מיסטער ......?

— ווער זייט איהר?

— ווער איך בין, בין איך.

— און איך בין אויך, ווער איך בין.

— אָבער מיר איז שטאַרק נוגע צו וויסען ווער איהר זייט. — האָט מיר דער יונגערמאַן ערקלערט — אויב איהר זייט דאָס טאַקע דער זעלביגער, איז מיט אייך ניט פרעהליך.

— און אויב איהר זייט אפילו נ י ט דער זעלביגער, איז מיט אייך אויך ניט פרעהליך... — האָב איך דעם ליץ געגעבען צו פערשטעהן.

— וואָס מיינט איהר?

— און וואָס מיינט איהר?

—איך מיין, — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט זיך אויסהוסטענדיג — איך מיין, אַז אויב איהר זייט דאָס דער, וועלכער שרייבט אין צייטונג די סאַטירע „בערל דער פּיסקאַטער" און לאַכט אָב פון דעקאַדענטען, וועט דאָס אייך טהייער קאָסטען. דען בערל דער פּיסקאַטער איז אין כעס און מיר זיינען אַלע אין כעס... איצט זאָגט, וואָס מיינט א י ה ר?

— איך מיין, — האָב איך דעם בלייבען בחור געזאָגט — אַז אויב איהר זייט אפילו ניט דער זעלביגער, וואָס שרייבט די שלעכטע פערזען, וועט איהר אויך כאַפּען ביטערע מפּלות און עס וועט אייך קאָסטען זעהר ביליג, פּשוט גאָר ניט.

— פאַרוואָס?

— פאַר אַ סך זאַכען.

— דהיינו?

— ערשטענס, פאַר'ן טראָגען אין אַזאַ שעהנעם וועטער אַן איבערגעדרעהטען רעגענשירם; צווייטענס, פאַר'ן ניט אויסגלייכען אייער קאַפּעלוש, ווייל אַ צוקנייטשטער קאַפּעלוש פּאַסט אפילו אויף אַ דעקאַדענטישען מח אויך ניט און דריטענס, יאָ, דריטענס— פאַר'ן אָבהאַלטען אין מיטען גאַס אַ מענשען, צו וועלכען איהר האָט ממש קיין שום טענה ניט.

— וואָס הייסט איך האָב ניט קיין טענה? — האָט מיך דער יונגערמאַן געפרעגט פערוואונדערט — איהר טשעפּעט דאָך אונז. זאָגט, וואָס האָט איהר צו אונז? — האָט ער כמעט מיט טרערען געפרעגט.

— און וואָס האָט איהר צו אונז? — האָב איך איהם אויך כמעט וויינענדיג איבערגעפרעגט. יאָ, וואָס האָט איהר צו אונז? וואָס האָט איהר זיך אָנגעטשעפּעט אָן אונזערע יאָהרען? צי דען האָבען מיר, אידען, קנאַפּ צרות חוץ אייך?

— וואָס טהוען מיר ווען? — האָט מיך אָנגעקוקט דער בלאַסער מענש אַ צומישטער — וואָס טהוען מיר?

— איהר שרייבט.

— טאָרען מיר ניט?

— איהר טאָרט און טאָרט ניט.

— פאַרוואָס?

— ווייל איהר קענט ניט. אָבער דאָס וואָלט ניט אויס־

געמאַכט, איהר זייט נאָך יונג און וואָלט געקענט ווען איהר זאָלט וועלען, ווילט איהר אָבער ניט.

— וואָס הייסט מיר קענען ניט? — האָט דער יונגערמאַן פּראָטעסטירט, פערריכטענדיג זיין בלויען שניפּסעל — איז דען דאָ אַ גרונד אין קענען?

— אמת, אין קענען איז קיין גרונד ניטאָ און ניט אַלץ, וואָס עס הייסט קענען ביי איינעם, הייסט קענען ביי אַלעמען. געטהע האָט געזאָגט, אַז שעקספּיער איז אַ „שטערען פון דער העכסטער הויך“ און טאָלסטאָי האָט געזאָגט, אַז שעקספּיער האָט גאָר ניט געקענט. וואַגנער האָט גערופען היינע'ן „פּאָליטישער בדחן“, און אונז דאַכט זיך, אַז מיר וואָלטען געמאַכט אַ בעסערע וועלט ווי גאָט. אמת, אין קענען איז קיין גרונד ניטאָ און די געשמאַקען זיינען אויך פערשיעדען, אָבער איהר האָט גאָר ניט געמאַכט די מינדעסטע פּראָבע צו וועלען קענען, איהר האָט נאָך קיין צוויי פ ע ר ש ט ע נ ד ל י כ ע שורות ניט אָנגעשריעבען. אייער גאַנצע „קונסט“ און שאַפונגס־ענערגיע דרעהען זיך פערטשאַדעט ארום אַ פייגענבלאַט... און אַלץ, וואָס איהר מאַכט און טהוט, איז דערפאַר ווערטה אַ פייג. מען פערשטעהט אייך ניט, דאָס איז ערגסטע.

— אבער ניט אַלע קענען פערשטעהן אַלץ, וואָס מען שרייבט.

— האָט דער יונגערמאַן אַרגומענטירט און איז פון מיר ניט אָבגעטרעטען — די גרויסקייט און שעהנקייט פון פּאָעזיע איז דאָס, וואָס מען רופט „סאָגדזשעסטשען“, „אָנשטויסעכץ“, מען דאַרף ניט אַלץ איינפאַך ארויסרעדען, דער לעזער דאַרף זיך געוועהנען „אָנצו־שטויסען“ וואָס מען מיינט, צו טרעפען, צו „כאַפּען“ דאָס ניט־דערזאָגטע. פערשטעהט מען אין מוזיק אַלץ, וואָס דער מוזיקער מיינט? מען האָט דערפון הנאה און גענוג.

— גערעכט, אָבער פון אייך האָט מען קיין הנאה ניט, פער־קעהרט, עס פאַלט צו אַ בעזע חלשות. זיך „אָנשטויסען“, כאַפען דאָס ניט־דערזאָגטע, איז שייך, ביי מענשען, וואָס ז אָ ג ע ן עפּעס

און דערזאָגען ניט. איהר אָבער זאָגט דאָך גאָר ניט. איהר ש ט ו י ס ט זיך מיט די עלענבויגענס, ווי שכור'ע מאַטראָזען, און איהר ווילט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך מיטשטויסען מיט אייך...

איהר מיינט, אַז איהר זייט געקומען אַביסעל צו שפּעט, ווען אַלץ איז שוין פיקס און פאַרטיג. איהר מיינט, אַז דאָס אידישע ליעד איז שוין אָבגעזונגען, דאָס אַרבייטער ליעד — אָבגעזונגען, און אייך איז נור איבערגעבליבען זיך צו ראָיען אין ווייבערשע פּאַרטוכער און אונטער־קליידלעך און מגלה זיין דער וועלט דעם סוד פון אַ קאָרסעט און זאָקען־בענדלעך... משוגעים! דאָס האָבען נאָך אידען געוואוסט אין מדין; בלעם דער בלינדער דעקאַדענט פון „באר" האָט שוין פּעראינטערעסירט אונזער פאָלק אין די „תאוה־דיגע ברוסטען" פון „כזבי בת צור", די צנועה פון מדין'ס טעכטער... קיין גוטס איז דערפון אונזער פאָלק ניט צוגעקומען. פרעגט דעם חומש, וועט ער אייך זאָגען.

— אבער דאָס ליעד פון ליעבע איז נאָך פאָרט אין אונזער מאַמע־לשון ניטאָ, עס פעהלט אונז אין גאַנצען... — האָט זיך דער דעקאַדענטעל ביי מיר געבעטען.

— אבער איהר זינגט דאָך ניט קיין ליעבע; איהר געגעצט תאוה, שלוקערצט אונזין און קאַיכט אויסגעלאַסענהייט. איהר זינגט איבערהויפּט ניט, איהר פּראַטשיוועט זיך... תאוה איז אַ זאַך, וואָס יעדער עם־הארץ קען אָהן אייך; קען אויף אויסען־ווענינ... דאָס ווייסען אַלע, מען דאַרף דערצו ניט האָבען די ערמוטהיגונג פון דעקאַדענטישע פּאָעטען.

— פאַרוואָס אָבער מעגען די גוים זיין דעקאַדענטען? פאַר־וואָס מעגען זיי זינגען אַזעלכע זאַכען? — האָט דער יונגערמאַן גערעדט צו מיר שוין אַ סך ווייכער.

— די גוים מעגען, — האָב איך איהם ערקלערט — ווייל ביי זיי איז דער דעקאַדענטיזמוס, דער עקעל פאַר דאָס פערשטענדליכע,

ריינע און שעהנע א נאטירליכער. זיי האט שוין די וועלט גענוג פערשטאנען, מעגען זיי זיך פערגינען קונסטפאל א „פלוידער“ צו טהאן, זיי האבען די מענשהייט גענוג ענטציקט. זיי האבען זיך שוין מיט דעם דופט פון קלאסישער שעהנהייט שיער פערגיפטעט, ווי איינער, וואס שלאפט אין א גארטען פון רויזען, און זיי בלאנדזשען און זוכען נייע וועגען, נייע פארמען. מענער, וואס האבען זעהר שעהנע פרויען, פערליעבען זיך אפט אין א מיאוסקייט, פאר א „משענוש“, און איבערבייט. אונזער פאלקס־ליטעראטור אבער איז נאך דערוויייל צו יונג, אונז דארף נאך ערשט די וועלט אנהייבען צו פערשטעהן, און מיר פערשטעהען זיך נאך איינע די אנדערע אויך נים. מיר קענען נים איבערהיפען א שטיק פון אונזער לעבען, אריבערשפרינגען משוגע איבער זיך אליין צו דער־יאגען די, וואס אנטלויפען פון זיך אליין. איהר פערשטעהט, יונגערמאן?

— איהר מיינט, הייסט דאס, אז מיר קענען נאך געפינען גענוג וואס צו זינגען.

— יא, דאס ליעד פון לעבען איז נאך נים אויסגעזונגען, און וועט קיינמאל נים ווערען אויסגעזונגען. גרייפט אין די סטרונעס פון גאנצען, פולען לעבען! זינגט — פלוידערט נים. איהר זיים די יונגע, איהר בלייבט איבער. ווי קען מען אבער משוגענע, צולאזענע קינדער איבערלאזען א ירושה? זיי וועלען דאס דאך פערניכטען. צי דען מיינט איהר, אז אונז קאסט די אידישע ליטעראַ־טור קנאפ טהייער? האבען מיר פאר איהר קארג בלוט פערגאסען, זי זאל זיין דאס, וואס זי איז?

— אויב אזוי, זייט איהר דאך טאקע גאר ערנסט!

— וואס דען האט איהר געמיינט?

— וועט איהר נאך פארטזעצען אייער סאטירע „בערל דער פיסקאטער“?

— דאס ווענדט זיך אן אייך.

— טשעפּעט אונז ניט!
— גלייכט אוים דעם קאַפּעלוש און שרייבט! מאַנכע פון איך האָבען טאַלאַנט. איך קען אייך ניט, מעגליך אַז איהר זייט איינער פון זיי.

# גרייזען

(פעליעטאָן)

---

די וועלט זאָגט, אז א מענש איז געגליכען צו א שניידער: א שניידער שטאַרבט און א מענש שטאַרבט אויך. איך זאָג, אז א מענש איז געגליכען צו א זעצער. ערשטענס טאקע צוליעב דעם זעלביגען טעם און צווייטענס צוליעב נאָך א טעם, וואָס האָט אפשטמאָל קיין טעם ניט.

יא, צווייטענס איז א מענש געגליכען צו א זעצער, — איך מיין צו א שריפטזעצער און ניט צו קיין אַנזעצער — ווייל א זעצער מאַכט גרייזען און א מענש פערגרייזט אויך אין לעבען.

איך זאָג דאָס צוליעב דעם, ווייל א זעצער האָט מיר אמאָל אריינגעזעצט א קלין אין א פסח'דיגע שטיקעל ליטעראַרישע ארבייט, וואָס איך וועל אין לעבען ניט פערגעסען.

איך האָב געשריעבען אָט אזוי:

דאָס זיינען ניט די קניידלעך,
וואָס מאַכען פסח־לעב,
דאָס זיינען אונז'רע מיידלעך
אין פריהלינגס גרינעם וועב.

דער זעצער האָט דאָ געטהאָן א קליינינקייט, ער האָט פערביטען די „קניידלעך" אויף „מיידלעך" און די „מיידלעך" אויף „קניידלעך".

דאַכט זיך א קליינער גרייז, אָבער דער פזמון האָט זיך שוין דאַן געלייענט אָט אזוי:

דאס זיינען ניט די מיידלעך,
וואס מאַכען פסח־לעב,
דאס זיינען אונז'רע קניידלעך
אין פריהלינגס גרינעם וועב...

בכן זיינען, לויט דעם זעצער'ס טעות, די „קניידלעך" געווען אויסגעוועבט אין „גרין"...

רבונו של עולם! „גרינע קינדערלעך"!? איך דערשרעק זיך, ווען איך דערזעה געלע קניידלעך, היינט קענט איהר זיך פאָרשטעלען מיין פחד, ווען איך האָב דערזעהן גרינע קניידלעך. דעם זעצער'ס גליק איז געווען, וואָס איך האָב ניט געוואוסט זיין אדרעס...

דער גרייז איז געשעהן אין יענער צייט, ווען אידישע זעצער און אידישע ליטעראַטען האָבען נאָך קיין אדרעסען ניט געהאַט... מען האָט ניט געקענט אָנשרייבען זייער אדרעס אָהן אַ גרייז, ווייל זיי האָבען געוואויהנט יעדען מאָנטאג און דאָנערשטאג אויף אַן אנדער אָרט. היינט איז דער אדרעס געווען ריכטיג, אויף מאָרגען איז ער געווען אַ גרייז און האָט ניט אָנגעהויבען צו טויגען, און דער פאסטיליאָן פלעגט זיך אַרומטראָגען מיט די פסול'ע קאָנווערטען...

סאַי ווי סאַי, איך האָב דעם זעצער ניט געקענט מוחל זיין דעם אומגעלומפּערטען גרייז און האָב זיך מיט איהם אָבגערעכענט אויף זיכער.

איך האָב אָנגעשריעבען אָט וואָס:

איך בין מקנא משה'ן,
און שרייב דאָס פריי אין בלאַט—
וואָס ער האָט דאָרט אין גושן
קיין זעצערס ניט געהאַט.

דער זעצער איז אבער אויך קיין נאַר ניט געווען און האָט מיין שטיקעל כעס צורעכט געמאַכט אָט אזוי:

איך בין מקנא גושן,
און שרייב דאָס פריז אין בלאַט —
וואס ער האָט דארט אין משה'ן
קיין זעצערס ניט געהאַט...

דאָ האָט ער מיר, הייסט עס, ווידער אויפגעשפּיעלט דאָס זעלביגע שטיקעל מיט מעהר פרישקייט.

ער האָט פערביטען „גושן" אויף „משה'ן" און „משה'ן" אויף „גושן".

איך האָב ווידער געוואָלט אוועקשיקען א בריעף מיט קאָמפּלי־מענטען אויף זיין אדרעס. האָט ער ווידער קיין אדרעס ניט גע־האַט, און איך האָב גראָד דעם טאָג אויך געביטען מיין אדרעס..... איז מיר, ברוך השם, שוין דער זעצערשער גרייז אין זינען ניט געלעגען...

מיין שיקזאל האָט מיר געמאַכט מיאוס'ע גרייזען. ער האָט מיר פערביטען „פרייד" אויף „לייד", „מצה" אויף „פראַצע", „וויין" אויף „פּיין" און „פסח" אויף „וויים איך"..

דער כלל, עס איז מיר וואויל געוועזן!

איצט, ווען עס קומט פּסח־צייט דערשרעק איך זיך פאַר די פּסח'דיגע גרייזען. דען אונטער דער צייט זיינען מיר צוגעקומען צו די מיידלעך מעהר גראַמען. איצט גראַמט זיך שוין ביי מיר ניט נור „מיידלעך" מיט „קניידלעך", זאָנדערן „מיידלעך" מיט „קלייד־לעך" און פערשיעדענע „דריידלעך", וואָס מאַכען מיר אָפּט פּיהלען „לײדלעך"...

לאַנגע, לאַנגע יאָהרען זיינען שוין אוועק זייט יענע זעצערשע „מיסטייקס". איך בין געוואָרען א צייטונגס־מאַן און אלס אזעלכער האָב איך זיך איינגעוואוינט צו פערשיעדענע גרייזען, איצט בין איך דערגאַנגען דעם גרויסען סוד, אז מיין גאַנצער לעבען איז א גרייז, אז אלעמענס לעבען איז א גרייז, אז די גאַנצע וועלט איז א מיאוס'ער

גרייז, וואָס איז שווער צו פערריכטען, סיידען מען זאָל איהר אויפ־זעצען גאָר פון דאָס נ״י... און ניט אויף א „לײנאָטײפּ״־מאַשין אויף „האָררי אָפּ״ אין זעקס טעג, זאָנדערן מען זאָל זיך טאַקע נעהמען צו איהר מיט אַן ערנסט פּשוט׳ע האַנד־אַרבייט... עס זאָל אַרוים א לייטישער „דזשאָב״, עס זאָל טויגען פאַר גאָט און פאַר לייט...

און מערקווירדיג! כאָטש איך בין איינגעוואוינט צו גרייזען פון כל המינים, דאָך מאַכט יעדער נייער גרייז אויף מיר א שרעק־ליכען איינדרוק און שטעהט מיר פאַר די אויגען ווי א שרעקענס־גייסט.

שטאַרק אין כעס בין איך ווען א זעצער מישט זיך מיר אריין אין פרעמדע פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען און דרעהט זיי איבער מיט׳ן קאָפּ אַראָב. ער מיינט ניט חלילה קיין בעז, אָבער ער צו־הרג׳עט זאַכען אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען!

אָט זעהט אויף א טשיקאַוואָסט!

איך ליב א ווייבעל אין טאָג אריין און דערצעהל וואָס פאַר א צנועה זי איז:

איך קען א ווייבעל טריינע,
וואָס האָט א פערד א מאַן,
דאָך בלייבט זי אייביג זיינע,
זי וועט ניט ווערען דיינע
און וועט ניט ווערען מיינע
פאַר קיין שום געלד און פּלאַן...

דאַכט זיך א טריינע, אַז הלואי אויף אַלע טריינעס און בריינעס און יענטעס געזאָגט געוואָרען. אַן עהרליכע אידישע טאָכטער, וואָס איז אָנגעקניפּט אָן איהר „בעשערטען״ ווי א גאָלדענע קייטעלע.

דאָך זעהט וואָס דעם זעצער׳ס גרייזען האָבען פון איהר געמאַכט:

איך קען אַ ווייבעל טריינע,
וואס האט אין דר'ערד איהר מאַן,
זי איז דאָך דאַכט זיך זיינע,
דאך קען זי ווערען דיינע,
און קען אויך ווערען מיינע,
נור געלד, דאס איז איהר פּלאַן...

— וואָס האָט איהר צו מיר? — האָט דאָס בעליידיגטע ווייבעל ביי מיר געפרעגט — סטייטש, וואָס האָט איהר מיר פערשוואַרצט די אויגען אין ציימונג?

איך בין געשטאַנען ווי צומישט און געזוכט אַ תירוץ. געה, דערצעהל איהר, אַז דאָס האָט מיר דער זעצער אָנגעפּייפּט! באַלד וועט זי דיר גלויבען!

מיין איינציגער מיטעל איז געווען זיך צו פּערענטפּערען, און איך האָב זיך פּערענטפּערט:

— גאָט איז מיט איך! — האָב איך געזאָגט תם'עוואַטע — וואָס פעלט איך אין? סטייטש, איך וועל איך בעליידיגען? איהר מיינט, אַז מען רעדט פון אַ „פערד אַ מאַן“ איז דאָס דוקא אייער מאַן און עס איז נור דאָ אין „ווייבעל טריינע“, וואָס „האָט איהר מאַן אין דר'ערד“, און קען זיין אי „דיינע אי מיינע“?...

דאָס האָט נאָך מיין בעקאַנטער טריינע'ן מעהר אויפגעבראַכט, און איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי איהר צו זאָגען:

— איך בין אסור שולדיג, אסור חזיר....

— וואָס הייסט איהר זייט ניט שולדיג? —האָט זי געשריען— ווער דען איז שולדיג? עס איז דאָך אויפגעשריעבען אייער נאָמען.

— נאַט אייך אַ גראַשען פאַר אַ נאָמען אין אַמעריקאַ! — האָב איך זיך פּערענטפּערט — אין אַמעריקאַ אַ נאָמען... די שולד איז זיינע...

— וועמעס?

— זיינע, דעם זעצער'ס, ערב פסח, ביזי, האָט ער געמאַכט אַ גרייז...

— אַ שעהנער גרייז!

— נו, מילא, וואָס זאָל איך טהאָן? האָט ער גראָד דאָס מאָל ניט געטראָפען... אָפּמאָל פיקסט דעם זעצער'ס אַ גרייז דעם גאַנצען ענין און די זאַך קומט אַרוים אַי גוט אַי אמת.

אָט האָב איך אַמאָל געהאַט אַ טעות אין אַ געוויסען רעווערענד און האָב איהם געשילדערט פאַר אַ גרויסען צדיק און אַ למדן. אין אמת'ען איז ער געווען אַ גרויסער גאָרנישט, און דעם זעצער'ס גריי־זען האָבען איהם אַרויסגעבראַכט אין זיין ריכטיגען קאָליר.

איך האָב געשריעבען:

מען קען דעם רעווערענד צדוק
אַזש אין דעם הימעל זבול,
פון גאַרטעל ביז דעם ספּאָדעק
איז ער מיט פרומקייט פול.

די גרייזיגע נבואה האָט אָבער דעם זעצער אויסגעזאָגט דעם אמת און ער האָט דאָס אויפגעזעצט אָט אַזוי:

מען קען דעם רעווערענד צדוק,
אַזש אין דעם הימעל דול,
פון גאַרטעל ביז דעם ספּאָדעק
איז ער מיט „דומקייט" פול...

ער האָט געמאַכט פון „זבול" „דול" און פון „פרומקייט" — „דומקייט" און עס איז אַרויסגעקומען ריכטיג...



# געדאַנקען איבער פעלצען

מיין רבינ'ס הייליגער פוטער און סתם פוטערס.

איך ווייס, אז דער מענש איז א חיה, אָבער קיינמאָל ערשיינט ער מיר ניט אזוי חיה'ש ווי ווינטער, ווען ער טהוט זיך אָן פון קאָפּ ביז די פיס אין פעלץ.

פעלצענע רעק, פעלצענע יאַקען, פעלצענע הענדטשקעס, פעל־צענע מופטעס, פעלצענע הימלען און אפילו פעלצענע שטיוועל. וואָס מעהר פוטער, מעהר פעלץ דער מענש טראָגט אויף זיך, איז ער אליץ מעהר יחסן, מעהר תקיף, מעהר „צדיק אין פעלץ". יא, וואָס מעהר „חיה", אליץ מעהר „מענש"...

אין דעם אָרעמען קווארטאַל זעהט מען דאָס ניט אָן אזוי שטארק, דאָ איז דאָס מעהרסטענס באַוועל, וואַטע, „קאַטען" — א זאַך, וואָס וואַקסט אויף דר'ערד, וואָס קאָסט קיין בלוט און קיין לעבענס דאָס צו קריגען. אין די רייכע מקומות אָבער נעהמט דאָס אָן א מורא — חיות, אַן אמת'ער מהיער־גארטען!... הינד, פערד, וועלף, בערען, פוקסען, ים־הינד, ים־חזירים א. ז. וו., מען פערגעסט גאָר, אז מען איז צווישען מענשען...

צום מערקווירדיגסטען זיינען די דאַמען.

ניט לאַנג צוריק איז געווען זומער, און זיי זיינען געווען בעפעדערט און בעפליגעלט: וואַראַבייטשיקעס, שוועלבעלעך, טייבעלעך, קאַנאַריקלעך, נאַכטיגאַלען, סתם „פויגלעך" און שטראָוס־פויגעל.... פלוצלונג איז דאָס ווינטער, און זיי זיינען גאָר קעץ, טכוירען, ביבערס, וועוויאָרקעס און פלעדערמייז... און זיי זיינען וויעדער שעהן. זיי זיינען אינטערעסאַנט אַלס חיות פונקט ווי אַלס עופות... זיי פערשטעהען זייער עסק אזוי צי אזוי — זיי געפעלען...

און וואָלטען די מענשען נור געטראָגען די חיה פון אויבען, וואָלט נאָך געווען א האַלבע צרה, וואָלט מען אַמוועניגסטענס געוואוסט, אז מען דאַרף פאַר זיי ניט מורא האָבען. איז אָבער א גרויסע סברה, אז זיי טראָגען אויך די חיה אינווענינ. דאָס איז שוין אַן אַנדער זאַך. עס איז נאָך פאַראַן א האַלבע סברה, אז ניט טראָגענדיג די בעסטיע אין זיך, איז זעהר שווער צו טראָגען איהר פעל אויף זיך... ניט האָבענדיג דעם וואָלף אין הארצען, איז איהם שווער צו האָבען אויפ'ן פלייצע און נור מיט א פוקסישען איינפאַל קען מען אָבשינדען א פוקס זיך צו מאַכען א פוטער...

ניט אַזוי לייכט לאָזט זיך א בער אראָבציהען זיין קאַפּאָטע איבער די אויערען, און ווען איינער טהוט דאָס פאַר דיר, מוזטו איהם דערפאַר גוט בעצאָהלען. ניט יעדער איז אויפגעלעגט זיך צו פּאַטשקען מיט א טכויר, וועלכער „הערט" זיך פון דערהווייטען... זיין פעלץ איז אָבער טהייער, און אויב דו ווילסט אימיצער זאָל זיך פּאַטשקען פון דיינעטוועגען, מוזטו עפּעגען דאָס געלד־זעקעל, און אום צו האָבען א געלד־זעקעל מוז מען האָבען נעגעל און צייהן — מען מוז זיין א חיה.

---

זעלטענע געדאַנקען ערוועקט אין מיר דער ווינטער מיט זיינע פעלצען און פוטערס. אַלטע, גאַנץ אַלטע זאַכען דערמאָהן איך זיך, זאַכען, וואָס זיינען אי קאָמיש אי אומעטיג.

אַזוי ווי היינט געדענקט איך מיין רבי'ן „ר' אליה דער בלייכער" — אַזוי האָט מען איהם גערופען — און זיין פליכעוואַטען פעלץ, וואָס מיין בלינדע רבי'צין פייגע מושע האָט צורעכט געמאַכט מיט כשר'ע פאָדים. איך געדענק ווי דער גאַנצער חדר האָט געלאַכט, און נאָכדעם איז געווען א שמייסענים. איצט, ווען איך דערמאָהן זיך אָן דעם, לאַכט זיך מיר ניט, איך ווייס שוין איצט, אז א פעלץ און א מלמד זיינען ניט קיין פּאָאר קליידער.

מיין רבי, ר׳ אליה דער בלייכער, האָט געהאַט אַ פּוטער אַ ירושה פון זיין עלטער־זיידען, ר׳ אברהם׳על זישנער, זכרנו צדיק לברכה. פון וואַנען ר׳ אברהם׳עלע האָט געהאַט אַ פוטער, וועלען מיר שפּעטער זעהען, דערווייל איז געגוג צו בעמערקען, אַז עס האָט זיך ניט געפונען ביי אונז אין שטעדטעל קיין איינציגער מענש, וואָס זאָל וויסען די ערשטע סיבה פון דעם דאָזיגען פוטער, די מעשה בראשית זיינע און פון וועלכע פוטערוואַרג מען האָט איהם בעשאַפען. עס זיינען געווען חלוקי דעות, דעם אמת אבער האָט קיינער ניט געוואוסט.

עס איז שוין איבערהויפּט געווען שווער צו דערקענען, אַז דאָס איז אַ פוטער. די האָאר זיינען שוין לאַנג געווען אויסגעקראָכען און דער פוטער האָט אויסגעזעהן פון אינווענינג מעהר ווי אַ בלעכע־נער: האַרט, שמייך, הויל און גלאַנציג, ווי אַ בלעך, נור וואו־ניט־וואו האָט זיך געפונען אַ האָאריגער פלעק פון אַן אונבעשטימטען מאַסטש. דער געלבליכער פוטערנער קאָלנער האָט אויך געהאַט אַ פליך איבער׳ן רעכטען מיטען און האָט אויסגעזעהן קאָמיש־טרויריג, עפּעס ווי אַן אויסגעקראָכענער הונד, אַן ארומטרייבער — אַ צער געווען אויף איהם צו קוקען.

ר׳ אליה אָבער פלעגט זיך מחיה זיין, ווען ער פלעגט דעם פוטער אָנטהאָן.

— דו ווייסט, פייגע מושע — פלעגט ער זאָגען — איך וויים ניט ווי איך וואָלט אויסגעהאַלטען די שווערע פרעסט, ווען ניט דער פוטער... דער פוטער דערהאַלט מיך ממש ביים לעבען...

— אַ דאַנק זיין ליעבען נאָמען, ער טהוט נסים מיט דעם אָרעמאַן! — פלעגט די בלינדע רביצין אָבזיפצען — ווען ניט דער פוטער, פלעגט זי צוגעבען, וואָלטען אפשר די קינדער אויך דער־פראָרען געוואָרען... איצט איז כאָטש דאָ ביינאַכט אַ ווארעמע זאַך מיט וואָס זיי צוצודעקען...

זעהר רחמנות'דיג פלעגט דאָס אויסזעהן ווען דער ווינד פלעגט פערדרייסען ביי ר' אליה'ן די פּאָלעס מיט די ווייסע פּליכעס ארויף. ער פלעגט זיך נעבעך דאַן ראַנגלען מיט'ן גזלן, דעם ווינד; ער פלעגט פערברעכען די פּאָלעס ארויף און ר' אליה פלעגט זיי פּרובען אריינבייגען מיט אַ קנאַק אינוועניג, אָבער זיי זיינען געווען אזוי שטייף, אז ער פלעגט זיך נעבעך פערשוויצען ארבייטענדיג.

ר' אליה'ס פּוטער האָט געהאַט אַ שם אין שטעדטעל. מען האָט געוואוסט פון וועמען ער שטאַמט און מען האָט געהאַט פאַר איהם גרויס דרך ארץ. ר' אליה פלעגט געהן אין איהם מיט אַ מין גאוה. ער האָט פערשטאַנען אז קהל איז איהם מקנא.

וועגען דעם דאָזיגען פּוטער איז ארומגעגאַנגען ביים עולם אַ לעגענדע, און מענשען האָבען דערצעהלט, אז דער פּוטער איז בעשריעבען אין שטאָדטישען אַלטען פנקס. בעשטימט אבער האָט דאָס קיינער ניט געוואוסט.

די מעשה דערפון דערצעהלט זיך אזוי:

די שטאדט האָט אמאָל געהאַט אַ שטאָדטישען באָק, אַ „קדוש", אַ מין קעסט־בחור, וואָס פלעגט ארומגעהן פראַנק און פריי, וואו זיין כשר הארץ האָט געלוסט און קיינער האָט איהם ניט געדאַרפט בעריהרען. אַ אידענע האָט איהם אמאָל אַ קלאַפּ געטהאָן, האָט איהר דער מאַן גע'גט. ויהי היום, האָט זיך געדאַרפט מאַכען, אז דער באָק איז אריין אין פּאָליש פון בית המדרש און האָט אויפ־געגעסען אַ גאַנצען באַרג מיט שמות.... איז געוואָרען אַ מהומה.

קהל האָט פערלאַנגט מען זאָל גוזר תענית זיין. אנדערע האָבען געזאָגט, אז מען זאָל דעם באָק האַלטען אַ גאַנצען מעת־לעת ביחידות, אָבגעזונדערט איינעם אַליין און איהם ניט געבען עסען, ער זאָל פּשוט פאַסטען אַ טאָג... נאָכדעם זאָל מען אויסקעהרען די מיסט זיינע און עס בעהאַלטען נעבען אַלטען בית עולם....

אזוי האָט מען טאַקע געטהאָן. אָבער אזוי ווי דער באָק איז

שוין פֿאַרט געווען אַ הייליגער, האָט מען איהם שפּעטער געשאָכטען, ער איז כשר געוואָרען אָהן אַ סרכה. דאָס פֿלייש האָט מען פֿערנוצט ביי אַ יתומה אויף דער חתונה און פֿון די פֿעל, צוזאַמען מיט נאָך עטליכע פֿעלכלעך פֿון כשר'ע שעפּסען, האָט מען צונויפֿגעשטעלט אַ הייליגען פּוטער פֿאַר ר' אברהם זישנער, זכרונו לברכה, ר' אליה דעם בלייכענ'ס עלטער־זיידע.

דאָס איז איין לעגענדע. נאָך איינע דערצעהלט, ווידער, אַז דער פֿעלץ שטאַמט פֿון אַן ארץ ישראל משולח, וואָס איז פּלוצלונג געשטאָרבען אין שטעדטעל און איבערגעלאָזען דעם פֿעלץ ביי קהל. ער איז דורכאויס, זאָגט מען, געמאַכט פֿון ארץ ישראל־ציעגען, וואָס האָבען זיך געפּיטערט אויף די כשר'ע באָקסאָרען פֿון דעם אַנדער זייט ירדן.

סאַי ווי סאַי, דער פּוטער האָט סוף כל סוף גענומען איינגעהן פֿון טאָג און פֿערליערען דאָס לעצטע ביסעל האָאר און איז טאַקע גאָר פּשוט צוריסען געוואָרען. מען האָט דאַן געקראָגען ביי אַ שניידער אַ ווייסע פֿעלכעל און אַ פּאָאר פּאַסמעס כשר'ע פֿאָדים, די הרר־אינגלעך האָבען דאָס פֿאַר די רבי'צין איינגעפֿעדימט אין אַ שטאָפּ־נאָדעל און זי האָט זיך אַ נעהם געטהאָן מאַכען פֿון דעם פּוטער אַ לייט.

זייענדיג נעבעך בלינד און ניט זעהענדיג וואָס זי טהוט, האָט זי אָנגענעהט די פֿעלכעל ניט אויף די זייט פֿון די פּוטער, נור אויבען, אויף די אויבערשלאָג. ר' אליה איז, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויפֿגעשטאַנען פֿאַרטאָג, האָט אָנגעטהאָן דעם פּוטער און איז אַוועק אין בית המדרש...

נו, איז געווען אַ לעבעדיגע וועלט.

איך געדענק ווי ער איז געגאַנגען אין דער פֿריה פֿון בית המדרש מיט'ן טלית־זעקעל אונטער'ן אָרעם, מיט דער אָנגענעהטער ווייסער פֿעלכעל אויפֿ'ן רעכטען מיטען פֿון דער שוואַרצער, טוכענער

פלייצע פון אויבען. אינגלעך קונדסים און גרויסע יונגאטשעס זיינען איהם נאכגעלאפען מיט געשרייען: „ר' אליה, וואו האט איהר גענומען אזא פוטער?... פוטער, פוטער, פוטער!"....

---

אט אזעלכע מעשיות און געדאנקען שטעהען אויף אין מיר, ווען דער ווינטער קומט אן און איך דערזעה פוטערם ביי לייטען.

# בעקאַנטע

בעזע בעגעגענישען אין די אידישע גאַסען.

---

זייט די שטאָדט ניו יאָרק איז געוואָרען „גרויס־ניו יאָרק“, עס זיינען צוגעקומען צו איהר נייע קווארטאַלען, און זי איז געוואַקסען אין דער לענג און אין דער ברייט, האָבען זיך אַ סך אַלטע בעקאַנטע אַזוי פערלוירען איינע פון די אַנדערע, אַז זיי קענען זיך זעלטען ווען ווידער טרעפען.

ווענען דעם דאָזיגען פּוטער איז אַרומגעגאַנגען ביים עולם אַ בעגעגענט און מיט איהם גערעדט, מיט איין מאָל איז ער נעלם געוואָרען, און איהר וואונדערט זיך וואו ער איז אַהינגעקומען. און מערקווירדיג... איהר וואָהנט מיט איהם אין איין שטאָדט, נור ניט מעהר אין די „איסט סייד“. ער האָט זיך אַריבערגעפּעקעלט אין האַרלעם און איהר האָט זיך אַריינגעקרויזשקעט אין די בראָנקס און אוים — איהר זעהט זיך מעהר ניט.

דער אַלטער ניו יאָרקער אידישער קווארטאַל, די איסט סייד, איז שוין איצט געוואָרען דער וואָהנפּלאַץ נור פון „גרינע“, נייע־אַריבערגעקומענע. די מעהרסטע „אויסגעגרינטע“, וואָס מען טרעפט נאָך איצט אין דעם דאָזיגען געגענד, געפינען זיך דאָ נור ביי טאָג אין זייערע געשעפטען, ביינאַכט אָבער פאָהרען זיי אוועק שלאָפען אין בראָנקס פּאַרק, וואו „קאַלוואַריער דאַמשען“ שניידען זיך אויף „יאַהודים“, אָדער זיי פאָהרען אוועק נעכטיגען אין אַנדערע נייע אידישע מקומות.

איך האָב אַמאָל געקענט אין די איסט סייד אַ באַרבער, איך האָב זיכער געמיינט, אַז ער וועט שוין דאָרט אויסלעבען זיינע יאָהרען.

ניט נור איז געווען אַ טיפֿע בעקאַנטשאַפֿט צווישען מיר און דעם דאָזיגען מייסטער, נור אַפילו צווישען מיר און זיין ראַזיר־מעסער... מיר זיינען פּשוט געווען „בלוט־פֿערוואַנדטע“....

דער באַרבער האָט אַ געוויסע צייט צוגעקנעלט מיט „ריעל־עסטייט“ און איינמאָל, מיר רייבענדיג אַ מאָרדע, האָט ער געזוכט אַריינצורייבען אין מיר אַ טענעמענט־הויז. ער האָט גערעדט און געריבען, און האָט זיך אַזוי צוהיצט, אַז, פֿערגעסענדיג וואָס ער טהוט, האָט ער מיר איינגעזייפֿט די נאָז, די ליפּען און די אויערען. איך בין געלעגען אויפ׳ן „באַרבער־טשער“ און איין ציטערניס, ער זאָל זיי מיר טאַקע ניט אָראָב־„שייווען“. דאַן האָט ער גענומען שאַרפֿען די בריטווע און לויבען די פּראָפּערטי, און איך האָב גלייך פֿערשטאַנען, אַז ער מיינט מיך צו מאַכען פֿאַר אַ „גלאַטען בעל־הבית“... איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט שוין מאַנכע פֿון זיינע קונדען גוט „איינגעזייפֿט“ און זיי געגעבען, וואָס דער ענגלישמען רופֿט, אַ „קלאָוזד שייוו“. ווען איך האָב פּלוצלונג דערפֿיהלט, אַז זיין גאָל־מעסער ווערט מיט מיר אויך „צופֿיעל שמעלקע“, האָב איך זיך דערלאַנגט אַ הייב פֿון שטוהל ווי אַן אָבגעבריהטער, האָב אָבגעווישט דעם פּנים מיט׳ן ארבעל און זיך אָבגעטראָגען ווי אַ ביהן.

שפּעטער האָט איך צופֿעליג געהערט, אַז מען האָט איהם, דעם באַרבער אויך גוט „איינגעזייפֿט“ און „גלאַט אָרומגעגאָלט“, און, גאָט׳ס וואונדער, דאָס האָט גראָד געטהאָן אַ בלעכער.

זייט דאַן האָב איך מיין בעקאַנטען באַרבער מעהר ניט געזעהן, און איך וואָלט איהם אפֿשר פֿערגעסען אויך, נור דאָס האָב איך ניט געקענט, דען יעדעס מאָל, וואָס איך פֿלעג געהן אין באַרבער־שאַפּ, פֿלעג איך זיך דערמאָהנען אָן מיין לעצטען „שייוו“ אין די איסט סייד, און פֿלעג זוכען פֿריהער אויסצוגעפֿינען, אויב דער באַרבער האַנדעלט נאָך מיט ריעל־עסטייט...

איינמאָל האָב איך דורך אַ סיבה פֿערבלאָנדזשעט אין אַ פֿער־וואָרפֿענע געסעל אין די בראָנקס, ערשט איך הער מען רופֿט מיך

ביים נאָמען. איך דרעה אום דעם קאָפּ, וועמען זעה איך? מיין אַלטען בעקאַנטען באַרבער.

ער האָט זיך געוואָלט מיט מיר אַרומכאַפּען, אבער איך בין געלאָפען ווי אַן אונטערגעשאָסענער און זיך געטאַפּט מיט ביידע הענד דעם פּנים און געקוקט, אויב עס גיעהט ניט קיין בלוט....

איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל מיר ניט נעהמען פערקויפען אַ הויז...

אַ צווייטען בעקאַנטען האָב איך אַמאָל גאַנץ אונגעריכט געטראָפען אין האַרלעם. דאָס איז געווען מיין ערשטער באָס, אין וועמעס שניידער־שאָפּ איך האָב געשוויצט גרינערהייט.

איך האָב איהם שוין ניט געזעהען איבער אַ פערטעל יאהר־הונדערט. אָט דער באָס איז אפילו געווען אַ גרויסער גראָבער יונג, אָבער אויגען האָט ער געהאַט ווי אַ וואָלף: ער האָט מיך באַלד דער־קענט און, מיינענדיג, אַז איך טהו נאָך אַלץ יענע מלאכה, דערלאַנגט ער מיך אַ פרעג מיט'ן אַמעריקאַנער טראָפּ: „ביזי“?

ווען ער האָט מיר קוים אויפגעקלערט מיט סמנים ווער ער איז, האָב איך מיך דערמאָהנט, אַז ער איז מיר שולדיג פאַר אַ וואָך אַרבייט, נור ער האָט משמעות פערגעסען, דען ער האָט מיר געגעבען אַנצוהערען דאָס, אויב איך דאַרף אַ „דזשאָב“, קען איך קומען ביי איהם אַרבייטען...

איך האָב זיך פערשעהמט פאַר ־ער אידישער ליטעראַטור, און האָב זיך שטאַרק געוואונדערט צו טרעפען אַזאַ ווילדען עם האַרץ ביי דעם „עם הספר“.

איך האָב אבער באַלד אַ קלער געטהאָן אויב עס וואָלט טאַקע ניט געווען אַ פּלאַן זיך אַריינצוכאַפּען אויף אַ פּאָר וואָכען אין אַ שניידער־שאָפּ, אפשר וואָלט דאָס מיר העלפען איך זאָל ניט פער־געסען „שניידען“... איך ווייס גראַד עטליכע נאַקעטע נפשות וואָס עס וואָלט געווען אַ מצוה זיי צו „בעקליידען“...

ניט ווייניג אינטערעסאַנט איז איינמאָל געווען מיין בעגעגעניס

מיט א רבי׳ל. אין א קהל׳שע, שטאָדטישע זומער־באָד איז דאָס געווען.

איך געדענק ניט גענוי ווי דאָס איז געשעהן, איך געדענק אָבער פּונקט ווי היינט, אַז מען האָט דאָרט ביי מיר צוגע׳גנב׳עט אַ זעהר דעליקאַטנעם מאַנסבילשען „בגד“ במחילה, אָהן וועלכען אַן אמעריקאַנער דזשענטעלמען אין אַ קורצען רעקעל קען ניט בעשטעהן צו געהן אין גאַס...

איהר קענט זיך פאָרשטעלען מיין לאַגע. איך בין געוואָרען פאַר צרות אַזוי צומישט, אַז איך האָב גענומען צווייפלען, אויב איך האָב גאָר דעם דאָזיגען „מלבוש“ מיטגענומען, אפשר האָב איך איהם גאָר פערגעסען אין דער היים... איז דאָך אָבער די קשיא: ווי וואָלט איך געקומען אַהער?... וואָלטען מיך די יונגאַטשעס ניט פערוואָרפען מיט שטיינער? און די מאַראַל? וואָלט זי מיר געשוויגען?

איז אָבער ווידער אַ קשיא: ווען איך וואָלט דעם „בגד“ געהאַט מיט זיך, טאָ וואו וואָלט ער אַהינגעקומען? איך בין דאָך אין אַ קהל׳שען מרחץ, אַ שטאָדטישער אַנשטאַלט... היתכן קהל זאָל גנב׳ענען? די פּאָליטיקער גופא באָדען זיך דאָך ניט מיט׳ן עולם צוזאַמען?... אמת, זיי לאָזען טאַקע די בירגער הויל און נאַקעט, אָהן תחתונים, במחילה, אבער אויף אַן אנדער אופן.

סאַי ווי סאַי, אָט ווי איך זיץ אַזוי אין געהאַקטע וואונדען און קלער, וואַקסט האַסטיג אוים נעבען מיר אַ איד מיט אַ בעשאָרען בערדעל און רוקט מיר אריין אַ „שלום עליכם“.

איך האָב איהם דערקענט. ער האָט אַמאָל געהאַלטען אַ לאָונדרי אין ב״ום סטריט, ער איז מיינער אַ שכן געווען און פלעגט קריעגען מיינע גרעט. ער האָט מיר גלייך אויפגעקלערט, אַז ער איז איצט אַ „רב“, אַ „רעוורענד“ אין ברוקלין און מאַכט אַ „שעהנעם לעבען“, נור ער איז געוואוינט פון אַמאָל זיך צו באָדען זומער אין די ניו יאָרקער שטאָדט־בעדלעך, איז ער געקומען אַהער. רעדענדיג

האָט ער מיך גענומען בעשווערען, איך זאָל קומען הערען זיינע „שפּיצעס" (דרשות)...

איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף זיך און אויפ'ן „רעווערענד" און האָב גענומען שמייכלען... געה אַזש אין ברוקלין הערען אַ דרשה פון אַ לאָונדרי־מאַן, אַז איך קען ניט אַרויסגעהן אין גאַס!

איהר קענט זיך פאָרשטעלען ווי מיר איז געלעגען אין זינען דעם „רעווערענד'ס" געפּלעטע תורה!

איך בין אָבער געפאַלען אויף אַן המצאה. אַ חרפּה אָן אַ זייט. איך האָב פערטרויט דעם רבי'ל מיין לאַגע. מיט אַ פרומע מינע האָב איך איהם געזאָגט, דאָס איך ווייס געווים, אַז דאָס איז אַ גאָט'ס זאַך: מן הסתם איז מיר אַזוי בעשערט, עס איז „אָנגעשריע־בען געוואָרען" איז פערפאַלען... נור אויב ער וועט זיך בעמיהען ברענגען פון מיין היים אַן אַנדער פּאָר, פערזיכער איך איהם אויף מיין עהרענוואָרט, אַז איך וועל קומען אין ברוקלין איהם הערען דרש'ענען...

דאָס האָט פּאַסירט דאָן, ווען איך האָב שוין געהאַט צוויי פּאָאר, אויף אָנטהאָן און איבערטהאָן.

מיין אַלטבעקאַנטער לאָונדרי־מאַן האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן מיין פאָרשלאַג מיט הענד און פים. אין אַ שעה ארום האָב איך זיך שוין אָנגעטהאָן און האָב אָבגעמאַכט מיט מיין פריינד, איך זאָל איהם קומען הערען דריי שבתים נאָכאַנאַנד.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז מעהר ווי צוויי מאָל בין איך ניט געגאַנגען דאָרט, וואו מיין אַמאָליגער לאָונדרי־מאַן ביגעלט זיין קהלה, פּליושקעט זיך אין אַ וואַש־טאָפּ פון וואַסערדיגע מוסר און קראָכמאַליעט אָן שטיקער מדרש, אַז זיי ווערען האַרט ווי אַ ברעט...

איך האָב שוין געהאַט טויזענד חרטות, וואָס איך בין בעסער ניט געבליעבען זיצען אין באָד.

# ערב פּסח

## „גאונים" אַרבייטען פשוט מעשים.

---

דער פּסח־לעב, ער קומט שוין אָן
מיט מצה און מיט חריין,
רבנים פֿאַנגען אָן צו טהאָן,
די אידישקייט איז שעהן....

הכשרים הענגען איבעראַל
פון „גאונים" אַ געוואַלד,
ס'איז „כשר", „פּסח'דיג", הכלל,
עס דודקעט און עס שאַלט.

יאָ, „יין שרף", עפּעל־קוואַס,
און „יין גפן" ד'רעקט
פון ציון, עס איז וואויל, ס'איז נאַס,
ס'איז יום טוב'דיג, עס שמעקט...

אַ קריינק האָט פּרעה פאַרגעשטעלט
זיך דאַן דעם אידען'ס גליק
אין יענע שוואַרצע שקלאַפּענוועלט,
מיט יאָהרען לאַנג צוריק.

דערוויסען גרינט, אין קעש'נע „טאָגט",
דער מידער קאָפּ איז דול,

מען קויפט הגדות און מען טראָגט
מיט פרייד אין האַרצען פול.

ניטאָ קיין „חמץ", ווער בעדאַרף
דאָס איצט? די מצה ברינג!
ציה אָן די נאַציאָנאַלע האַרף,
און זאָג און זופ און זינג!...

עס איז פאַר פסח. איך געה דורך די אידישע גאַסען און טראַכט: ווען אידען וואָלטען אין מצרים ניט געווען און וואָלטען דאַרט קיין „אָווער־טיים" ניט געאַרבייט, און פּרעה וואָלט נאָכדעם קיין מכות ניט אַריינגעכאַפּט און מיר וואָלטען שפּעטער ניט אַרי־בער דעם ים סוף, וואָלטען דאָך איצט אידען אָהן פּרנסה, און דער אידישער קוואַרטאַל וואָלט אויסגעזעהען אַזוי ווי אַ נעכ־טיגער.

איצטער אָבער האָבען מיר בה"ש פון גרינע „אויבערשטע" ביז נייע „אונטערשטע" און דער אידישער מאַרק איז פול מיט חריין, אייער, מצה, ראָסעל, משקאות און פּסח'דיגע נים, — אַ ליעבער נחת אָנצוקוקען...

עס איז פאַר פסח.

די אידישע מוכרי ספרים מאַכען איצט ניט אַזעלכע גאָלדענע געשעפטען ווי פאַר „ימים נוראים" און פאַר סוכות. מען דאַרף ניט קיין שופרות, קיין אתרוגים, קיין נייע תפילין... מען האָט ניט מורא פאַר גאָט און מען פרעגט ניט נאָך מענשען; עס קומט אָן אַ פרייע, אָפענע, לעבעדיגע וועלט. פון דעסטוועגען אָבער פערקויפען זיי הגדות מיט מחזורים און דערלעגען אויך ניט דער באָבע'ס ירושה.

די רעכטע קאָכענים און פרעגלענים אָבער איז דערפאַר ביי די רבנים, רב'לעך, רב'אָנטשיקעס, רב'עלעך, רעוורענדס און רעווי־רענדוירים.

אַט וויפיעל לעבלעך עס זיינען דאָ אין אַ מצה, אַזוי פיעל „רבנים“ זיינען דאָ אין אַ שוהלכעל. יעדער מלמד גיט אַרויס אַן הסכמה אויף „יין גפן“, „יין צמוקים“ און „יין שרף“ און וואָס פאַר אַ מבין אַ מלמד איז אויף בראַנפען זאָל אייך דער גבאי זאָגען!

איך בין זיכער, אַז דער פּראָסטעסטער גוי, אַן אירלענדער, למשל, וואָלט געקענט אַרויסגעבען אַ בעסערען „הכשר“ אויף אַ פעסעל משקה אפילו ווי אַ גמרא מלמד... איהר וואָלט זיך געמעגט פערלאָזען אויף, דען ער איז אַ מבין און פון די בראַנפען מיט זיין הסכמה וואָלט איהר טאַקע הנאה געהאַט אויך, פיעל מעהר ווי פון די „יין שרף“ מיט אַ היתר פון גרעסטען גאון... יאָ „נסך“, ניט „נסך“, יאָ חמץ׳דיג, ניט חמץ׳דיג, דערפאַר אָבער וואָלט דאָס גע־ווען פון די רעכטע סחורה, די גוטע, די שטאַרקע, די „קרעפקע“, אַז פון יעדער „שנעבקע“ וואָלט איהר דערזעהן קריעת ים סוף, מלחמת עמלק און מתן תורה...

אַזוי אָבער ווי דאָס איז איצט, פערקויפט מען אייך ראַזשינקע סאָק אַלס די וויין, מיט וועלכע אונזער עלטער־פעטער לוט האָט זיך נאָך „פערטראַסקעט“, און אַ ביסעל קוואַס פאַר עכטע „טאָ־קאָיער“, מיט אַ הכשר פון אַ „גאון“, און איהר האָט ניט וואָס צו קלערען, עס וועט זיך אייך שוין דרעהען דער קאָפּ פונקט ווי געהע־ריג איז. אי גרונם דער אַפּריטער איז זיך מחיה, אי גאָט האָט הנאה, אי די שכינה לעהנט זיך אונטער דאָס האַרץ, אי אידעלעך האָבען פרנסה.

עס איז פאַר פּסח.

יעדער ביגלער ווערט אַ פּאָדריאַדטשיק, אַ ליוועראַנט פון מצות, פון פסח׳דיגע געטראַנקען, פון פּאַסטערנאַק, פון פסח׳דיגע וואַסער אין פלעשער, בוניעס און פענכערס... עס איז לעבעדיג אין שטעדטעל. אידען האַנדלען, זיי מאַכען געשעפטען...

ווען איך גיב אַ קוק אויף דעם אייביגען פאָלק, אויף זיינע אידישע מסחרים, איידער עס קומט אָן אַזאַ געבענשטער, חיונה־

פּולער, פּרנסה־געשוואָלענער יום טוב, ווי פּסח־לעב, פּערקלעהמט מיר דאָס הארץ אויף די אָרעמע גוים, נעבעך: איך ווייס ניט, כ'לעבען, פון וואַנען זיי לעבען דאָ, פון וואַנען לעבט, נעבעך, אַ גוי? וואָס טהוט אַ גוי אין אַמעריקאַ?....

מילא אַ איד גיט זיך אַן עצה, אידען האָבען בה"ש פּרנסות. איז פּראָסטע מצה, איז מצה־שמורה, אייער־מצה, מצה־מעהל, מצה־לאָקשען, מצה־פאַרפעלעך, „יין צמוקים“, „יין גפן“ „יין שרף“ און סתם „יין“, „אונגארישער שליוואָוויטש“ געמאַכט אין בראָנזוויל, „טאָקאַיער“ געשטאַלירט אין פּיטט סטריט, „ארץ ישראל וויין“, געלייטערט אין טשעררי סטריט. ווילנער הגדות מיט קאָוונער „חכמים“ און מינסקער „רשעים“, מיט אַ „עלעמער „תם“ און אַ יהודים'שען „שאינו יודע לשאול“, יאַרמולקעס, חריין, און אויב דאָס איז נאָך אַלץ ווייניג, קען אַ איד, אופ'ן לעצטען פאַל, אַ בי־מעל צוקנעלען, ער ווארפט זיך אַריין אין אַ צילינדער־הוט מיט אַ ווייסע שניפּסעל, לאָזט אַריבער די הויזען איבער די שטיוועל און ווערט אַ „רעווערענד“, אָדער, באין ברירה, אויס נויט, אַ „גאון“ און גיט אַרויס הכשרים און האָט פּרנסה בכבוד....

זאָל דאָס פּרובען טהאָן אַ גוי! — וועט ער קענען?

ווייזט מיר איין אַלטען גוי, אַ „בריק־לייער“, וואָס ער זאָל ווערען אויף דער עלטער אַ גלח, אָדער אַ פּראָפּעסאָר!

אַ אידישער פּאָטייטאָ פּעדלער אָבער איז שטענדיג אַ קאַנדי־דאַט אויף אַ „גאון“. ביי אידען אַן אַפּרייטער טהוט אַ שמעל אַוועק די אייזערנע „דאָנקי“ (די נעה־מאַשין) און ווערט אַ גייסט־ליכער „מאָנקי“ (אַפּפע) און לעבט און לאַכט פון דער וועלט....

וואָס פאַר אַ טייער פאָלק אידען זיינען!...

אַ קריינק האָט זיך פּרעה געקענט פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ טובה ער האָט געטהאָן אידען מיט זיינע פערשאָלטענע עקשנות. ערשטענס, האָט ער געמאַכט אידען פאַר בעלי מלאכות, פאַר מויערער, אָדער ווי דאָס הייסט אין ענגליש „בילדערס“. ער האָט

גענומען איינפאַכע פּאַסטוכער פון כּנען און האָט זיי געמאַכט פאַר „לייט". זיי זיינען אַריבערגעקומען אין אמעריקא פּאַרטיגע „ביל־דערס". וואָס זיי האָבען זיך אויסגעלערענט אין מצרים, איז זיי צו־ניץ געקומען אין די בראָנקס, וואו זיי האָבען ממש אויסגעבויט אמת'ע פּתום און רעמסס פּיראַמידען, אידישע פּיראַמידען...

פּרעה דער רשע האָט געזשאַלעוועט אידען שטרוי צו די ציגעל, דערפאַר האָבען דאָ אידען, איהם אויף צו להכעיס, אויסגעבויט גאַנצע הייזער, גאַסען פון שטרוי. בראָנזוויל, למשל, איז אין גאַנ־צען אַ שטרויענע, און מיר האָבען אַ וועלט מיט שטרויענע ריעל־עסטייט־לייט... מאַנכע פון זיי זיינען טאַקע דערפאַר אָבגעברענט און אָבגעריסען געוואָרען, מאַנכע אָבער וועלען זיך זיצען ברייט־לעך ביים סדר און זינגען „אַדיר הוא יבנה ביתו בקרוב"...

דאָס איז ערשטענס. צווייטענס האָט ער, דער עגיפּטישער דעספּאָט, פערזאָרגט אידען מיט אַ פּסח. אי אידען מאַכען אַ לע־בען, האָבען פּרנסה איבער אַ לעפּעל, אי זיי האָבען אַ צאַצקע אַ יום טוב, וואָס פערשעהנט זיי דעם פריהלינג און גיט זיי אַ געלע־גענהייט צו לייענען „שיר השירים", די געווירציגע ליעבע ליעדער, וואָס שמעקען מיט ארץ ישראל ווייַנפּערלעך.

הערט אדרבה ווערטער :

פון דיר געקושט, געליעבט צו זיין
איז בעסער פון געשמאַקסטען וויין.
ווי דופּט'גע זאַלבען שמעקט דיין גוף,
און דופּט'גער זאַלב איז דיין בערוף,
דרום האָבען דיך די מיידלעך האָלד,
אָה, ציה מיך, האַרציגער, איך לויף
נאָך דיר ביז אין דעם מלך'ס הויף,
ברינגסט מיך אין צימערען פון גאָלד.

אָבער ניט נור זיינען אידען „בילדערס“, מויערער, „ריעל־עסטייט“־לייט, נור זייער אַלטע פּראָפעסיאָן פון פּאַסטוכער האָבען זיי נאָך אויך ניט פערגעסען. זיי האָבען נאָך גענוג פּאַסטוכער, וואָס ווייסען ווי אַנצוגעהן מיט בהמות.... און אַזוי ווי עס פעהלט אונז בה"ש קיין „בהמות“ אין אַמעריקאַ, האָבען אונזערע אַלטע פּאַסטוכער וואָס צו טהאָן, זיי האַלטען דעם בייטש און האָבען חיונה בכבוד. זיי היטען די סטאַדע, זיי לאָזען ניט אַראָב קיין אויג פון גאָט'ס טשערעדע, פון די „צאן קדשים“ און זיי קענען זיך חלילה ניט בעקלאָגען, די פּאַסטוכער אונזערע, אַז עס פעהלט זיי עפּעס. זיי שעהרען די וואָלל, מעלקען, שחט'ען, און לעבען אַ גוּ־טען טאָג, עס בעצאָהלט זיך פּונקט ווי אין ירושלים... אידען האָ־בען פיינד, מען זאָל אַרום זיי אַרבייטען אומזיסט...

יאָ, פּסח איז אַ שעהנער, אַ ליעבער, אַ זוניגער יום טוב און דערפאַר איז ער אַ טייערער, אידען בעצאָהלען טייער פאַר אַלץ, וואָס זיי גלויבען, אַז דאָס איז פּסח'דיג. ביי די יעניגע, וועלכע ווילען זיין זיכער, אַז אַלץ איז כשר וישר אָט פּונקט ווי דער דין, איז געלד אַ קלייניגקייט, זיי בעצאָהלען. דערפאַר האָבען מיר אַפילו פּסח'דיגע קאַמאַשען, כשר'ע גאַטקעס און אידישע ברוך־גאַרטלען, געמאַכט מיט כשר'ע פאַדים, אָהן אַ ברעקעל שעטנז....

אָט ווי איהר גיט אַ וואָרף מיט אַן אויג איז אַ מצה־קראָם אונ־טער דער השגחה פון אַן אַנדער "גאון", דאָס הייסט, פון אַן אַנ־דער „היימישען“ שלח מנות־טרעגער, וואָס האָט זיך ארויפגע־גאון'עוועט אויף אַ גאון אין קאָלאָמבוסעס מדינה.

אָנקוקענדיג די שילדען אויף די אידישע קרעצמעס און מצה־געשעפטען, וואָס שטעהען אונטער די השגחה פון אונזערע „גאונים“, געהט פשוט אַ וואָרעמקייט דורך די ביינער.

ווייזט מיר איין פאָלק אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיין אַזוי גאונות'דיג ווי דאָס פאָלק ישראל! אויף אַזאַ זאַך האָט זיך אפילו משה רבינו אַליין אויך ניט גערעכנט. ער האָט נור געוואוסט, אַז

גאָט האָט צוגעזאָגט די אידען, דאָס זיי וועלען איהם זיין אַ קעניגרייך פון כהנים, פּריסטער און אַ פאָלק פון הייליגע. אַ פּריסטער איז ניט שטענדיג אַ גאון און אַ גאון איז זעלטען אַ פּריסטער... אַ הייליגער קען אויך זיין אַ רעכטען תחום שבת פון אַ גאון. איך קען אַ כהן אין אַמעריקא, איז דאָס אזא עם הארץ, אַז איהר קענט איהם ממית'ן, ווייס ער ניט ווי מען מאַכט המוציא איבער אַ רעטאָך. און איך האָב זיך אמאָל צופעליג אָנגעשטויסען אָן אַ „הייליגען", איז ער אויך קיין גאון ניט געוועזן...

אַמעריקא שווינדעלט און גריבעלט אָבער מיט לויטער גאונים, גאָט זאָל שומר ומציל זיין!.... מען קען ניט לייקענען, דאָס איז אַ מדרגה, מיר האָבען זיך ארויפגעארבייט, אַ כח אויף די אומות העולם!...

און ביי אונז אַ גאון איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי ביי זיי, ביניהם. זיי האָבען פאַר יעדער זאַך אַן אַנדער גאון, אַן עקספּערט, וואָס האָט געשטודירט אין גוי'שע בתי מדרשים, אין אוניווערזיטעטען.

אָט נעהמט אַ גוי'שע מדינה, איז זי פול מיט פּראָפעסאָרען ווי אַ מילגרוים מיט יאָדרעס: אַ בילדונגס־מיניסטער, אַ האַנדעלס־מיניסטער, אַן אגריקולטור־מיניסטער, אַ יוסטיץ־מניסטער און ז. וו. אויף יעדער זאַך בעזונדער אַ קענער אַ ספּעציאַליסט, ביי אונז אָבער קען איין איינציגער מלמד אָט די אַלע זאַכען, ווייל אין איהם שטעקען אַלע „גאונים" מיט אַמאָל און ער גיט אייך ארויס הכשרים פשוט אויף פויגעל־מילך....

אָט, דאַכט זיך, שטעהט איהר און זעהט ווי ערגעץ אין אַ קעלער־שטוב ראַנגעלט זיך אַ בלייך, יאָדרעדיג אידעל אַ פּערשוויצטער מיט אַ חדר אינגעל, וועלכען ער וויל דוקא אָבשמייסען, און לסוף לאָזט זיך גאָר אויס, אַז דער אינגעל, זייט מיר מוחל, כאַפּט זיך ארויף אויפ'ן מלמד, שפּיליעט איהם אָב און „טשאַבטשעט" אריין אויף וואָס די וועלט שטעהט...

שפעטער אָבער טרעפט איהר אַט דעם זעלביגען, אָבגעשמיסע־נעם „רבי׳ן“ אין אַ צילינדער־הוט מיט אַ ווייסע שניפּסעל זיצען און גלעטען דאָס ציגענע בערדעל, און פּסק׳ענען שאלות, אַ קולטור־מיניסטער, אָדער ער איז גאָר אַ „ראש בית דין“ און זוכט איינצובייסען אַ שווערע דין תורה, אַ יוסטיץ־מיניסטער, אָדער ער גיט ארוים הכשרים אויף פּסח׳דיגע משקאות, ער פּערזיכערט אייך אויף זיין עהרען־וואָרט, אַז די געטראַנקען זיינען געשמאַלירט ווי עס געהער צו זיין, אַ פּראָפעסאָר אויף כעמיקע, אָדער ער שרייבט, אַז ער איז געשטאַנען אין פעלד צייט די ווייץ האָט אָנגעהויבען שפּראָצען ביז מען האָט דאָס אָבגעשניטען און געבראַכט אין שייער אריין, אַן אַגריקולטור־מיניסטער, און גאָר צום סוף גיט ער אייך אַ הכשר אויף די מצה, אַז ער איז געשטאַנען ביים מאַהלען און בייטלען די מעהל, און דאָס איז אַזוי געראָטען, אַזוי פּסח׳דיג, אַז דאָס איז גאָר פיש, פיש אין דער וועלט, אַז אַפילו אברהם אבינו מעג דאָס עסען... אַ מילנער, אַן אמת׳ער מילנער, און טהוט איהם עפּעס! און די קונדען, מיט וועמעס אינגלעך ער קנעלט, פּערקויפט ער אַליין מצה און פערשרייבט אויפ׳ן ביכעל, אַ האַנדעלס־מיניסטער....

אַט אַזוי טהוט זיך דאָס ביי אונז אידען פאַר פּסח. אַ מכה האָט פּרעה אויסגעפיהרט מיט אונז....



# נאָך פסח

## חמץ'דיגע קשיות פאַר אַ גאַנץ יאהר.

---

אוים פסח!

מיט דער אַלטער בעפרייאונג האָט מען זיך שוין אָבגעפּרעהט און קיין נייע איז נאָך דערוויילע ניט צו זעהן.

די צייהנער זיינען אָנגעברוגז'ט אויף די מצה און דער מאָגען פּיהלט זיך ווי אַ בעזיעגטע פעסטונג.

מען האָט איהם אַזוי לאַנג באָמבאַרדירט מיט פסח'דיגע קניידלעך און הארטע אייער, ביז מען האָט איהם איינגענומען....

אָרעמער, אידישער מאָגען! אַלץ געהט נעבעך אוים צו איהם.

אידען האָבען אַמאָל „געאַרבייט מעשים“ אין מצרים, דאַרף ער זיך איצט ראַנגלען מיט „לחמא עניא“, יאַ, דאַרף ער זיך איצט שטאָפּען מיט חריין „סענדוויטשעס“ און מיט סתם חריין, געשניטענע און געריבענע, מיט „כורך“, מיט „מרור“, מיט „אויבערשטע“ און „אונטערשטע“, מיט „אַפיקומן'ס“, מיט פעטרישקע און ציבעלע און חרוסת, און מוז גוטמוטהיג אַרונטערשלינגען „מכות“ מיט „חד גדיא'ס“....

אונגליקליכער אידישער מאָגען!

ער מוז נעבעך פערוואַנדעלט ווערען אין אַ קהל'שען „סינק“, וואו דער אידישער קוואַרטאַל גיסט אַריין זיין „פסח'דיגען באָרשט“, זיינע „גרעפּ־וויין“, זיינע „ציראָפּ־מעד“ און „נאַרישע וואָך־פּיעסען“!....

מילא, סיי ווי סיי, דער פסח איז אַוועק דאָרט, וואו „דער

ליעבער שבת קודש געהט אהין", און איך האלט אין איין ארומזור־ כען א המיץ׳דיגע הגדה.

אט ווי איהר הערט, רבותי, פשוט, א חמץ׳דיגע הגדה.

איך האב די פסח׳דיגע הגדה מיט „עברי טייטש" און פער־ שיעדענע טייטשען אידישע און יאהודישע און אפשר א שאק אנ־ דערע פירושים. זיי האבען מיר געלערענט ווי דעם חמץ פון שטוב ארויסצו׳פטר׳ן, און ווי דאס צו פערקויפען פאר אשפאט פרייז צו ליאד א גוי....

איך האב געפאלגט. א ברירה האב איך געהאט?! דערפאר בין איך דאך א איד.... א איד, פונקט ווי א אידענע, מוז טהאן „וואס דער טאטע הייסט און וואס די מאמע הייסט און וואס אלע גוטע און פרומע לייט הייסען צו גוטען טהאן"; אפילו וואס די הגדה הייסט....

האב איך זיך געלאזט אנריידען און האב אויסגעראמט דאס ביסעל חמץ ביז א ברעקעל. איהר קענט ניט געפינען ביי מיר קיין פיצעל ברויט אויף א רפואה.... איך האב געפאלגט דער הגדה׳ס עצות און האב „מבטל" געווען נאך גאר א פרישען פאמפערניקעל... איך האב ווירקליך געמיינט, אז איך וועל לעבען מיט „נסים"...

ערשט זוך איך אין אלע „טייטשען" און אין אלע פירושים אן עצה ווי א שטיקעל חמץ אין הויז אריינצוקריעגען און געפין וועגען דעם קיין ווארט ניט... די הגדה מאכט א שווייג וועגען דעם. יא, די הגדה מאכט זיך „כלא ידע" און דער גאנצער שאק פרומע פירושים און עצות דערצעהלען נור ווי דאס שטיקעל חמץ פון שטוב ארויסצו׳פטר׳ן.... ווי זיך צו בעגעהן אהן דעם און זיין צופריעדען צו פראווען א „סדר" מיט א דארען פרעציל אהן זאלץ, מיט א שטיקעל „ארעם ברויט."

אט אזוי האט מיר די אלטע הגדה אנגעפייפט. זי האט מיך אזוי אויפגעהיצט מיט אמאליגע גליקען, איך בין פאר גרויס שמחה אריין אין אזעלכע התפעלות, דאס איך האב זיך פאר גרויס פרייד

גאָר ניט אַרומגעזעהן, אַז איך האָב דערווייליע ניט קיין ביסען ברויט אין שטוב....

איך האָב זיך עפּעס גאָר ניט אַרומגעזעהן ווי גיך עס האָט זיך אויסגעיום־טוב׳ט. דער קדוש, מיט׳ן הלל, מיט די נסים, מיט די יוצרות, מיט׳ן „שיר השירים“ זיינען אַוועק ווי אַ רויך, ווי אַ שעה־נער בלענד און אַן ערנסטער, שטרענגער אַנדערוואַכען גלאָצט מיר מיט אַן אייזיגע קאַלטקייט אין די אויגען אַריין:

„וואו איז דיין ברויט? — נעקט ער מיך — דו, פרייער פּריץ מיינער!.... האָסט זיך געפּרעהט, האַ? פּרעה האָט זיך דערטרונקען און דו לעבסט... שוטה! וואָס שטעהסטו אַ צומישטער ווי אַ לע־קיש? דיר באַמבעלט זיך נאָך אין מח דער טשאַד פון דיין געווע־זענער מלוכה?.... ביזט געווען אויף אַ פּאָר שעה אַ „מלך“.... אויף שונאים געזאָגט אַזאַ מלוכה!.... דיר שפּוקען נאָך אַרום אין זכרון דיינע אַמאָליגע זמרות... דיר זינגט זיך נאָך אין דעם צודולטען, דערשלאָגענעם, פערזאָרגטען קאָפּ, דו מיינסט, אַז דו זיצט נאָך אויף דער הסיבה־בעט מיט דער „מלכה“ ביי דער זייט און טריי־לערסט אַ ליעבעס־ליעד — אָרעמער „מלך“! נאַאיוועד, נאַרעשער שלעפּער!

נייע פּרעה׳ס זיינען אויפגעשטאַנען און דו בלאָנדזשעסט נאָך אין דער מדבר... אין דער טיעפער, ווילדער מדבר פון אַ דאָפּעלטען גלות. דאָ פאַלט ניט מעהר קיין מן פון הימעל. שווער און בי־טער, מיט יסורים און אויפאָפּפערונג מוזטו דיין ברויט פערדיע־נען. פערוואָגעלטער, געוועזענער „מלך“! דיינע פּרינצען מוזטו אין פייער פאַסטקעס שיקען, זיי זאָלען דיר העלפען מפרנס זיין. אונגליקליכער! זעה, דיין פריהלינגס יום טוב איז פאַרביי, דיין „ספירה“ איז געקומען.... האָסט זיך ניט מיט וואָס צו פרייען, טאָרסט זיך ניט פרייען, אַז אומעט רינגעלט דיך אַרום און טויזענד ערנסטע קעמפּפע קומען דיר אַנטקעגען“....

אָט אַזוי טענה׳ט איין מיט מיר דער קאַלטער, שטרענגער אָנ־

דערוואַכען און איך וועל בעז פּאַרוואָס מיר האָבען ניט אַ חמץ׳דיגע הגדה מיט חמץ׳דיגע, פּראָסטע אָנדערוואַכעדיגע קשיות און אַ געזונדען נייעם תירוץ...

און מיר דאַכט, אַז איך בין אַ קינד און זיץ אַ הונגעריגער לעבען מיין אָרעמען, בעזאָרגטען טאַטען און פרעג איהם גאָר נייעמאָדנע קשיות:

ערשטע קשיא:

טאַטע, פּאַרוואָס האָבען מיר ניט קיין שטיקעל ברויט אין שטוב? דער פּסח איז דאָך שוין פּערביי און מיר האָבען ניט קיין חמץ און ניט קיין מצה?...

צווייטע קשיא:

טאַטע, פּאַרוואָס האָסטו קיין געלד ניט?

דריטע קשיא:

טאַטע, דו האָסט מיר דעם גאַנצען ווינטער צוגעזאָגט צו קויפען אַ נייעם אַנצוג אויף פּסח. דער פּסח איז שוין אַוועק און איך טראָג נאָך אַלץ מיין אַלטען, צוריסענעם רעקעל מיט די צוריסענע הויזקעס? דו האָסט דער מאַמען אויך קיין זאַך ניט געמאַכט אויף יום טוב?....

פּיערטע קשיא:

טאַטע, דו אַרבייטסט דאָך, פּאַרוואָס ביזטו ניט רייך און פּאַרוואָס רופען אונז די גוים „שיני", און פּאַרוואָס קאָסט אידישע פלייש טייערער, און פּאַרוואָס קומט ניט משיח און פּאַרוואָס געהסטו אַזוי פריה צו דער אַרבייט און קומסט אַזוי שפּעט, און פּאַרוואָס וואוינען מיר אין אַזעלכע קליינע רומקעס און פּאַרוואָס איז ביי אונז אין גאַס אַזוי שמוציג? און פּאַרוואָס ווילען אונז דער בוטשער מיט׳ן גראָסערי־מאַן מעהר ניט באָרגען? פּאַרוואָס פּאָהרען מיר ניט זומער אין די קאָונטרי? פּאַרוואָס רעדען ניט די גוים קיין אידיש?.... פּאַרוואָס.... און.... פּאַרוואָס?...

ערשט איצט כאַפּ איך פערשטעהן פּאַרוואָס מיר האָבען ניט

קיין אַנדערוואַכעדיגע הגדה: די קשיות וואָלטען פערנומען אַלע בלעטלאַך און ניט געלאָזט קיין אָרט פאַר נסים... און הגדות אָהן נסים זיינען קיין הגדות ניט....

אידען טאָרען איבערהויפּט קיין קשיות ניט פרעגען. ביי אי־דען איז פּרעגען אַ פּריווילעגיע, אַ חסד, דען אין גרונט גענומען דאַרפען אידען נור קוקען און שווייגען....

קוים האָט מען זיי צוויי מאָל אין יאָהר ערלויבט צו פרעגען קשיות, האָט מען זיי פריהער אָנגעשריעבען וואָס צו פרעגען און אָנגעגרייט דעם תירוץ בעצייטענס....

סטייטש?

בייטש!...

היינט זיינען די קשיות אַזעלכע קינדערשע און סך הכל פיער אין צאָהל....

דער בעל הגדה האָט מורא געהאַט, אַז בשעת עס וועט זיין לוס־טיג אויפ'ן האַרצען, אידען וועלען זיך פאַנאַנדערפרעגען, זאָלען זיי ניט דערלאַנגען אַ שטעל אַוועק אַ קשיא, פון וועלכער עס זאָל ווע־רען ענג אין שטערען, און אידען האָבען בה"ש גענוג וואָס צו פרע־גען אי ביי גאָט, אי ביי דער וועלט....

סיי ווי סיי, עס איז פּסח און איך פרעג אויך „פּליינע" קשיות.



# די פינפטע קשיה

## א קינדערשע פראגע פאר גרויסע מענשען.

---

איך זיץ און קלעהר וועגען די איינגע'עקשן'טע פיער קשיות, וואס געדענקען נאך מיין עלטער־זיידען און שטעהען נאך אין דער הגדה מיט דער זעלביגער הארטנעקיגקייט און טרעטען ניט אב און קימערען זיך ניט פאר דעם „עבדים היינו", און דרייען צו יעדער צייט א מח מיט די חכמות פונקט ווי זיי וואלטען געווען א געוואלד אין דער וועלט.

זיץ איך און קלעהר ווי אזא אלטע הגדה ווערט דאס דורך אזוי פיעל יאהרען א האר ניט קליגער און האט ניט קיין חרפה און קיין בושה צו פרעגען אלץ די זעלביגע און די אייגענע קשיות.

זיץ איך און קלעהר, און עס קומט מיר ארויף אויפ'ן געדאנק א קשיא, וואס מיינע א מיידעלע האט מיט אמאל א געוויסען ערב פסח א פרעג געטהאן, אז איך האב איהר ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

— פאפא — האט זי זיך פלוצלונג דערלאנגט צו מיר א קעהר אין מיטען פון ערב פסח'דיגען טומעל — פאפא, מעגען מיר עסען מצה מיט'ן זעלביגען מויל?....

— וואס מיינסטו? — האב איך איהר א פרעג געטהאן א צו־מישטער — טאכטערקע, וואס מיינסטו „מיט'ן זעלביגען מויל"?

— איך וויים — האט זי געענטפערט, ווערענדיג א ביסעל פערשעהמט — איך וויים, טא ווי מעגען מיר מיט דעם זעלביגען חמץ'דיגען מויל זיצען ביים סדר און עסען פסח'דיגע קניידלאך?

— נאר, שוטה, — האב איך ערקלערט — א מויל איז שטענדיג כשר. א מויל איז אי פליישיג, אי מילכיג, אי חמץ'דיג, אי פסח־

דיג... אַ מויל איז... איז אַ מויל... מען וואַשט דאָס אויס און געגוג... אַן אונגעוואַשענעס מויל איז טריף...

— טאָ פאַרוואָס וואַשט מען ניט אויס אַ חמץ'דיגען טעלער און געגוג?

— ווייל אַ חמץ'דיגער טעלער איז... איז...

— איז וואָס?

— איז אַ.... אַ... חמץ'דיגער טעלער...

— און אַ חמץ'דיג מויל איז אַ חמץ'דיג מויל — האָט די קליי־נע צוגעזעצט.

— ניין, — האָב איך איהר געגעבען צו פערשטעהן, — ניין, אַ טעלער איז ניט קיין מויל און אַ מויל איז ניט קיין טעלער... פערשטעהסטו?

פאַרוואָס?

— אָט פאַר דאָס, ווייל אַ טעלער קען מען איבערבייטען, אַ טעלער קען מען קויפען, מען שטעלט אַוועק דעם אַלטען טעלער און מען נעהמט אַ נייעם, אַ מויל אָבער קען מען ניט קויפען אָדער בייטען... אַ פערקויפטעס מויל איז איבערהויפט טריף ווי חזיר... ערגער ווי חמץ אום פסח... ווייל חמץ קען מען כאָטש פערברענען, אָבער אַ מויל... יאָ, אַ מויל....

דאָס מיידעל האָט מיך אַ רגע אָנגעקוקט פערוואונדערט, דאָס קינד האָט פּשוט ניט געוואוסט וואָס איך רייד. וואָס איז דער וואונדער? איך וואָלט דאָס צו אַכט יאָהר אויך ניט געוואוסט, באַלד אָבער האָט זיך דאָס קינד אַ כאַפּ געטהאָן.

— אַז אַ מויל קען מען ניט קויפען, — האָט דאָס קינד מיר דערלאַנגט אַ ציה פאַר'ן אַרבעל — טאָ ווי קען גאָר זיין אַ פערקויפ־טער מויל?

אָט דאָ איז מיר געוואָרען ענג אין שטערען. איך האָב דער־זעהן, אַז איך בין שלעכט פערפאָהרען. די קליינע וועט מיך ניט פערשטעהן און האַלטען אין איין מאַטערען.

דאָס ניט פֿערשטעהן איז שוין פּסח קיין נייעס ניט. ווען די הגדה וואָלט פֿערשטאַנען דעם תירוץ, וואָלט זי דאָך ניט געמוטשעט יעדען יאהר מיט די זעלביגע קשיות...

ווען די אידען וואָלטען פֿערשטאַנען דעם תירוץ, וואָלטען זיי זיך ניט געפּאָרעט מיט אַ הגדה, וואָס דערצעהלט זיי פֿון אַ פֿער־צייטיגע גאולה מיט פֿערצייטיגע נסים, וואָס קלינגט ווי די מעשה פֿון סאַבערדע מיט'ן לאָמפּ... ווען די אידען וואָלטען פֿערשטאַנען זייער פּסח, וואָלטען זיי שוין לאַנג געהאַט אַ נייע הגדה, מיט אַ נייעם נוסח, וואָס דערצעהלט פֿון אַ נייערע, מאָדערנערע גאולה.... ווען די אידען וואָלטען פֿערשטאַנען דעם אַלטען תירוץ אויף זייערע אַלטע, אויסגעדראָשענע קשיות, וואָלטען זיי ניט געבליעבען ביז אויף היינטיגען טאָג גלות־מענשען, קנעכט, איינגעבעטענע ביי פֿרעמדע פֿעלקער...

ווען די וועלט אין אַלגעמיין וואָלט בעגריפֿען דעם מיין פֿון אונ־זער פּסח, וואָלט זי פֿערשפּאָרט צו קרעכצען אונטער דעם יאָך פֿון איהרע איצטיגע פּרעה'ס....

היינט געה, ערקלעהר אַ קינד אַזאַ זאַך ווי אַ פֿערקויפֿטער מויל!

ביי מיר איז די זאַך זעהר איינפֿאַך. איך ווייס, אַז קיין הענד קען מען אויך ניט קויפֿען. אַז, ווען איינער פֿערליערט חלילה אַ האַנד אין אַ פֿאַבריק, איז פֿערפֿאַלען, קען מען קיין נייע האַנד ניט שאַפֿען. און דאָך ווייס איך, אַז די מעהרסטע הענד אין אונזער וועלט, אין אונזער איצטיגער געזעלשאַפֿט, זיינען פֿערקויפֿטע.... איך ווייס, אַז מען קויפֿט און פֿערקויפֿט זיי אויפ'ן מארק פּונקט ווי אַ גראַבליע, אַ קאָטשערע, אַ לאָפּעטע, אָדער אַן אנדער געגענ־שטאַנד, וואָס מען קריעגט פֿאַר געלד.

דאָס איינענע איז מיט די פֿיס, קעפּ, אויגען, אויערען, מאַרך און הערצער, און דאָס איינענע איז מיט מיילער.... אַ קליין מיידעל וועט דאָס זיין שווער צו פֿערשטעהן. געה ערקלער איהר, אַז אַ

פערקויפטער מויל איז, מעהרסטענס, א פּאָליטישער בעל דרש'ער, אן אמעריקאנער „רעוורענד", א פּראָפעסאָר פון סאָציאַלע עקאָנאָמיע אין א קאפּיטאליסטישען אוניווערזיטעט; אן אדוואָקאט, א „מטיף לאומי" א. ז. וו. ווי זאָל א קינד בענעהמען אזעלכע זאַכען, וואָס גרויסע גוים קענען ניט פערשטעהן; וואָס א גאַנצע מדינה קען ניט בעגרייפען כאָטש האַק איהר מיט פלעקער אין מוח!

און מיין מיידעל'ס קשיא, — אָט ווי נאַריש זי איז, דאַכט זיך, געווען — איז דאָך געווען א קשיא. די מענשען האָבען כ'לעבען געדאַרפט האָבען צוויי מיילער. איינעם א פּראָסטען, א וואָכעדיגען, א טרפה'ן, אן אונגעוואַשענעם, א חמץ'דיגען, צו זייער טעגליכע פּאַסקודסטווא, צום מאַרק, צו זאָגען ליגען, שילטען, מסר'ן, בעריידען, אָבלאַכען, פלוידערען און קיבעצען, און איין מויל א ריינעם, א געוואַשענעם, אן אָבגעהיטען, א כשר'ן, א יום-טוב'דיגען, א פּסח'דיגען צו האַוונען, צו זאָגען שיר השירים... צו זינגען „לכה דודי" און „ברח דודי"... איין מויל זאָל זיין אי פליישיג, אי מילכיג און „טשאַמקען" אי באַטשווינע, אי קוגעל, אי פּאָמפּערניק, אי מצה שמורה איז עפּעס ניט אזוי חן'עוודיג....

אָט שטעהט ערב פּסח א סקעב און פער'מסר'ט פאַר'ן באָס די יוניאָן. ער גיסט פעך און שוועבעל אויף די יוניאָן-לייט, ער לעסטערט דעם יוניאָן-ביכעל און בילט אויפ'ן יוניאָן-לייבעל. זיין מויל איז פול מיט קויט און גאַל אויף דעם ארבייטער'ס אחדות. ער לעקט און חנפ'עט די שקלאַווערייַ און דרייט זיך ארום זיין דרייקער ווי א געטרייער הונד. ער איז דער אמת'ער „רשע", אויף וועלכען די הגדה זאָגט דאָס, „ווען דיזער לומפּ וואָלט געווען אין מצרים, וואָלט ער קיינמאָל ניט אויסגעלייזט געוואָרען". ער וואָלט אין דער שוואַרצער טומאה פערזונקען געוואָרען.

אויף דער נאַכט זיצט אָט דער דאָזיגער רשע-סקעב אויף דער היסב-בעט און זאָגט מיט דעם זעלביגען שמוציגען „חמץ'דיגען" מויל דעם הייליגען „הלל", דעם „בצאת ישראל".

איז ער ניט מחלל מיט זיין טרפה'ן פּיסק די כשר'ע ווערטער? בעליידיגט ער ניט דעם פּסח'דיגען קדוש, דעם „יום חרותינו", דעם „זכר ליציאת מצרים"?

וואָלט מען ניט געדאַרפט פאָלגען די הגדה און אויסהאַקען אַזעלכען די צייהנער און כשר'ן די ברודיגע צונג אויף יום טוב? מעג אַזעלבער אָנריהרען מיט זיינע טרפה, טמא ליפּען דעם פּסח'דיגען כוס מיט כשר'ן וויין? ווערט ניט דער וויין „יין נסך", ווען אַזאַ מויל ריהרט זיך צו צו דעם? ווערען ניט דער „חד גדיא" מיט'ן „אחד מי יודע", מיט'ן „אדיר הוא" פערוואַנדעלט אין אַזאַ מויל אין שמוציגע וואָדעוויל ליעדלעך פון אַ מואווינג־פּיקטשור־שאָו?

דען באַלד דעם ערשטען טאָג חל המועד איז דער דאָזיגער חברה־מאַן ווידער אַן ארבייטער פערדעטהער און האָט אַ פולען מויל מיט „חמץ", מיט „זויער־טייג", מיט טרפות און אונווירדיגעס אויף זיינע ארבייטער ברידער, וואָס ווילען פערגרינגערען זייער ביטערען מצרים־יאָך דורך פעראייניגונג.

אָט רעדט אַ יונגער בעל־הבית'ל צו זיין ווייבעל די זיסטע, די האַרציגסטע, די ליעבסטע רייד. אַ כח אויף שלמה'ן ער זאָל אַזוי האָבען גערעדט צו זיין שולמית'ן! און דאָס ווייבעל גלויבט איהם. אַ קליינינקייט, אַזאַ גאָלדענער, פּערלדיגער מויל! אויף מאָרגען זיצט דער דאָזיגער יונגער־מאַנטשיק מיט זיינע אַ לינקע „בעשערטע" און זינגט איהר אַ גאַנץ אַנדער פּזמון. ער דערצעהלט איהר מיט דעם זעלביגען מויל און שווערט איהר אויף זיין עהרענוואָרט, אַז ער האַסט זיין ווייב ווי דעם טויט, אַז ער קען אויף איהר ניט קוקען און אַז היינט־מאָרגען וועט ער פון איהר אַנטלויפען און לעבען גליקליך מיט זיין נייע „בעשערטע".

און אַזוי איז דאָס אויך מיט די פּסח'דיגע מיילער; זיי קאַיען, דאַכט זיך, די הגדה און מיינען די קניידלאַך...

ווי אַזוי מען קען מיט'ן זעלביגען מויל ארבייטען אויף אַלע

כלים, איז א פינפטע קשיא, וואס האט טויזענד תירוצים און קיין איינעם ניט קיין רעכטען, און דער איינציגער, ריכטיגער תירוץ אויף אלע קשיות שיינט דאך צו בלייבען דער אלטער „עבדים היינו"....

# אַ מענה צווישען אַ פּאָמפּערניקעל און אַ מצה

עס איז שוין נאָך פּסח.

אין הויז איז געווען שטיל ווי אין אַן אויער. מען האָט לאַנגזאַם און עפּעס ווי פערשלאָפען גענומען אַריינטראָגען אין קיך דעם חמץ, און אַ פריש־געבאַקענער, וואַרעמער פּאָמפּערניקעל, וואָס האָט געשמעקט אַ מחיה, האָט געעפענט אַ מויל און האָט זיך אָבגערופען צו אַן אַלטע, צוטריקענטע מצה:

— היי, דו, זיי מוחל, בלייבע בעל־הבית'טע, טרוביר אַ ביסעל דיין נודנעם כבוד און וואַרף זיך אַרויס פון דאַנען! געה, טראָג זיך, און לאָז מיך אַרויף אויפ'ן טיש! איך בין זיכער, אַז מען האָט זיך שוין אויף מיר קוים דערוואַרט.

דו מעגסט טאַקע מיינען, אַז דו ביזט אַ קיין קאַטאָוועסדיגע יחסן'טע, אַ קליינ־קייט! דו האָסט אַ הכשר פון אַ מלמד.... ביי מיר אָבער ביזטו זעהר פלאַך אין יחוס, און סך הכל האָסטו אַ פּנים פון אַ גרויסע, אַלטע לאַטע אויפ'ן יודענטהום'ס צוריסענע זשופּיצע, אין וועלכע ישראל'יק האָט זיך שוין אויסגעשלעפּט אין אַלע בלאָטעס....

ווער אייגענטליך ביזטו דען אַזוינס סיי ווי סיי, דו שטיק פגרה! דו ביזט דאָך נור אַ ביסעל מעהל מיט וואַסער, האָסט דאָך אַפילו ניט קיין ביסעל הייוועז און קיין שפּריץ זאַלץ אין זיך...

וועלכער אַנשטענדיגער אַמעריקאַנער קריסטליכער בירגער וועט דיך אַריינלאָזען ביי זיך אין הויז?

קיינער ניט!

איך בין אָבער אַלעמענס אַן אמת'ער הויז־פריינד, איך ליעג אויפ'ן טיש אפילו ביי די גרעסטע מיליאָנערען, ביי מיניסטאָרען, פּראָפעסאָרען און קעניגע. אַ חוץ דעם, וואָס איך האָב אויף זיך אַ יוניאָן־מאַרקע פון דער בעקער־יוניאָן, בין איך טאַקע אַ מאכל אויך, איך בין ניט קיין „אָרעם ברויט", איך בין ברוט, יאָ, ברויט מיט'ן פולען מויל. איך גיב די מענשען כח און קראַפט, איך גיב זיי לע־בען, איך בין דער שטאַב פון לעבען.

דו אָבער, דו שטיק געשטופּעלטע, פּאַסקודע, דו גיבסט דיינע עסער מאָגען־קאַטאַר, דיספּעפּסיע.

מעגסט האָבען אויף זיך דעם „הכשר" פון גרעסטען „גאון", מעגסט אפילו זיין אַ מצה־שמורה, אָדער אייער־מצה, לייגסטו זיך דאָך אין מאָגען ווי פּרעה'ס ציגעל, ווי די אַלטע מצרים־ליים פון פּתום ורעמסס.

מען קען דיך ניט פערדייהען, ביזט אַ שטראָף פון גאָט, אַ מין אָבקומענים. מיין ניט, אַז דו ביזט שוין מיט אידען פאַרטיג, זיי וועלען נאָך אַ מאָל פון דיר פּטור ווערען. הער, אדרבא, וואָס די היי־ליגע ספרים זאָגען, אַז אפילו דער פּורים'דיגער המן־טאַש וועט דיך איבערלעבען. יאָ, „אַלע ימים טובים וועלען בטל ווערען און פּורים וועט בלייבען". מען וועט טרינקען משקה אָהן אַ הכשר, אָנשטאָט „יין צמוקים" געמאַכט פון „סוויט פּאָטייטאָס" און „יין גפן" פון גריטשענע פּאַרפעל, וועט מען טרינקען אַ גוטען גלעזעל חמץ'דיגע קאָניאַק אָדער וויסקי און מען וועט טאַקע הנאה האָבען אויך.

איך וועל דעמאָלט אָנקוועלען, און עס וועט טאַקע זיין אַ „גוד דזשאָב" אויף דיר. וועסט אויסוועפּען, אויסדונסטען ווי אַ חלום, ווי אַ נעכטיגער טאָג, און אראָב פון מאַרק.

די מצה, אויסהערענדיג אַזאַ בעליידיגונג, האָט אַזש אָנגעהויבען ציטערען פון כעס, זי האָט זיך אָנגענומען מיט גבורה און האָט געזאָגט:

— ברויט עסט דאָך יעדער יורקע, יעדער שייגעץ, אַ בערד, אַ חזיר עסט אויך „חמץ“, אַ קונץ דאָס איז צו „משאַמקען“ זויער־טייג! וועלכער גוי קען דאָס ניט? וועלכער לויפער קען דאָס ניט קאַיען אַ שטיק פּאָמפּערניקעל אָדער אַ בייגעל? מצה עסט אָבער נור דאָס „אויסערוועהלטע פאָלק“, מיך עסען נור אידען, דאָס פאָלק פון ישראל. איך בין דאָך אַן אנדיינק פון פרייהייט און פרייהייט איז מיין בערוף, מצה און „חרות“ (פרייהייט) זיינען „סינאָנימס“, אַלץ איינס...

— יאָ, אַלץ אמת — האָט דער פּאָמפּערניקעל געזאָגט — אָבער דאָס גיט דיר נאָך אַלץ ניט דאָס רעכט זיך צו לעגען אין מאָגען. דער איד האָט בה"ש גענוג צו פערדייהען אָהן דיר אויך. ער האָט אַ תורה, אַ גמרא, מדרשים, מרור און דעקאַדענטישע פּאָעזיע... די פרייהייט, וואָס לייגט זיך אין מאָגען, אָנשטאָט אין הארצען, איז איבערהויפּט קיין פרייהייט ניט, איז אַ גאַנץ קנאַפּע סחורה. משעפּע זיך כ'לעבען אָב און געה, וואו דער „ליעבער שבת קודש געהט אַהין“, און הער אויף צו פּלאָגען מענשען! האָסט געגודעט אַ פאָלק אַ רונדע וואָך נאָכאַנאַנד — גענוג! לאָז מיך ארויף אויפ'ן טיש!...

— אַז איך האָב דיר אַנגעגרייט אַ ריינעם טיש מיט אַ ריינעם טישטוך, דו גראָבע, אומגעלומפּערטע שטיק חמץ — האָט זיך די מצה געערגערט — ווערסטו כאָטש איצט קענען ליעגען ווי אַ פּריץ. אַ גאַנץ יאָהר אָבער ליעגסטו אויף אַ חמץ'דיגען טיש ווי אַ „דבר־אחר“.

— איך וועל בעסער ליעגען אויף אַ חמץ'דיגען טיש — האָט דער פּאָמפּערניקעל געזאָגט — איידער ליעגען אין מאָגען אַזוי ווי דו, דו אַלטע, צושטופּעלטע מצרים־פּערזעהענים, דו גלות־לאַטע, ארומגערינגעלט מיט היפּאָקריטען און גאַט'ס־גנבים פון כל המינים. דו ביזט מיר אַן אנדענק פון אַ געוועזענעם גלות, אויף כפּרות

דארף איך דיך! וואָס איז עפּעס מיט דעם גלות פון היינט? „פאַר געוועזענע צאָהלט מען ניט“, זאָגט די וועלט.

דו ווייסט וויפיעל אַן ארבייטער דארף האָרעווען און „קריעה רייסען“ איידער ער קען דיך אריינקריעגען ביי זיך אין הויז אריין? דו ביזט אַ גאַסט אויף אַ ווייַלע, מאַכט מען מיט דיר כלומר׳שט אַ שטיקעל פאַראַד, איך בין אָבער אַ „היימישער“, אַ וואָכעדיגער הויז־פריינד, יאָ, איך בין אַ פריינד צו יעדען מענשען עגאַל, איד אָדער קריסט, אַ מענש איז אַ מענש און איך בין יעדענס פריינד, אַ שטיק לעבען, מיט מיר דארף מען קיין פאַראַד און קיין הכנות ניט מאַכען, מיין איינציגער „הכשר“ איז דער יונאַן־לייבעל און איך בין כשר פאַר דער גאַנצער וועלט.

איך, פּראָסטער פּאָמפּערניקעל, זעה ליידער דעם ביטערען גלות אַ גאַנץ יאָהר. איך זעה ווי די שוואַכע מוטער מיט די אָרימע קינדערלעך פרעהען זיך מיט מיר, ווי זיי ווייסען פּשוט ניט וואָס צו טהאָן מיט מיר פאַר שמחה, ווי זיי בעשמירען מיך מיט פּוטער, אַזוי טהייער בין איך זיי... זיי שלינגען מיך ממש מיט די אויגען, זיי עסען מיך, יאָ, זיי עסען מיך אַזש אויף פאַר ליעבשאַפט, און איך לאָז זיך, איך גיב זיי חיות. איך בין געשמאַק און גוט כאָטש אָהן אַ „הכשר“ פון אַ רעליגיעזען שאַרלאַטאַן, אָהן בלאָף, אָהן פּייק, וואָס גרייכט „ממצרים ועד הנה“, פון מצרים ביז בראָנזוויל...

דיך מוז מען אַרויפבלאָפען אויף אַ אידישען טיש, שרעקענדיג דעם עולם מיט „כרת יאָהרען“, מיט אַלע צרות, זאָנסט וואָלט מען דיך אַפילו ניט אָנגעקוקט. היינט סתם די צרות, וואָס מען האָט פון דיר. די „אויבערשטע“ מיט די „אונטערשטע“, די זאָגענים מיט די זופּענים, עם שלאָגט דאָך פּראָסט אַ בעזע ניט־גוטקייט צום האַרצען, איידער מען קען פון דיר אַ כזית דיספּעפּסיע אָבבייסען און אַרונטערשלינגען.

איך ווייס ניט כ׳לעבען, וואָס דו ברעקעלסט זיך אַזוי!...

— אין דיין טענה פון דעם איצטיגען גלות — האָט די מצה

געזאָגט — בין איך ניט שולדיג. ניט איך האָב געמאַכט דעם גלות מצרים און ניט איך מאַך דעם איצטיגען גלות. וואָס קען איך, אַ שוואַכע מצה, אימיצען שאַדען? דו ווייסט דאָך, אַז די טענה פון די פערפלוכטע אַנטיסעמיטען, דאָס איך דאַרף האָבען בלוט, איז כזב ושקר. דאָס האָבען בלוטיגע הינד אויסגעטראַכט און האַלטען זיך דערביי.

דאָס, וואָס איך בין אַרומגערינגעלט פון אַ כאַפּטע גאָט'ס־גנבים און רעליגיעזע באַנדיטען, בין איך אויך ניט שולדיג. איך האָב זיי ניט בעשאַפען, זיי זיינען געוואָרען ווי די זשוקעס אין זומער....

בערעכען אָבער, וועלכע שעהנע און גוטע זאַכען עס קומען אין דער וועלט גלייך מיט מיר!

איך ברייננ דעם דופטיגען געזאַנג פון „שיר השירים“, איך ברייננ דעם ענטציקענדען טרילער פון די פויגעל, איך ברייננ די גרינע פּופּטשיקעס אויף די בעלעבטע צווייגען, איך בעקלייד די פעריונגטע קעצעל־ווערבע מיט ליעבע, סאַמעטענע, גלעטענדע קע־צעלעך, איך ברייננ דעם זיסען געפיהל פון ליעבע און גיס מיט איהם אָן אַלע הערצער און זעעלען, איך ברייננ די שעהנסטע מעשיות'לעך פון דעם גאָלדענעם אָריענט און מאַך דעם מענש אַלס ליעבלינג פון גאָט.

דו אָבער, שטיק חמץ, שטיק חומר, זויער־טייג, ברייננסט צו־ריק די פינסטערע פאַבריק, די דומפּפּע, טוכלע שאָפּ מיט איהר ווילדען געררויש און געזשום און איהרע מויזענד ביטערע וועהען....

דערצו ברייננ איך נאָך דעם נויטיגען מוסר השכל פאַר דעם שטערבליכען.

ווען דער זינדיגער מענש ווערט אַזוי שטאָלץ ביי זיך מיט דעם אָנקונפט פון פריהלינג, ער ווערט אַ „פריי מאַיאָר“, און פאַנגט אָן ווילד און צולאָזען, אָהן אַ חשבון צו בריקעווען אין גאָט'ס פרייער, שעהנער וועלט אַריין און זיין האַרץ הויבט אָן ווערען אַ נעסט פון

זינד און אויסגעלאָסענע מחשבות, צווינג איך איהם, אַז ער זאָל קור־קען אויף מיר, אויף מיין צורה די בלייכע, די דאַרע און ווייסען, אַז ער וועט אויך אַזוי אויסזעהן... אַז ער וועט מוזען פערוועלקט און אַלט, און אָבגעלעבט זעהן ווי אַלץ לאַכט און קוועלט אַרום און ער איז שוין באַלד ניטאָ, און צעהלט זיך באַלד צו די פערגאַנגענע.

איך, מצה, האָב אַ פּנים פון דעם מענש אויף דער עלטער... איך האָב אויך אַ אידישען פּנים, בלאַס, דאַר און צושטאָכען... איך בין אָהן זאַלץ, ווי דאָס לעבען פון דעם אָרעמאַן.... איך בין דער סימבאָל פון גלות, דער צייכען פון דריי גלות'ן: דער גלות מצרים, דער איצטיגער גלות און דער גלות פון דעם מענשענס יוגענד.... דו אָבער ביזט געוועזן און ביזט אַ שטיק גראָבע, פּראָסטע ברויט. האָסט קיין שום בעדייטונג, דו ערוועקסט אין מענש די בהמה, דערמאָנסט אָן גאָר נישט אויסער אָן דער קאָרעטע, אָן קאַיען...

— דו רעדסט פּאָעזיע — האָט דער פּאָמפּערניקעל געזאָגט בעז — איך פערשטעה דאָס ניט...

— זאָל זיין פּאָעזיע — האָט די מצה געזיפצט — אבי דאָס איז אמת...



# דער הייליגער יריד

עס קומט דער הייליגער יריד
פאַר די גן עדן־שלעפער.
אַ מורא פאַלט אויף יעדען איד,
עס ציטערט יעדעס אידיש גליעד,
עס ווערט דער עולם פרום.
מנינים אומעטום,
אין קעלערס און אין „שעפער“.
דער שופר שאַלט,
דער חזן האַלט
אין חזר׳ן די תפלות.
עס ווערט אין בוזים קאַלט,
און אומעטוג און אַלט....
אַ מעלאַנכאָליע פאַלט
אויף אידישע קהלות.
ניטאָ קיין היים,
ניטאָ קיין פוי׳ם,
אָ, העלף אונז, העלף אונז, טאַטע!
בעפריי פון נויט,
בעפריי פון טויט
אונז שוואַכע, נע ונד׳ע!
בעצאָהל דיין צוגעזאָגטע שולד,
דען ווען, עס פּלאַצט שוין די געדולד,
מיר קענען מעהר ניט טראָגען.
און די כלי קודש, אונזער גזר,
זיי ווערען פעט פון אונזער צער,
פון אונז׳רע גרויסע קלאָגען.

ענדליך האָבען אונזערע גן עדן־שלעפער, די „כלי קודש“, דער־לעבט זייער גרעסטען יריד — די „מורא'דיגע טעג“.

א פחד פאַלט אָן אויף די גלויביגע און די האַלב־גלויביגע פיה־לען עפּעס אויך קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצען, און זיי הויבען זיך אָן ארומדרעהען אויפ'ן הייליגען יאָהר־מאַרק איינצוהאַנדלען מצוות און מעשים־טובים.

עס איז ווי היינריך היינע זאָגט: „מענש, בעצאַהלע דיינע שולדען“.... דאָס הייסט אויף אַמעריקאַנישע אידישע אידיש: „סיי, מיסטער, שטעקט אָב וואָס איהר זייט שולדיג“!

גאָט קען אויך ניט בעשטעהן אייביג צו וואַרטען און צו שיינ־קען. חברה קענען איהם נאָך בדלות שטעלען....

אַנדערע צאָהלען איהם טאַקע „במזומן“, אָדער ווי דאָס הייסט אין ביזנעס־אידיש „ספּאָרט קעש“, אַנדערע אָבער „נעהמען אויפ'ן ביכעל“, זיי האַנדלען מיט גאָט אויף קרעדיט. זיי נעהמען און היי־סען פערשרייבען: נישט קשה, רבונו של עולם, דו מעגסט אַ ביי־סעל אונטערוואַרטען. קיין אחריות, דו וועסט חלילה ניט באַנקראָ־טירען. אַ מענש איז שטענדיג ביי דיר אין די הענד; אַ איד גע־ווים.... האָב קיין מורא ניט, ער וועט בעצאָהלען.... ער וועט אוועק־געבען מיט הויט און מיט ביינער. מיט גוטען, צי מיט בייזען, אַ איד בעצאָהלט, ער בלייבט ניט שולדיג... דו ביסט דאָך, טאַטעניו, אַ געניטער געשעפטסמאַן, ווען ישראליק שפּאָרט זיך איין און שרייט „אין לי“, „איך האָב ניט און טהו מיר עפּעס“! האָסטו שוין דיינע שלוחים, וואָס מאַהנען אויף.... דו האָסט קאָזאַקען, הוליגאַ־נעס, „שוואַרצע מאות“ און סתם באַנדיטען, וואָס רעכענען זיך אָב פון דיינעטוועגען....

נור אונזערע גאָט'ס קאָזאַקען פערזיכערען אונז ביי זייערע בערד און פאות, אַז מעהר וויאַ יאָהר קען כביכול גאָט ניט בע־שטעהן צו וואַרטען. אין די „ימים נוראים“ נעהמט ער „סטאָק“, רעוויידירט זיינע ביכער און ברייננגט אין אָרדנונג זיינע ביזנעס....

און זיי, די גן עדן־שלעפער אונזערע, שפּיעלען דאָ אַן אמת אידישע גלות־ראָלע. זיי ווערען מאַקלער, אַגענטען און קאָלעקטאָרס. זיי העלפען דאָס אונטער דעם „מלך יושב". זיי האַלטען דעם „ספר החיים" און קאָלעקטירען פאַר דער הימעלשער לעבענס־פערזיכערונגס געזעלשאַפט, פאַר די „פמליא של מעלה". זיי זיינען אַ מין „לייף אינשורענס" אַגענטען... זיי אַרבייטען אויף פּראָצענט, אויף געהאַלט, ווי עס לאָזט זיך, און דערלייגען ניט צו דעם עסק. דעם עולם אָבער לעדיגען זיי דערוויל אויס די טאַשען.

און דער תירוץ איז אַ גלאַטער: „וועט מען לעבען, וועט גאָט העלפען, וועט מען שטאַרבען, דאַרף מען דאָך קיין געלד ניט", און דער איינציגער, זיכערער מיטעל ווי פון די עטליכע גראָשען פּטור צו ווערען, איז זיי אָוועקצוגעבען צו די מצוות־בריגאַדע, זיי וועלען דאָס שוין אַזוי בעהאַלטען, אַז דער טייפעל אַליין וועט זיי אויך ניט געפינען און שאַ, „שלום על ישראל", אידעלעך וועלען געהאָלפען ווערען...

זיי זיינען ניט געפאַלען אויפ'ן מח, די נשמה־פערזאָרגער. זיי מאַכען דאָס אויף אַ גרויסען שטייגער, זיי רודערען אויף די וועלט, טאַקע, ווי מען זאָגט, מיט פּויקען און טרומייטען.

די אידישע גאַסען זיינען פול מיט אידישקייט איבער די אויערען. זיי זיינען פול מיט פרומע געזאַנגען, מיט הייליגע אַפּי־שען, מיט געטליכע צירקולאַרען, מיט בילדער פון חזנים, רבנים, דרשנים, רעווערענדס, בעלי תפלות, קאַנטאָרס, פאָרבעטער און הינ־טערבעטער, מתפללים, דאַוונער, אידישע קאַרוזאָס, ווילנער בעלי־בית'לאַך, בערדיטשעווער וואַגנערס, באַלטרימאַנצער ווערדיס, שני־פּישקער מאַסקאַניס און סלאַבאָדקער דאָניצעטיס.

אין יעדער טענעמענט־הויז ווערט געבלאָזען, געבעטען, גע־הוכט, געכליפּעט און געטרילערט אויף אַלע כלים. מען געהט ביז איבער'ן „דיך" אין ימים נוראים־ליטעראַטור, וואָס וואַלגערט זיך אַרום אין אַלע רינעס און איז פול אין אַלע באַרבער־שעפּער, יאַט־

קעס, שפייז־קרעמלאך, בעקערייען, אפטייקען, שוך־געוועלבען און קויהלען־קעלערס. מען נעהמט זיך צום אמעריקאנער יודענטהום מיט חשק, מיט התמדה, מיט התפעלות, מיט התלהבות, מיט.... קעי־שענע בעגייסטערונג...

קויפט איהר א פלעשעל מאגנעזיע, איז דאס איינגעוויקעלט אין א „חזן" מיט א טלית ארום האלז; קויפט איהר א בינטעל קיש־קעס, ליעגט דאס איינגעדרייט אין א „בעל תפלה"; קויפט איהר א פאמפערניק, געפינט איהר מיט איהם צוזאמען א „קאנטאר" אין א שפיציגע יארמולקע; קויפט איהר א פאאר שטעק־שיך, זיינען זיי צונויפגעלייגט אין א „רעוורענד" מיט א צועקלעפטען בערדיל; קויפט איהר א זויערע אוגערקע, זייערט זי זיך צוזאמען מיט א „מתפלל"; און ווארט איהר אויף אייער „נעקסט" אין בארבער־שאפ, רוקט מען אייך דערווייל אריין א פאפירענעם „פארבעטער", וואס שטעהט און קרימט זיך אויפ׳ן „מלך אביון"...

דער כלל, איהר האט פון זיי ניט קיין מנוחה שעה, איהר זייט געצוואונגען זיך צו פעראינטערעסירען מיט די „מורא׳דיגע טעג", וועלכע ערוועקען אין אייך שמערץ, כעס און געלעכטער...

איך וועל קיינמאל ניט פערגעסען ווי א פאנאנדערטראגער פון די שוהל־אנאנסען האט אריינגעווארפען זיינעם א צירקולאר אין א קעלער פון קויהלען. דער פאנאנדערטראגער האט געמיינט, אז דער קויהלען־קעלער איז א אידישער געשעפט, דאס האט אבער בע־לאנגט צו אן איטאליענער.

אזוי ווי דאס וואלט היינט פאסירט, אזוי געדענק איך דעם איטאליענער׳ס מינע, ווען ער האט אויפגעהויבען דעם צירקולאר און האט איהם אנגעקוקט מיט א פאר אויסגעגלאצטע אויגען, כאטש איינצושלינגען דעם „אידישען קארוזא", וועלכער איז גע־שטאנען אויפגעדרוקט מיט׳ן פינגער ביים גארגעל...

דער איטאליענער האט געדרייט דעם כשר׳ן „הענד ביל" און ניט געקענט קלוג ווערען וואס דא טהוט זיך. דערווייל איז אהיים

פון קאָרנער ביער־סאַלאָן אַ „פּאָרטוגעזער“ אירלענדער און האָט גע־האָלפּען דעם איטאַליענער קוקען. זיי האָבען ביידע געקוקט ביז ענדליך האָט זיך אָבגערופען דער אירלענדער לאַכענדיג: „ביי גאָט, איך האָב פערגעסען מיין פּיערעל אין דער היים, דאָס זעהט אויס אַזוי ווי נאָטען....“

פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ ניגער און האָט אויך געכאַפּט אַ קוק אויף גאָט׳ס סחורה.... ער האָט אָנגעקוקט ישראליק׳ס „שליח ציבור“ און האָט געזאָגט בעשטימט, אַז דאָס איז אַן אַדוועטייז־מענט פון אַ וואָדעוויל שאָו. „איהר זעהט דאָך — האָט ער געזאָגט — דעם עקטער.... ער איז פערשטעלט פאַר אַ כינעזער מאַנ־דאַרין“....

נאָך אַ קורצען ישוב הדעת האָבען זיי אַלע דריי איינגעשטימט אַז דאָס בילד איז פון אַן אַקטיאָר און דאָס אַנאָנסירט מען עפּעס אַ מין „שאָו“, אַ וואָדעוויל אָדער אַ „מואווינג פּיקטשור פּלאַטץ“.

דאַכט זיך גוים, וואָס ווייסען פון זייערע הענד און פיס ניט צו זאָגען און ווי זיי פערשטעהען פון דעסטוועגען אַן עסק.

יאָ, דאָס איז טאַקע ניט מעהר ווי אַ וואָדעוויל שאָו, אַ טהע־אַטער, און אפשר גאָר אַ צירקוס....

# לשנה טובה קאַרטען

לשנה טובה קאַרטען !
קויפט זיי, קויפט צום נייעם יאָהר !
ווערט איהר קענען לייכט ערוואַרטען
וועלכען גליק אייך ווילט זיך נאָר.

קויפט זיך ווייסע, רויטע, גרינע,
די קאָלירען זיינען רייך —
קויפט, מיט בילדער פון דער שכינה
ווי זי זיצט און קלאָגט אויף אייך...

קומט און קויפט, איהר מצוות־קויפער !
זעהט נור סחורה ! ביליג שפּאָט,
קאַרטען ווי מען בלאָזט אייך שופר,
ווי דער רבי געהט פון באָד ;

ווי די רביצין מאַכט האָלקעס
אונטער'ן מגן דוד פאָהן ;
ווי מען שלאָגט אַ אידען מלקות
און כפּרות מיט אַ האָהן ;

ווי ס'שטעהען ישראל'ס גרויסע ;
ווי מען דאַוונט מיט אַ באָר, —
קויפט זיך קאַרטען, קויפט, רבותי,
קומט און קויפט אַ „גוטען יאָהר“.

פונקט דער זעלביגער פזמון ווי פאר א יאהרען און פאר צעהן יאהרען אין דער צייט, און גאר ניט.

ביי מיר וואלגערט זיך נאך ערגעץ ארום א לשנה טובה־קארטע מיט א ווינשענים פון לעצטעם יאהר, וועלכע בלאפט מיר מיט א „שנת חיים, פרנסה ושלום", איך זאל זוכה זיין צו זעהן די „נחמה פון ציון און ירושלים"...

מילא די נחמה, וואס איך האב דערוויל דערלעבט פון ציון, קען איך זאגען דער לעצטער ציוניסטישער קאנגרעס. וואס אנ־בעטרעפט מיין „חיים", איז דאס פונקט ווי אין מצרים... מיין „פרנסה", ניט קיין רייכע הכנסה, און וואס אנבעטרעפט דעם „שלום", איז דאס ניט מעהר ווי א חלום...

ניין, רבותי, ניטא קיין שלום אין דער דאזיגער שלים מזל׳־דיגער וועלט. עס קען קיין שלום ניט עקזיסטירען דארט, וואו עטליכע לעבען און א סך קראפירען.... שלום מיט אלעמען קען נור זיין דער צבועק אדער דער שוטה, שלום קענען נור זיין די טויטע, איבערהויפט קען ניט לעבען בשלום א צייטונגס שרייבער.

זאל ער ניט שרייבען, וועט ער ניט האבען וואס צו עסען און זאל ער שרייבען צופיעל, וועט ער ניט האבען קיין שלום מיט׳ן לע־זער.... יא, גאר ניט זאגען, וועט טויגען אויף קלאגען און ארוים־געהן מיט דיבורים, וועט שוין ניט פעהלען קיין יסורים. אפילו די שעהנסטע לשנה טובה־קארד וועט דיר אויך ניט העלפען...

יא, אט אזוי ווי איהר הערט, רבותי. די לשנה טובה ווינשע־נים האט מיר קיין גוט יאהר ניט געבראכט. פערקעהרט, איך האב נאך ארייננעכאפט א רעשטעל צרות.

אין דער פריה האב איך בעקומען די קארד און פארנאכט האב איך ערהאלטען א טעלעגראמע, אז מיין שוויעגער קומט...

די לשנה טובה־קארד האט מיר אזוי צוגעטראפען, פונקט ווי יענע צובראכענע וועג־מאשין אויף אן אייזענבאהן סטיישאן האט צוגעטראפען אן אלטער, דיקער ניגערקע.

די מאשין איז געווען פון דעם זאָרט, דאָס ווען מען וואַרפט אַריין אין איהר אַ סענט, שפּיעלט זי אַ „אנקת מסלדך“, זי וואַרפט אַרויס אַ צעטעל פּיעל מען וועגט, ווי אַלט מען איז און זי זאָגט פאַראייגנס דעם מזל...

די ניגערקע האָט גראַד ניט בעמערקט אויף דער מאשין דעם צעטעלע, דאָס זי (די מאשין, ניט די ניגערקע) איז אַרויס פון אָרד־נונג און אַרבייט ניט ריכטיג. זי האָט אַריינגעוואָרפען אַ סענט, ווייל דער אָרט, וואו מען וואַרפט אַריין דאָס געלד, איז געווען אָלל־רייט.... און האָט זיך מיט איהר פולען אומגעלומפּערטען קערפּער און דערצו מיט אַ גרויסען קאָרב אייער דערלאַנגט אַ שטעל אַרויף אויף דער וועג־מאשין.

נו, האָט זי געהאַט אַ חתונה!

ערשטענס, האָט איהר די מאשין דערלאַנגט אַ פּאַרציע „מור־זיק“.... דאַן איז אַרויסגעפאַלען אַ צעטעל, וואָס האָט געוויזען פון איין זייט, אַז די שוואַרצע גויה מיט די אייער מיט אַלעמען וועגט פינף און דרייסיג פונט. פון דער אַנדער זייט איז געשטאַנען דער מזל מיט דער דאָזיגער נבואה:

דו וועסט הייראַטהען זעהר יונג, און לעבען מיט דיין זיווג ווי אַ פּאָאַר טויבען. וועסט האָבען אַ סך ליעבעס, אָבער דיין ריכטיגער זיווג וועט האָבען בלאָנדע האָר, בלויע אויגען, דינע ליפּעלאַך און אַ פּנים ווייס ווי געפאַלענער שנעע....

ווען די ניגערקע האָט אָנגעטהאָן איהרע שפּאַקולען און איי־בערגעלעזען דעם צעטעלע פוןביידע זייטען, האָט זי זיך אַזוי פאַ־נאַנדערגעלאַכט, אַז פּאַר גרויס געלעכטער איז איהר אַרויסגעפאַלען פון האַנד דער קאָרב מיט די אייער און אָבגעפּאַרבט ביי אַ יונגען חתן־בחור זיין נייעם אנצוג און די לאַקירקעס. עס איז געווען אַ רחמנות צו קוקען....

יאַ, יאַ, מיינע ליעבע אידען און אידענעס! אָט פונקט אַזאַ מין „צעטעל“ קענט איהר ערוואַרטען, ווען איהר וועט געהן וועגען

אייערע מצוות און עבירות אויף א „הייליגע מאשינע“ אין א קאנצערט־האלל, וואו א קאדעט מיט א צוגעקלעפטע בערדעל וועט פיקסען אייער מזל.... איהר וועט דארט הערען די זעלביגע זארט „מוזיק“, וואס יענע ניגערקע און מען וועט אייך דערלאנגען א „צעטעל“, וואס אפילו „ר' וועלוועלע“ אליין וועט אייך אויך ניט העלפען....

דער כלל, מען זאגט אייך און מען ווייזט אייך די „צובראכענע מאשין“, נור אויב איהר ווילט דוקא הערען ווי א בעל עגלה בלאזט שופר און ווי א סארוועער פון א קארטען־הייזעל זינגט אייך „הנני“, זאלט איהר געהן כאפען דעם זעלבען אבשניט, וואס יענע ניגערקע און נאך בעשמוצען די יעניגע, וועלכע שטעהען נאהענט צו אייך....

דעם „צעטעל“ וועט איהר ניט קענען בעשולדיגען. אט ווי איהר וועט זיך וועגען, אזא געוויכט וועט איהר בעקומען... ווי איהר וועט רופען, אזוי וועט מען אייך ענטפערען. ווי איהר וועט זיך אויסבעטען, אזוי וועט איהר שלאפען....

דאס קאמישסטע אבער בלייבען דאך אונזערע לשנה טובה־קארטען. מאנכע פון אונזערע אידישע מאכערס פון די ניי־יאהר „ווינשעוואניעס“ האבען א קיין קאטאוועסדיגען געשמאק אין צוגרייטען די שעהנע סחורה.... זיי זיינען געוואלדיגע עסטהעטיקער אין אויסקלערען צייכנונגען פאר זייער עכט־אידישען „סטאק“.

אט האט איהר א „פעטרען“, א צייכנונג פון א לשנה טובה־קארט אין מיטען די לוחות, פון איין זייט דער ווילנער גאון און פון דער אנדער זייט א דאמסקער שניידער. איהר זייט ניט מחויב צו קענען אלע שניידערס פון אמעריקא. מיינט איהר, אז דאס איז אפשר דער „טאלנער קטן“, דער סטראכער צדיק, אדער ווזשאנער רבי'....

איבערהויפט ווען איהר שיקט אזא „לשנה טובה“ אין אייראפא! דארט האט מען נאך קיין אמעריקאנער צדיקים ניט גע־

זעהן, און עס איז רעכט צו זעהן דעם צדיק אין יעדען פנים, אפילו אין אן עזות פנים.

די שעהנסטע קארט האט אויסגעקלערט א ניו יארקער דרוק־קער און האט דאס ארויסגעלאזט אין מארק צו פערקויפען. דאס איז איינע פון די מערקווירדיגסטע לשנה טובה'ס, וואס אידען האבען ווען־עס־איז געהאט און זי פערדיענט דעם רעכטען אויבענאן אין א באוערי מוזעאום....

פון איין זייט האט דער דרוקער אוועקגעשטעלט דעם פסוק „כי מלאכיו יצוה לך". און אין „לך" איז ער נעבאך מיאוס ארייג־געפאלען. ער האט אויסגעלייגט „לך" מיט אן „אלף", מיט א „פסח אלף" דערצו, אויף יאהודיש... פון דער אנדער זייט קארד האט ער אוועקגעשטעלט דעם פסוק „שנת סליחה ומחילה". „מחילה" האט ער אויסגעשטעלט מיט א „קרומע כף", „שנת" מיט א „סמך" און „סליחה" מיט א „תף".

אבער דאס איז נאך ניט אלץ. ער האט ארויפגעשטעלט אויף דער „לשנה טובה" קארד דריי בילדער: זיין אייגענעם בילד, דעם בילד פון זיין שוואגער א שמיד, און דעם בילד פון זיין שווער א סטאליאר. אלע דריי זיינען זיי געשטאנען אין יארמול־קעס מיט טלתים ארום די העלזער און געשמייכעלט...

אט אזוי געהט דאס אין דער פרייער אמעריקא! איהר שיקט „אהיים" א לשנה טובה קארד מיט א ניו יארקער דעטעקטיוו, א „ספעשעל פאליסמאן" אדער סתם אן „אלפאנז", און אייער מומע ווינשט זיך דארט, אז „אזא קדיש זאל איך האבען"!...

נישקשה, מיר וועלען נאך דערלעבען גאר אין גיכען צו האַ־בען ווינשעניסען מיט דעם פאלגענדען נוסח:

## לשנה טובה קארט.

„זכרנו לחיים". קויפט שיך ביי חיים דעם שוסטער אין קעלער, וועט איהר זיך אויסטרעטען א גוט יאהר... „שנת

גאולה וישועה". ביי ישועה דעם בעל־עגלה קריגט איהר געמאכט דעם פיינסטען „מואווינג דזשאב", זיינע פערד וועלען אייך אריינפיהרען גלייך אין גן עדן אריין... „רבונו של עולם, אני שלך וחלומותי שלך". געהט צו דעם בעוואוסטען מכשף און חלומות בטל'ער, וועלכער האט אן אייזערנעם קאפ, א קופערנעם שטערען און פערשטאכענע אויגען, ער וועט אייך פותר חלום זיין, אז עס וועט אייך אמת הנאה טהאן.... ער האט געזאגט א אידינע פון פיפטט סטריט, אז זי וועט געלעגען ווערען און א בתולה פון רידזש סטריט, אז זי וועט חתונה האבען און האט געטראפען... „היום תאמצנו". היינט וועט איהר קריגען א ש ט א ר ק ע פאר תחתונים, גענעהט און געשטעפט מיט כשר'ע פאדים ביי למך דעם קאסטאמער פעדלער פאר א קוואדער א וואך, אויפ'ן פלאן פון פארטזעצונג פאלגט, איהר וועט מיט די דאזיגע תחתונים ארומשפאצירען אין הימעל ווי דער מלאך גבריאל... „היום הרת עולם". היינט איז טראגעדיג געווארען די וועלט, זאלען „בעזידעטניצעס" אנהויבען זופען די קובעבע טראפענס און קאיען די לאקריץ־פלעצלעך פון שטשאפעטשינטשיקאף'ס אפטייק, וועלען זיי גלייך אנהויבען ווארפען מיט צווילינגס... ובזכות זה, און אין דעם דאזיגען זכות וועט איהר האבען א גוט יאהר, ונאמר אמן"...

יא, מיר וועלען נאך האבען שעהנע לשנה טובה־קארדס, עס האלט שוין דערביי...



# אַ ראש השנה׳דיגער פּעלעטאָן

ראש השנה מעג מיט רעכט בעטראַכט ווערען אַלס דער יום־טוב פון שרייבען, און קיינער דאַרף אויף אַט דעם דאָזיגען שרייבער־יום־טוב מעהר שטאָלץ זיין ווי אידישע ליטעראַטען.

אין אמת׳ען, אידען, וועלכע זיינען די לעצטע אין דער וועלט זיך צו אינטערעסירען מיט זייערע שרייבער — אויסער מיט די וואָס שרייבען טשעקס — הערען ראש השנה גאָר ניט אויף צו רעדען פון שרייבענים.

„כתבנו“ און „כתבנו“, שרייב אונז און שרייב אונז, עס טהוט זיך מעשים!...

און ווי שעהן, ווי זיס, ווי ריהרענד זיי בעטען דאָס!

מיט געזאַנג, מיט תחנונים, מיט טרערען אין די אויגען.

איך בין אפילו אַ שטיקעל אפיקורוס אין דעם אידענ׳ס ערנסט־קייט מיט זיין שרייבעריי.

אַט שטעהט גימפּעל גרונם און גיסט טרערען ווי בעבלעך און בעט, און וויינט, און שרייט רחמים: „כתבנו בספר החיים“ — שרייב מיך אריין אין בוך פון „מאַכען אַ לעבען“, דאָך נעהם און שרייב איהם דאָרט אריין און פּרוביר איהם שפּעטער דעם בוך פּער־קויפען, וועט ער זיך פערקרימען...

ווי די זאַך זאָל אָבער זיין, ווערט אַ אידישער פּערפאַסער פון ביכער אַביסעל גרויס׳דיג ביי זיך און הויבט אָן קוקען מיט דרך ארץ אויף זיין פּראָפעסיע; ער זעהט דאָך, אז אַ פאָלק געהט אוים און בעט זיך רחמים מען זאָל כתבנ׳ען...

יאָ, זאָלען זיך אידען מיינען וואָס זיי ווילען, אַבי זיי רעדען פון אַ „ספר“.

אמת, זיי ווילען מען זאָל זיי „גוט אָנשרייבען“, זיי ווילען אַ בוך פול מיט „לעבען“, אַ מין „רעאַליסטישען“ בוך; טריי צו דער נאַטור, אַז מען רעדט פון לעבען זאָל טאַקע זיין געלעבט מיט די ביינער... איז דאָס דען אָבער אַן עולה?

וואָס טויג אַ טויטער בוך? וואָס טויג אַזאַ שרייבעכץ, וואָס אַלץ איז דאָרט אויף־צו־פּלייסען, עס לעבט און לעבט ניט, קלעבט און קלעבט ניט?

מאַנכע שונד־פּערפּאַסער פילען אָן זייערע ביכער מיט מתים, מיט טויטע געשטאַלטען, טויטע כאַראַקטערס, און וואונדערן זיך נאָכדעם פאַרוואָס זייערע טיפּען אינטערעסירען ניט די לעזער; פאַרוואָס זייערע העלדען „רעדען“ ניט צו מענשליכע הערצער און געהען ניט צווישען דעם אינטעליגענטען עולם. נאַרישקייט! טויטע רעדען ניט, טויטע געהען ניט, קענען ניט געהן; זיי ליגען שטום אויף אַן אָרט, ליגען ווי שטיינער.

ניט יעדער איינער, וואָס באַט אָן אידען אַ תורה, קען דאָס זיי טאַקע אריינשפּאַרען מיט געוואַלט ווי דער אידישער גאָט, וועלכער האָט זיך פערמאָסטען אויף זיי מיט אַ באַרג: „איהר נעהמט מיין פערפּאַסעכץ, וואָרום איך פּלעט אייך דעם מח!...“

מיט אַ גאָט שפּיעלט מען זיך ניט, וואָס פאַר אַ תורה ער גיט מוז מען נעהמען, אָבער אַ מענשישער מחבר מוז טאַקע דערלאַנגען די ריכטיגע פּאַפּיערען, מען זאָל זיין צופריעדען.

גאָט וועט מען מוחל זיין ווי ער זאָל „אָנשרייבען“. ער קען פערוואַנדלען די וועלט אין אַ שונד־ראָמאַן, און מאַכען אַ תל פון זיינע „העלדען“ אָהן אַ פאַרוואָס און אָהן אַ פאַרווען! ער קען ברענגען אַ מבול, אַ מגפה, אַ שרפה, אַן אינקוויזיציע, אַ גלות, אַ... אַ וואָס איהר ווילט ניט הערען און ניט געדענקען, און ער וועט אַלץ אַרויסרופען אַ גוטע קריטיק, מען וועט אַלץ זאָגען „גאָט איז גערעכט“.

צום טייפעל מיט דער גאַנצער מענשליכקייט! איך וואָלט

וועלען כאָטש אויף אַ האַלבע שעה ווערען אַ גאָט!... אוי, וועה, וואָלט איך זיך דאַן אָבגערעכענט מיט אידען! זיי וואָלטען מיך געהאַט צו געדענקען!... אַז פּאַר שרייבען גוט און לעבעדיג האָט זייערער אַ ליטעראַט ביי זיי קיין פּנים ניט, וואָלט איך אַלס גאָט „געהאַקט ווי אין קרויט" און זיך אויסגעלאַכט פון זייערע קעפּ.

זיי וואָלטען געכליפּעט און געבלאָזען: גוואַלד, טאַטע, אָדער „טאַטע", מיט אַ קמץ, ווי די אַדרעסער זאָגען, האָב מיטלייד מיט דיין „סטאַדע" און שרייב אונז אָן עפּעס רעכטס, און איך וואָלט געגעבען דעם מלאך גבריאל אַ אידישען „טייפּרייטער" און איהם דיקטירט אַ ראש־השנה'דיגען פעליטאָן...

ווען אידען פערלאַנגען פעליעטאָנען כדי די שרייבער זאָלען „מאַכען אַ לעבען", וואָלט איך זיי געמאַכט, אַלס גאָט, אַ פעליעטאָן פון זייער ראש השנה, פון זייער ערנסט, פון זייערע צובראָכענע געמיטהער, ווען זיי קומען אַליין בעטען אויף אַ לעבען...

דערווייל אָבער שרייב איך אַ ראש־השנה'דיגען פעליעטאָן אויף דר'ערד, איך שרייב דאָס אַליין, אָהן אַ שרייב־מאַשין און אָהן אַ משרת און פערוועגד מיין קונסט צו מילדערען דעם אידענ'ס מרה־שחורה.

אַ ראש־השנה'דיגער פעליעטאָן! ווי משונה פרעמד דאָס קלינגט!

פּונקט ווי מען זאָל זאָגען אַ קאָמישער טרויער־מאַרש, אָדער אַ פרעהליכער אבל־קדיש. ביי אידען אָבער דאַרף מען זיך אויף קיין זאַך ניט וואונדערען.

ווען אַ אידישער פעליעטאָניסט וואָלט געוואָרט מיט זיין הומאָר ווען איהם, דעם שרייבער ניט דעם פעליעטאָן, וועט זיין גוט אויפ'ן האַרצען, וואָלט ער געמעגט איינזאַלצען זיין פעדער אויף „לעתיד לבוא" און די אידישע ליטעראַטור וואָלט געבליבען האַרט, קאַלט און טרוקען ווי די אַדמיניסטראַציע אויף עללים איילענד.

דאָס האָט אָבער די השגחה, וועלכע פערקוקט זיך זעהר אָפט,

גוט בעטראכט, און האָט דעם אידישען פעליעטאָניסט געגעבען די גאָלדענע נאַטור פון דעם ציגיינער, וועלכער זינגט ווען ער איז טרויעריג און קלאַפּט אין צימבעל צו פערטומלען דעם עלענד...

אַ אידישער פעליעטאָניסט איז ווי יענער מארשעלאָק, וואָס האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטען אויף אַ חתונה און איז אַוועק זאָגען וויצען אויף אַ לויה... ער האָט נאַטירליך געוואוסט, אַז דאָ פּאַסען ניט זיינע חכמה'לעך און ער האָט געוואָלט מאכען דעם עולם מעהר וויינען, ער האָט אָנגעשטרענגט דערצו אַלע זיינע קרעפטען — ווי דער שטייגער איז ווען אַ מענש מוז טהאָן אַן ארבייט צו וועלכע ער איז ניט בערופען — דאָך ווי אויף צופּוקענים האָבען דוקא אַלע געקאַיכט פאר געלעכטער...

ווען דער מארשעלאָק האָט ווידער דערזעהן אַז דער עולם לאַכט, האָט ער גלייך פערקירעוועט דעם דייקסעל צו דער גוטער זייט און געגומען האַקען וויצען איבער'ן טויטען... אַזוי איז די מיטה געאַנגען פאָראויס און הינטען איז דער עולם שיער צוזעצט געוואָרען לאַכענדיג.

פאָראויס דער מת און הינטען לאַכעדיגע אבלים, אַ קאָמישע לויה, אָט דאָס איז אַ אידישער פעליעטאָן, אַ ראש־השנה'דיגער פעליעטאָן איבערהויפּט.

איך שטעל מיר פאָר זרח דעם בינלער ערגעץ „טאָפּ פלאָר“ אין אַ „סוועט שאָפּ“ דאַוונען פאַר'ן עמוד; ווי ער שטעהט אָנגעלעהנט אָן אַ „בינעל באָק“ און קרימט זיך אויפ'ן „לעדי עד ימלוך“... אויפ'ן „מלך עליון“ און „מלך אביון“...

ער זעהט אויס ווי אַ פערקערפּערטע איראָניע אויפ'ן יודענ־טהום; ווי אַ שטיק פערגליווערטער גלות. ער שרייט מיט אַלע כחות, ער פערגעסט זיך און מיינט אַז די מאַשינען רוישען און מען הערט ניט וואָס ער רעדט... די „רומקע“ איז אַזוי ניעדעריג ווי דער באָס און לאָזט ניט אויפהייבען קיין קול... נעבען דעם דאָזיגען פערשוויצטען בעל תפילה פוןביידע זייטען שטעהען צוויי הייזע־

ריגע, בלייבע „הייזקע אַפּערייטאָרס“, זיך קוים האַלטענדיג אויף די פיס, און „האַלטען“ איהם אונטער...

א ראש־השנה׳דיגער פעליעטאָן.

אַט שטעהט אַן אירלענדער גוי אויפ׳ן בריקעל פון ק"ק אנשי זשעדנע, אום ניט אריינצולאָזען אין דער סינאַגאָגע אַ מלמד אָהן אַ טיקעט. מיט דעם גוי וואָלט מען זיך שוין אפשר אַן עצה געגעבען, מען וואָלט איהם דערלאַנגט אויף אַ שנאַפּס און שאַ, שטעהט אָבער נעבען גוי א „איד“, א „טראַסטיע“...

אויפ׳ן מקום קדוש שטעהט אפילו מיט גאָלדענע אותיות „זה השער לה׳ צדיקים יבואו בו“, דאָס הייסט אויף אידישע אידיש: דאָס איז דער צאַצקעדיגער טהויער פאַר וועלכען עס איז אַ וועג צו געבען נאָז און אויער, דאָך קומט אוים צו פאַלען כורעים נעבען אַ קאַן מיט זאָדע וואַסער און זינגען „אנקת מסלדך“ נעבען אַ כשר׳ע „בוטשער שאָפּ“...

גאָט זאָגט „וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם מכל חטאתיכם“, דאָס הייסט אין „זשאַרגאָנישען זשאַרגאָן“ און איך וועל אייך אָרומ־וואַשען אַז עס וועט זיין אויף אייך אַ מחיה צו קוקען, און דאָ קומען נור עטליכע זשעדנע „בינעזער“ און זאָגען אייך „נאָ טיקי נאָ וואַשי“... דאָס הייסט אויף אַמעריקאַנער אידיש: קיין „קעש“ איז קיין וועש...

א ראש־השנה׳דיגער פעליעטאָן!



# בערג־פּאָליטיק

## דער טעות פון אַ אידישען „פּאַרמער“

---

די מענשען, וואָס מיינען, אַז פּאָליטיק און דיפּלאָמאַטיע גע‌הען אָן נור צווישען רעגיערונגען און לענדער, זיינען נאָך קיין מאָל קיין געסט ניט געווען אין די אידישע זומער־האָטעלען פון די קעטסקיל־בערג, דען דאָרט איז פאַראַן מעהר פּאָליטיק ווי אין טערקיי און מעהר דיפּלאָמאַטיע ווי אויף דעם באַלקאַנישען האַלב־אינזעל, שוין די „הרי חושך“ אריינגערעכענט.

און די קעטסקילשע פּאָליטיק, פּונקט ווי יעדע פּאָליטיק פון אַ גאַנץ יאָהר, ווערט ניט געפיהרט „לשם שמים“, פון גאָט׳ס וועגען — חלילה! די פּאָליטיקער האָבען אַן אויסגערעכענטען קוק און זוכען נור זייערע אייגענע נוצען. דאָ זוכט מען אויך צו געווינען די גונסט פון דעם רייכען און דעם שטאַרקען, וואָס האָט אַ מעכטיגע האַנד און קען דערלאַנגען...

דער „פּאַרמער“, דער האָטעלניק אַליין, וואָס ווייס אָפט קוים דעם אונטערשיעד צווישען אַ בוריק און אַ מערען, פערשטעהט אָבער גאַנץ גוט ווי צו חנפ׳ענען דעם רייכען גאַסט. ערשטענס קען ער ניט בעשטעהן איהם צו פערליערען, ווייל ער צאָהלט טאַקע אַ מקח, צווייטענס מוז ער איהם האָבען אַלס אַ ציה־פּלאַסטער צום געשעפט. ער ציהט אָן, אַז אַנדערע געסט זאָלען אויך קומען. מען דאַרף האָבען אויף וועמען אָנצואווייזען ווען מען געהט אין פריהלינג פעדלען פאַר זומער־געסט.

איך ווייס דאָס פון ערפאַהרונג.

דאָס איז געווען דעם לעצטען טאָג פּסח, געדענק איך, איך בין שוין געווען מיעד באָמבאַרדירענדיג מיין אָרעמען אידישען גלות־

מאַגנען מיט אַלערהאַנד קניידלעך קלענערע און גרעסערע, עפּענט זיך פלוצלינג אויף די טהיר און עס קומט אריין אַ קליין, דאַר אידעל, מיט אַ גרויסען, צובויגענעם קאַפּעלוש.

— גוט יום טוב.

— גוט יום טוב, גוט יאָהר.

— וואָס גוטס וועט איהר זאָגען ? — האָב איך געפרעגט ביי מיין חנ'עוודיגען גאַסט.

— איך בין אייך געקומען איינלאַדען אַלס באָרדער. — האָט דאָס אידעל געזאָגט.

מיין אידענע האָט אַ ציטער געטהאָן.

אַ בעקאַנטער האָט מיר געגעבען אייער אַדרעס און ערקלערט, אַז איהר האָט זעהר ליעב די נאַטור און זייט שטערבליך פערליעבט אין אידישע פאַרמערס, איהר חלש'ט פּשוט אוועק נאָך זיי... און אַזוי ווי איך בין אַן אמת'ער אידישער פאַרמער, פערשטעהט איהר מיך, מיט אַ פאַרם אין דער הויך און האַלט, ברוך השם, זומער־באָרדער, וואָס איך בעהאַנדעל, ברוך השם, בעסער ווי אַלע, בין איך אייך געקומען איינלאַדען איהר זאָלט אריינפאָהרען צו מיר, איהר וועט קיין חרטה ניט האָבען. נישט־קשה, איהר וועט מיך, ברוך השם, האָבען צו געדענקען...

מיין ווייב האָט פרייער אויפגעאָטהעמט. עס איז איהר ממש אַראָב אַ שטיין פון הארצען...

דאָס אידעל האָט דערווייל אַריינגעשטעקט זיין אונגעוואַשענע האַנד אין עפּעס אַ קעשענע און האָט מיר דערלאַנגט אָט די דאָזיגע ביזנעס־קאַרטע און איך האָב געלייענט :

„ירחמיאל גימפּעל שטאַרצענציצקעוויטשעס פוירסט קלאַס כשר'ער פאַרם באָרדינג הויז האָטעל אויף די סאַמע בערג. איז אַ כשר'ער איד פון דער היים ווי אַלע לאַנדסלייט ווייסען. אַ רעגעלער פאַרם ברוך השם מיט אייגענע עופות,

מיט אייגענע פרישע אייער, מיט בהמות און גרינצעז מיט מילך און כל טוב. גיט בה״ש גוטע בעהאנדלונג, איבער צוויי־טויזענד פוס איבער׳ן ים אריבער. העכסטער פלאץ אין די בערג, די בעסטע געזעלשאפט געזיכערט.״

איך האב געקוקט אויף דער דאזיגער קארט און געקוקט אויף מיין כשר׳ן נודניק. לויט דעם אידעל׳ס אויסזעהן איז ביי מיר קיין ספק ניט געווען, אז ער איז טאקע אן אמת׳ער פארמער מיט די ביינער. ער טראגט ממש דעם פארם אויף זיך... עס איז אויף איהם געלעגען די ערד.. „בהמות״ זיינען דאכט זיך אויך ארומ־געגאנגען.. איך בין שוין כמעט געווען ווי צופריעדען... וואס מיך האט פעראינטערעסירט אם מעהרסטען איז געווען דער פונקט אויף זיין ביזנעס־קארט „די בעסטע געזעלשאפט געזיכערט״.

— מילא, אז איהר זייט א פארמער, האב איך גענוג גרונד צו גלויבען ; אז ביי אייך פעהלען בה״ש ניט קיין בהמות, קען איך אויך פערשטעהן... איהר האט בה״ש גענוג פלאץ, וואו זיי זאלען זיך פיטערען... פון וועמען בעשטעהט אבער אייער „בעסטע געזעלשאפט״ ?

דאס אידעל האט א תם׳עוואטען שמייכעל געטהאן.

— אז איך זאג אייך די „בעסטע געזעלשאפט״, מיסטער, מעגט איהר זיך אויף מיר פערלאזען. ביי מיר זיינען ניטא קיין פראסטע באהדער. קיין בעל מלאכות אדער פעדלער קומען ניט צו מיר. איך האב בה״ש לויטער סאלון־קיפערס און גרויסע „פאליטישי־נערס״... איהר קענט ביי מיר הערען טענות וואס איהר האט נאך ביי אייער באבען אין קימפעט ניט געהערט.

איך האב געשמייכעלט אונטער די וואנסעס, דאס אידעל האט געמיינט אז איך פרעה זיך און ער האט מיר גענומען לייענען פון זיין צעטעל :

— מייק פארפעלצימעס, ער האלט א סאלון אין הארלעם.

איהר דאַרפט זעהן אַ יונג! מיט דריי קעפּ העכער פאַר אייך און אַ בויך, אַ פרייד צו קוקען. פאַרפעלצימעס איז אַ געבוירענער אַ לאָמזער, אָבער איין פּאָליטישינער. ער שטעהט ביי מיר שוין דעם צווייטען זומער.

— סעם לאַפּאַץ, — האָט מיין פאַרמער פּאָרטגעזעצט — אויך פון אַפּטאָן (אַפּ־טאַון), האַלט אַ קאָרנער סאַלון. ער קען אַלע פּאָליסלייט, ער דאַרף נור אַ פּיפּס טהאָן, לאָזט מען איהם גלייך אַריין אין וועלכען פּריזאָן ער וויל אָהן אַן ערלויבניס... אַ בחור אַ ברכה צו מאַכען אויף איהם... איז אַ פּרעזידענט אין אַ שוהל, גיט זעהר פיעל צדקה, זיינע דימענטען פערבליאַסקען די אויגען, אונזערער אַ מענש, אַ גאַליציאַנער...

דזשייקאָב קנאָבעל פון די בראָנעקס, האָט צוויי ביער סאַלונס. אַ ליטווישער איד, אָבער אַ מזיק. ער קען אַלע דיטעקטיווס. אויך אַ פּרעזידענט אין אַ שוהל, אַ מחיה מיט איהם צו פערברענגען, און אַ גאַנצער מאַכער אומעטום. ער שטאַפּט שוין ביי מיר דעם פיערטען זומער.

געצעל שטריק, גאָר אַ רייכער סאַלון קיפּער פון ברוקלין. שוין צוויי זומערס ווי ער שטאַפּט אויף מיין פאַרם און וואָלט פון מיר ניט אַוועק ווען איהר זאָלט איהם אָבגילטען... ער איז אַמאָל געוועזן אַ ספּעשעל פּאָליסמאַן, איז אַ גביר אַ איד און עסט נור כשר'ס... קען אַלע דזשאָדזשעס אין ברוקלין. וואָס ער פערשפּיעלט אין קאָרטען, וואָלטען געהאַט צוויי פאַמיליעס גענוג צו לעבען. אַ מויל, זאָג איך אייך, פלאַם פייער. אָבגעהיט זאָל מען ווערען מיט איהם זיך אָנצוהויבען... איז זעהר פרום... קען אויסטרינקען אַ פלאַש בראַנפען און זיך ניט איינשכור'ן. אַ טרעזשורער אין אַ שוהל. אַ פרעהליכער יונג, אַ פערגניגען...

— גענוג, גענוג! — האָב איך האַסטיג אויסגעשריען צום אידישען פאַרמער און האָב אויף גיך געעפענט אַ פענסטער עס זאָל

ארויסגעהן דער גרויך פון די ביער און בראנפען. איך בין שיער פער׳סמ׳ט געווארען.

— וואס איז דער מעהר מיט אייך, מיסטער? — האט מיך מיין אורח געפרעגט — איז אייך חלילה ניט גוט געווארען?

— יא, — האב איך געענטפערט — ניט גוט צום חלש׳ן, ניט גוט פון אייער „בעסטע געזעלשאפט“, איך בעט אייך, ווארפט זיך ארויס פון דאנען אזוי גיך ווי איהר קענט, ווארום איך וועל שיקען נאך א פאליסמאן.

דער „פארמער“ האט געכאפט די פיס אין די הענד און האט זיך אבגעטראגען אזוי שנעל ווי ער האט נור געקענט.

מילא, אז איך בין דעם אידעל׳ס זומער־גאסט ניט געווארען, קענט איהר זיך אליין פארשטעלען, איהר קענט זיך אבער דער־פון מאכען א בעגריף ווי די זומער־האטעלניקעס זוכען יחסנ׳דיגע געסט, כדי דורך זיי צו ציהען אן עולם. האט גראד „מיין פארמער“ ביי מיר ניט געטראפען, זאנסט אבער האט ער פאר אמעריקאנער אידישע געסט א שעהן רעשטעל „יחסנים“...

און דער דאזיגער „פארמער“ איז ניט דער איינציגער חכם פון די בערג, וואס זוכט דורך פאליטיק צו געווינען אן עולם.

אין דעם דערפעל, וואו איך האב געוואוינט, האט א כשר׳ער האטעלניק מיט אייניגע בהמות און כל טוב אבגעגעבען א ניו יארקער בטלן אומזיסט א הייזעל מיט קאפע, מיט שווייצער־קעז, מיט זויער־מילך, מיט כשר׳ע סיראוועטקע, מיט אידישע לאקס, מיט אלץ מיט אנאנדער, כדי דורך איהם צו ציהען א פרומען עולם. דער סוף דערפון איז אבער געווען, אז דער בטלן האט געלעבט א גוטען טאג און דער האטעלניק איז נעבעך געווארען ארויסגעצויגען.

די סארוועדקעס, וואס דערלאנגען צום טיש, האבען אויך אפט־מאל א טעות אין זייער פאליטיק. זיי דרעהען זיך ארום א גרויסע דימענטענע שפילקע און זשאלעווען ניט: צוויי מאל יאויך, דריי

מאָל פלייש און פיער מאָל עוף, דעם פאָדער־חלק און דעם הינטער־
חלק, זיי גיבען מיט א פולער האנד, זיך ריכטענדיג אויף א בכבוד'ען
„טיפ“ און צום סוף טראָגט זיך אָב די שפּילקע אָהן א „לעצט געלד“
און אָפטמאָל אָהן דאָס ערשטע געלד אויך...



# ראָמאַנען און ראָמאַנען-לעזער

וואָס הייסט לעזען א ראָמאַן? וואָס דאַרף מען פאָדערען פון א ראָמאַן? וואָס פאַר א מעלות דאַרף האָבען א ראָמאַן ער זאָל געפעלען די לעזער?

אין פלוג דאַכט זיך זעהר גרינגע פראַגען, אויף וועלכע יעדער איינער קען גאַנץ לייכט ענטפערן. אין אמת'ען אבער זיינען די געשמאַקען פון די לעזער גאַנץ פערשיעדען. די ראָמאַנען־העלדען און העלדינען פון אמאָל קענען ניט געווינען די לעזער פון היינט, און אפילו די היינטיגע ראָמאַנען זיינען אויך פון פערשיעדענע געשמאַקען.

די בעדינגונגען פון לעבען זיינען אנדערע, דער גאַנצער „סטראָי" פון דער געזעלשאַפט איז מאָדערנער, נייער. א בבא־מעשה, א „צענטוריע ווענטוריע", א מעשה פון „ג' אחים„ און פון „גיטקע די טוקערין" זיינען אראָב פון מאַרק.

אמאָל א ראָמאַן איז געווען א „מעשה ביכעל" אָהן א גרויסע, אינטערעסאַנטע האַנדלונג, אָהן א נאַטירליכען לעבענס־קאַמפף, אָהן ריהרענדע מאָמענטען, אָהן יענע אמת'ע גרויסע געשעהעניסען, וואָס שטעלען צוזאַמען די פערצווייפעלטע קאָנפליקטען פון לעבען, אָהן וועלכע א ראָמאַן איז קיין ראָמאַן ניט.

די „שעהנע דרעזנע" מיט'ן „פלעק הונד", וואָס האָבען געשטורעמט די מוחות און די הערצער פון די לעזער מיט א פּאָאר דורות צוריק, וואָלטען היינט ארויסגערופען א שמייכעל אפילו ביי א חדר־אינגעל.

איצט זוכט מען דעם ר אָ מ אַ ן און ניט דאָס מעשה־ביכעל. מען זוכט א האַנדלונג, א לעבעדיגע האַנדלונג, וואָס זאָל זיך לעגען

אויפ'ן שכל; וואָס זאָל זיך געדענקען; אַן ערצעהלונג, וועמעס אינטערעס עס זאָל בעפריעדיגען דעם אַרבייטער, די הויז־פרוי, דעם געשעפטסמאַן, דאָס מיידעל און דעם בחור.

דער ריכטיגער ראָמאַן, וואָס זאָל יעדען געפעלען, מוז זיין פון קאָכעדיגען לעבען גענומען, אַ קייט פון ערוואַרטעטע און אונ־ערוואַרטעטע קעמפפע. דער ריכטיגער ראָמאַן איז ניט נור אַ מיטעל צום צייט־פערטרייב, זאָנדערן אויך אַ וויכטיגע לעקציאָן ווי זיך צו פיהרען אין לעבען אום זיך ניט צו פערפּלאָנטערען אין דעם נעץ פון אונאַנגענעהמע זאַכען.

און דער ראָמאַן איז טאַקע יעצט געוואָרען דער געווינשטער בירגער פון יעדען קלאַס לעזער. ניט נור יונגע לייט, נור אפילו אַלטע מענשען געפינען אַ זעלטענעם גענוס אין לעזען דעם מאָדער־נעם, גוטען ראָמאַן און דאָס איז כמעט די ערשטע זאַך וואָס זיי זוכען אין זייער צייטונג.

אין אַ סך פאַמיליען און סתם פריינדליכע געזעלשאַפטען איז דער בעליעבטעסטער געשפּרעך וועגען די העלדען פון דעם ראָמאַן, וועלכען זיי לעזען, וועגען די פריידען און ליידען פון יענע פערזאָ־נען, מיט וועלכע דער בעגאַבטער ראָמאַניסט האָט זיי אַזוי נאָהענט בעקענט געמאַכט און וועמעס הערצער און מעשים דער דיכטער האָט אַזוי לעבעדיג פאָרגעשטעלט.

אין אַ סך פאַמיליען זיצט מען אָפט ביים טיש און מען דיסקו־טירט וועגען דעם שיקזאַל פון די ראָמאַן־פערזאָנען און ניט זעלטען כאַפּט דער שרייבער אַ פאַרציע קללות, וואָס ער הרג'עט פּלוצלינג אוועק אַ געוויסען „ער“ אָדער „זי“ דאַכט זיך אומגעריכט.

— איהר ווייסט, מיסעס לאַקשיצקי, — שרייט אַ ווייבעל, הענגענדיג די וועש, צו אַ שכנ'טע איבער'ן וועג — איהר ווייסט, פרעדריקא איז דאָך שוין טויט!

— אפשר? ! — שרייט אוים מיסעס לאַקשיצקי צושראָקען, אַראָבוואַרפענדיג אויף דר'ערד פּאַר אויפרעגונג דעם מאַנ'ס „אונ־

טערשטע" במחילה, וואָס זי האָט געהאַלטען אין מיטען אויפהענגען אויפ'ן שטריק.

ווען אימיצער וואָלט געהערט דיזען געשפּרעך, וואָלט ער געמיינט, אַז דאָ האָט חלילה עפּעס פּאַסירט אַן אונגליק אין דער משפּחה, אָדער ביי אַ נאָכבאַר; אַז „פרעדריקאַ" איז דאָ אימעצענט אַ שוועגערין, אַ שוועסטער, אַ מוהמע, אָדער סתם אַ גוטע פריינדין, אין אמת'ען אָבער איז פרעדריקאַ אַ נקבה פון דעם ראָמאַן, וואָס דיביידע ווייבער לעזען און זיינען שרעקליך פעראינטערעסירט אין איהר לאַגע.

— נישט קשה, עס איז דאָ אַ גאָט אין הימעל! — שרייט אוים אַן עלטערע אידענע, אַ פרומע — איך האָב געוואוסט באַלד ביים אָנפאַנג, אַז גאָט וועט איהם ניט שווייגען, אַזאַ פאַלשער מענש! אַזאַ לומפּ!...

— וואָס איז? ער האָט שוין אָנגעלעגט מיט'ן קאָפּ? — פרעגט אַ בכבוד'ער איד אין אַ יאַרמולקע.

— וואָס דען? — ענטפערט די אידענע מיט שטאָלץ — שווייגען וועט מען איהם? אַזאַ הולטאַי! מאַקסינאַ'ס ברודער, גראַף לאַכמאַדריצקי, האָט איהם דערשאָסען ווי אַ הונד...

אָט אַזאַ מין געשפּרעך הערט מען אָפט אין אַ שעהנע אידישע פאַמיליע פרייטאַג צו נאַכט ביים טיש. דער מאַן און די ווייב, ביידע לעזען אַ ראָמאַן און פערשטעהען זיך שוין אויפ'ן וואונק. זיי קענען שוין אַלע צדיקים און אַלע רשעים פון יענער געשיכטע און היטען מיט אונגעדולד יעדע בעוועגונג פון יענע מענשען. זיי סימפּאַטיזירען מיט די אונשולדיגע און פערדאַמען די פאַלשע, די אינטריגאַנטען.

אין נאָרפאָלק סטריט, ניו יאָרק, דערצעהלט מען, האָט צוליעב אַ ראָמאַן פּאַסירט אַזאַ מין זאַך: דער פרוי, אַ געוויסע מיסעס מאַקס, האָט זיך גע'חלום'ט, אַז גראַף פּאַטעלקישאָק, אָדער ווי ער האָט דאָרט געהייסען, האָט געקוילעט זיין געליעבטע, די שעהנע

ראָזאַליע, וועלכע איז געווען זיס, יונג און אַנשטענדיג. די מיסעס מאַקס איז אויפגעשפּרונגען פון שלאָף אַ צומישטע און גענומען וועקען איהר מאַן, מיסטער מאַקס, ער זאָל רופען אַ פּאָליסמאַן צו אַרעסטירען דעם גראַף.

מיסטער מאַרקס האָט געמיינט, אַז זיין ווייב איז משוגע געוואָרען און עס האָט געדויערט אַ רעכטע ווײַלע ביז מען האָט זיך צוזאַמענגערעדט און אויסגעפונען וואָס דאָ טהוט זיך.

מיסעס מאַקס׳ אַלטע מאַמע, וואָס האָט געשלאָפען אין „קיך“ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון די קולות און פּותר חלום געווען, אַז אַלץ וועט גוט זיין, ראָזאַליע וועט נאָך אם ירצה השם לאַנג לעבען...

דיעזע אַלע זאַכען זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען אַלס אַ בייר־שפּיעל ווי ווייט דער עולם איז פּעראינטערעסירט אין ראָמאַנען.

ניט לאַנג צוריק, האָט דער שרייבער פון דיעזע ציילען געהערט, האָבען זיך אַ חתן־כלה פּערוועט וועגען די ענדע פון אַ געוויסען ראָמאַן. דער וועט איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס ווען עס וועט זיין ווי די כלה זאָגט, זאָל דער חתן מאַכען די חתונה אין אַ געוויסען גרויסאַרטיגען האָלל אויף זיין אייגענע הוצאות און די כלה האָט געוואונען.

דער חתן האָט אפילו פּרובירט צו זיין אַ „חכם“, אָבער עס האָט איהם ניט געהאָלפען. זיין כלה איז געווען אַ גרעסערע קענערקע אויף ראָמאַנען — און האָט געוואונען די וועט.



# קריסטמעס

די פּאָרטגעשריטענע מענשהייט פון דער גאַנצער ציוויליזיר־טער וועלט האָט געשטורעמט געגען דעם סקאַנדאַליעזען טויטען־אורטהייל איבער פּראָפעסאָר פראַנציסקאָ פעררער, וועמען די שפּאַנישע רעגיערונג האָט קאַטוילישע־אינקוויזיטאָריש אומגעבראַכט.

פעררער האָט ניט געלאָזט די קירכע הערשען איבער די פּאָלקס־שולען און זי האָט איהם דערפאַר עפענטליך געשאָסען.

איהר קעניג'ל אַלפאָנזאָ האָט אונטערגעשריעבען דעם גזר־דין און די גאַנצע ערד האָט אַ ציטער געטהאָן.

פראַנקרייך, איטאַליען, דייטשלאַנד און ענגלאַנד האָבען וועלטען געקעהרט, ריעזיגע גאַס־דעמאָנסטראַציעס געמאַכט, זייערע פּאַרלאַמענטען געשאָקעלט און פּראָטעסטען געהויבען. זיי האָבען געטרייסעלט זייערע מעכטיגע פויסטען געגען פּאַבסט, דעם פונדאַ־מענט פון וואַטיקאַן געסטראַשעט.

אייראָפּאַ האָט געשוידערט, טהראָנען האָבען זיך געוויעגט, ווי אַ בלאַט אין אַ שטורם־ווינד האָט די קירכע געפּלאַטערט, דאָך אַמעריקאַ האָט געשוויגען. „געלע“ בלעטער האָבען געמאַכט דערפון אַ סענסאַציע צו כאַפּען לעזער. בלויז דער איינגעוואַנדערטער עלעמענט האָט ניט געקענט רוהען און האָט אויך בעוועגט איינצעלנע פּראָמינענטע אַמעריקאַנער צו פערדאַמען די אַלטע צלם'ניצע שפּאַניען פאַר איהר ניעדערטרעכטיגען אורטהייל געגען דעם גרויסען פּאָלקס־לעהרער.

אַמעריקאַ האָט געשלאָפען. די אָפיציעלע אַמעריקאַ אין וואַשינגטאָן האָט געבראָפּעט אויפ'ן קול. זי האָט זיך אַריבער־

געדעקט מיט דער פּאָליטישער קאָלדרע איבער׳ן קאָפּ, אפילו די אויערען בעהאַלטען...

איז דאָס אָבער אַ וואונדער?

ליעגט ניט אינדירעקט די היגע פאָלקס־בילדונג אין די שווארצע לאַפּעס פון גלחים און קריסטליכע מיסיאָנערען? האָט זיך דאָ ניט איינגעפרעסען דער צלם אין דער כריסטאָמאַטיע ווי אַ קרעפּס? שטעהט ניט דער גלח מיט אַ „טרפה־פּסול" איבער די יוגענד און רעגיערט ניט דער מיסיאָנער איבער די בילדונגס בעאַמטע און איבער די לעהרער פון אונזערע פאָלקס־שולען?

געהט אויף אַ משיקאַוועסט אריין ערב קריסטמעס אין אַ היגע פאָלקס־שול און זאָגט אויב איהר זייט ניט אין אַ קירכע, וואו מען „בליעקעט" תיפלה־מזמורים, מען שפּיעלט צלם־תפילות און מען קאַיכט למנצח׳ס פאַר יעזוס׳ען!

אַ גאַנצען חודש פאַר „גאָט׳ס געבורטסטאָג" לערנט מען שוין די „פרייע" אמעריקאַנער קינדער אין די פאָלקס־שולען חזר׳ן נאַרישע „הללויה׳ס", פּאַטשען אין די הענד פאַר שמחה מיט קרים־טוס׳ען, שפּרינגען „קדושות" און זאָגען פּאַטשערעס!

ווער וועט דאָס וואגען אָבצולייקענען?

קינדער פון אידישע עלטערן, קינדער פון פריידענקער מוזען זינגען הייליגע ליעדער פון אַ פערגעטערטען שטאַל, אין וועלכען אַ בתולה האָט געבראַכט גאָט אויף דער וועלט און מלאכים זיינען געקומען אין שטאַל „קריאת שמע" לייענען, פּאַטשען מיט די פליגעל און זינגען שירה...

דאָס ווערט פּראַקטיצירט יאָהר־איין, יאָהר־אויס אין די בלומרשט פרייע שולען פון דיעזער רעפּובליק און עס איז ליידער ניטאָ קיין פראַנציסקאָ פעררער, וואָס זאָל בעפרייען די אמעריקאַנער פאָלקס־שול פון דער קירכע, — און וואָלט ער יאָ געווען, וואָלט מען איהם אפשר אויך געשאָסען, פּונקט ווי אין שפּאַניען.

ניִשט־קשה, מיר האָבען ריכטער אין אַמעריקאַ און די פּאָלי־טישענס וועלען ניט איינרייסען מיט'ן צלם...

אין דיעזען זין זיינען די היגע פּאָלקס־שולען פערמאַסקירטע מיסיאָנערען־הייזער. אין אַ סך פון די שולען מוזען די קינדער אַלע אין דער פריה "זאָגען ברכה" לויט דעם נייעם טעסטאַמענט.

די בילדונגס־בעאַמטע צווינגען אפילו די אידישע לעהרער פון די פּאָלקס־שולען צו זינגען מיט די קינדער קריסטמעס־הימנעס. ווי פּיינליך דאָס מוז זיין פאַר אַ אידישען לעהרער צו בעגייסטערען אַדישע קינדער, פרייע אַמעריקאַנער קינדער פאַר'ן קריסטענטהום אין אַ פּאָלקס־שול, אויפגעהאַלטען פון טעקסעס פון אַ פרייען פּאָלק!

מען שרייט געגען „ווייסע שקלאַווערײ", געגען די געזונקענ־הייט פון מאָראַל; מען פערדאַמט די הענדלער פון דעם דאָזיגען האַנדעל און מען זוכט מיטעל געגען זיי; האָט שוין ווער אַ טראַכט געטהאָן וועגען די פערגוואַלדיגטע געוויסענס־פרייהייט פון אַ אידישען לעהרער פון אַ פרייע אַמעריקאַנער פּאָלקס־שול, וועלכער איז געצוואונגען צו אונטערריכטען זיינע שילער, אידישע שילער דערצו, אין קריסטליכע זאַבעבאָנעס, אין נאַרישע, אונזיניגע חלומות, אויסגעטראַכט פון האַלב־משוגענע אַזיאַטען מיט צוויי־טויזענד יאָהר צוריק?

האָט שוין ווער אַ טראַכט געטהאָן וועגען אונזערע בילדונגס־בעאַמטע, וואָס צווינגען דעם פּאָלקס־לעהרער צו זינדיגען געגען זיין געוויסען, געגען די קאָנסטיטוציע פון לאַנד און געגען דעם פרייען ווילען פון דענקענדע, טעקסעס־צאָהלענדע בירגער?

ניט נור אידען אַליין זיינען ערבּיטערט איבער די פרעכהייט פון אַמעריקאַנער גלחים, וואָס רוקען זיך אין דער פּאָלקס־שול; וואַהרהייטס־ליעבענדע קריסטען ווילען דאָס אויך ניט לײדען. זיי צאָהלען שול־טעקסעס, מען זאָל זייערע קינדער בילדען, אָבער ניט פערדומען. זיי ווילען ערציהען זייער יונגען דור אַלס מאָדערנע, נייע, היינטיגע מענשען, אָבער ניט אַלס האַלב־ווילדע אַזיאַטען מיט

פערטשאַדעטע קעפּ פון צווייפעלהאַפטע געטליכקייט. זיי ווילען זייערע קינדער זאָלען קענען די ערד און איהרע מענשען, אָבער ניט קיין אויסגעטראַכטען „הימעל“ מיט פאַנטאַסטישע וועזענס, וואָס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען...

איין קריסט אַזעלכען האָב איך אַליין געהאַט די עהרע צו קענען און בין זעהר שטאָלץ אויף דעם.

מיט אייניגע יאָהר צוריק האָב איך געוואוינט נעבען ניו יאָרק אין איין הויז מיט אַן אירלענדער קריסט, אַן איינפאַכער טאָג־לוינער. איך ווייס ניט אויב ער האָט געקענט אונטערשרייבען זיין נאָמען, איך ווייס אָבער אַז ער האָט געהאַט אַ נאָמען און פערדיענט זיין נאָמען זאָל בלייבען. מיסטער פּאַטריק האָט ער געהייסען. די שכנים האָבען איהם געקענט פאַר אַ קלוגען, עהרליכען מענשען. זיין ענגליש איז אָפט געוועזען פעהלערהאַפט, אָבער זיינע געדאַנקען גראַמאַטיקאַליש; זיין וויץ אַ געזונדער און זיין שכל גלייך ווי אַ סטרונע.

דיעזער אירלענדער — ער איז שוין אַ שוכן עפר, איז אַראָב־געפאַלען פון אַ נייעם מויער, וואו ער האָט געאַרבייט און געבליבען טויט אויפ'ן אָרט — יאַ, דיעזער זעלטענער אירלענדער פלעגט אָנזאָגען זיינע קינדער, זיי זאָלען ניט זינגען אין „סקול“ קיין „קריסטמעס סאָנגס“. אויסער דעם פּאָעט־פילאָזאָף פריעדריך ניעטשע, ווייס איך ניט אויב קריסטענטהום האָט געהאַט אַ גרעסע־רען שונא.

איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען ווי מיסטער פּאַטריק האָט אַמאָל אין אבענד צוגערופען זיינע צוויי מיידלעך און האָט זיי געגעבען אַ לעקציע אין קריסטליכקייט.

— הערט אויס, קינדער! — האָט ער געזאָגט — ווען איך וועל זיך דערוויסען, אַז איהר האָט געזונגען אין סקול סאָנגס פאַר יעזוס קריסטוס, וועל איך זיין בעז ווי אַ שוואַרץ יאָהר. איך בין קריסטוס'עס גרעסטער שונא. איך האָב פיינד אַ שלעכטען בעל־

מלאכה, אַ „קאַליקע", און יעזוס איז געווען אַ וויסטער, פינסטערער קאַליקע, אַ „באַמשער".

„איהר דאַרפט וויסען, קינדער," — האָט ער ווייטער געזאָגט — „אַז קריסטוס איז געווען אַ קאַרפּענטער (סטאָליאַר), ווען ער וואָלט געווען אַ רעכטער בעל מלאכה און אַ „סטאַטיק", וואָלט ער ניט געזוכט צו ווערען אַ גאָט... אַ גוטער קאַרפּענטער קען מאַכען אַ לעבען אָהן געטליכקייט... ער איז אָבער געווען אַ פוילענצער און אַ פּאַרטאַטש. ווען ער וואָלט איצט געלעבט וואָלט ער ניט געקענט ווערען קיין מעמבער אין די קאַרפּענטער'ס יוניאָן, ווען ער וואָלט אפילו געגעבען טויזענד דאָלאַר פאַר אַ יוניאָן־ביכעל, ווייל ער איז ניט געווען קיין גוטער „מעקעניק"... אַ סקעב איז ער אָבער יאַ געווען און דוקא אין אַ פרעמדען „טרייד" (פאַך). גאָט איז עפּעס דאָן ניט געווען אויף „גוטען פוס" מיט דער וועלט, גאָט האָט געבעטען אַ „רייז אין די ווייזשעס" און די וועלט האָט זיך עפּעס געקווינקעלט, האָט ער, קריסטוס, זיך אונטערגערוקט און פערכאַפּט דעם „דזשאָב"... ער האָט אָבער קאַליע געמאַכט די אַרבייט. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז ער נאָך אַן ערגערער גאָט ווי אַ קאַרפּענטער... דערצו איז ער געווען אַן עם הארץ: אַ קאַרפּענטער דאַרף כאָטש קענען אביסעל רעכענען און ביי איהם איז געווען ד ר י י און א י י נ ס איין טייוועל... דאָס בעסטע אין איהם איז דאָס, וואָס ער איז געווען אַ איד, איז ער אָבער געווען אַ ש ל ע כ ט ע ר איד, די אידען האָבען איהם פיינד געהאַט, און אַז אידען האָבען איינעם פיינד, טאָ זייט זיכער אַז ער איז ווערטה אַ זעץ אָן דר'ערד!... אידען זיינען קלוג און דער, וואָס קען ניט אויסקומען מיט קלוגע איז אַ טויגעניכטס. אָט וואוינען מיר שוין מיט אַ אידישע פאַמיליע אין איין הויז איינינגע יאָהר און הלואי ווייטער, קיינער פון אונז איז נאָך קיין גאָט ניט געוואָרען, אַ בעוויז, אַז מיר זיינען מענשען... בכן זאָג איך איך אָן, בעזינגט מיר ניט דעם קאַרפּענטער! אין בעסטען פאַל האָבען מיר איצט

בעסערע בעלי־מלאכות און גוטע יוניאָן־לייט דערצו, וואָס קריכען ניט אויף פרעמדע קברים...

„זיין מאמע — זאָגט מען — איז יא געווען א שעהן מיידעל, אבער דער עולם האָט געמורמעלט... א מיידעל, וואָס דארף חתונה האָבען מיט א מאַן פון איבער די וואָלקען, איז מיר ניט געפעלען... סאי ווי סאי האָט זי געהאט א פערזעהענים, דען אפילו ווי זיינע חסידים שרייען, איז ער אויך קיין „מענש" ניט געווען... און אז איינער איז קיין „מענש" ניט, מעג ער אפילו זיין א גאָט, טויג ער אויך ניט...

„זאָלען זיך די בילדונגס־בעאַמטע פערדרעהען זייערע קעפּ מיט זייערע הימנעס! זאָלען זיי זינגען, אויב זיי איז גוט אויפ'ן הארצען! איהר זייט קינדער פון אַן אָרעמען יוניאָן־מאַן און דארפט זיך ניט פרעהען מיט קיין „אויבערשטען"..."

אָרעמער פּאַטריק! ווען ער וואָלט געווען געבילדעט, וואָלט ער געווען א פערדער...



# חריין

די ביטערניס פון אידישען סדר.

דער פסח וואָלט געווען א גאַנץ שעהנער יום־טוב, א גאַנץ פיינער יום טוב, א גאַנץ וואוילער יום טוב, ווען ניט די חריין.

איך וואָלט שוין אפילו מוחל געווען די הכשרים פון די „גאונים" מיט די מצה־פאַרפעלעך פון פאַר־א־יאָהרען, מיט די כשר'ע, גאונ'ישע מילבען, וואָס קריכען דאָרט ארום; מיט די אייער־מצה, וואָס האַלטען זיך אין בעהינדלען, אבי מען זאָל מיר צונעהמען די חריין. אם ווענינגסטענס די פערשיעדענע חריין־מאכלים, און מיר איבערלאָזען צום סדר נור איין זאָרט חריין און גענוג. זאָל זיך דאכטען, אז איך לייען א דעקאדענטישע פּאָעזיע...

פון וועלכען שטאַנדפּונקט איהר זאָלט דעם פסח נעהמען, געפעלט ער מיר אלץ. ער געפעלט מיר אלס פריהייטס־יום־טוב, אָדער אלס פריהלינגס־יום־טוב—ער איז שעהן, „שעהן ווי די וועלט", ניין, שעהנער ווי די וועלט... האָבען זיי מיר אָבער דערלאנגט א פּאַרציע מיט חריין, אז איך חלש אוועק.

געשניטענע חריין, געריבענע חריין, „מרור", „כרך" און חזיר'יי אָדער „חזרת" און סתם חריין, אז עס איז געוואָלד צו שרייען.

פערפאַלען! א איד טאָר ניט קיין הנאה האָבען פון זיין לעבען.

האָסטו א פסח, טאָ נאַ־דיר חריין; האָסטו א שבועות, טאָ נאַ־דיר א תורה... עס איז ניט אויסצוהאַלטען מיט די אידישקייט און וואָס פאַר א מחותן חריין איז מיט'ן פאָלק ישראל, וויים איך ניט.

נור שא, איך האָב זיך קוים דערמאָנט פאַרוואָס מיר עסען חריין, דאָס איז דאָך א „זכר“, דאָס דערמאָנט אונז ווי ביטער אונז איז געווען ביי פּרעה'ן אין מצרים, ווי מיר האָבען געארבייט „בחומר ובלבנים“, ווי מיר האָבען געמוזט טראָגען ציגעל און קנעטען ליים. דערפאַר עסען מיר דאָס חריין, כדי מיר זאָלען ניט פערגעסען יענע אַלטע, היסטאָרישע ביטערקייט.

שאט! לאָזט זיך מיר נור אקאָרשט דערמאָהנען!

וואָס האָבען מיר דאָס אייגענטליך דאמאלס געבויט אין מצרים? הא?... דאכט זיך, פּתום און רעמסס. וואָס זיינען דאָס געווען פאַר געביידען? דאכט זיך פּיראַמידען רופט מען זיי.

וואָס מיינט דאָס פּיראמידען?... דאָס זיינען געווען א מין קברים... מיר האָבען דאָס דאן געבויט די קברים פאַר די עגיפּטישע טיראַנען...

א שעהנע שטיקעל ארבייט!

אזא פּסח אויף מיר, וואָס פאַר א נויטיגע מלאכה די אידען האָבען דעמאָלט פעררינכט אין מצרים! זיי האָבען בעגראָבען די עגיפּטישע הערשער...

זיי זיינען, הייסט דאָס, געווען א מין „בונדיסטען“, ווי מאַנכע יונגע אידען אין רוסלאנד. דער אונטערשיעד איז נור, וואָס אין רוסלאַנד האָבען זיי געבויט פּאַפּיערענע, שריפטליכע פּיראַמידען און אין מצרים — שטיינערנע. אבער אַלץ איינס קברים צו בע־גראָבען טיראַנען... אפילו שפּיאָנען האָבען זיי דעמאָלט אויך געהאַט... דען ווען משה האָט גע'הרג'עט אַן עגיפּטישען שווארץ־מאה'ניק און האָט איהם בעגראָבען אין זאמד, האָבען דאָס די שפּיאָנען באַלד אויסגעזאָגט אויף איהם און ער האָט געמוזט אַנט־לויפען נאָך מדין.

איז דאָך ווידער א קשיא: צו וואָס דאַרף מען חריין אויף פּסח?

מאַכען קברים פאַר דעספּאָטען איז דאכט זיך די זיסעסטע

שטיקעל ארבייט אין דער וועלט. קברים פאר מיראנען, מיין גאט! דאס איז דאך קענדי, צוקערלעך, אבער ניט קיין חריין... חריין איז דאס געווען פאר די פרעה'ס, פאר די בלוט־זויגערס, אבער ניט פאר די אידען...

אז אסור זאל מיר זיין!

מיך וואלט ניט ארען ווען איך וואלט געמוזט עסען די חריין מיט פיש אדער מיט פלייש; אבער סתם נעהמען הוילע חריין און גריזשען, אדער שלינגען, דאס איז ווירקליך געווען א העזה פון בעל הסדר צו הייסען. דען ניט אלע זיינען ווי בינום דער בימערער.

ביי אונז אין שטעדטעל איז געווען א פרומער איד, א פרוש, בינום דער בימערער האט מען איהם גערופען, ווייל זיין גאנצער לעבען איז געווען איינגעטונקט אין בימערנים.

ער פלעגט שמעקען טאבאק, רויכערען א ליולקע, עסען ציבעלע, קנאבעל, רעטעך, חריין, געקאכטע עסענס פלעגט ער ליעב האבען שטארק געפעפערט. „דאס איז א סימן גלות" — פלעגט ער זאגען — „זייט דער בית המקדש איז חרוב געווארען, טאר דער איד קיין הנאה ניט האבען פון זיין לעבען, טאר ער זיך ניט אנטהאן קיין תענוג און ניט עסען קיין זיסע זאכען"...

זעלבסטפערשטענדליך, אז צום צוקער־טראסט, וואלט בונים דער בימערער ניט געקענט בעלאנגען... און אפילו קיין „קענדי־סטארקע", עס הייסט, קיין קרעמעל פון צוקערקעס, וואלט ער אויך ניט געקענט האלטען, אבער אזעלכע אידען ווי מיר, למשל, וואלטען יא געקענט פערדיינען, אלס אן איבערבייט, א ביסעל זיסקייט אויך, קומט דער „סדר" און קארמעט אונז מיט חריין.

און דאך, ווען איך קוק אריין טיעפער אין דער געשעהענים פון די אידען אין מצרים, זעה איך, אז צו זיס איז זיי דארט ניט געווען, אז זיי האבען דארט געארבייט א מין „ציעל ארבייט", ווי די מענער־שניידער אין ארטשארד סטריט, און קיין שטרוי צו די ציעגעל האט מען זיי אויך ניט געגעבען, זיי האבען דאס געמוזט

געהן אליין צונויפקלייבען און די צאהל ציגעל האבען זיי פון ד׳עסט־ וועגען געמוזט מאכען.

אט אזוי איז דאס נעבעך געגאנגען מיט די ציגעל־מאכער, די „בריקלייערס“, די מויערער, האבען אויך קיין בעסערע מערכה ניט געהאט. ווען זיי האבען ניט אויסגעמויערט א געוויסע, בעשטימטע צאהל, האבען זיי דארטען געמוזט ארייננמויערען זייערע קינדער.

ניט אומזיסט בעהויפּטעט דער פילאזאפישער היסטאריקער טהאמאס באקעל, אין זיין בעריהמטע „געשיכטע פון ציוויליזאציאן אין ענגלאנד“, אז עס האט דאן געהערשט אין מצרים דער ערגסטער זארט שקלאפעריי אין דער מענשליכער געשיכטע.

„געלעהרטע און היסטאריקער — זאגט באקל — בעהויפּטען, אז די פּיראמידען פון אלט־עגיפּטען זיינען א צייכען פון ציוויליזא־ציאן, איך זאג אבער, אז זיי זיינען א היסטארישער דאקומענט, וואס ווייזט אן אויף דער שרעקליכער שקלאפעריי. ווען זיי וואלטען דעמאלט ניט געהאט פאר א משך פון הונדערטע יאהרען אזוי פיעל אומזיסטישע שקלאפען, וואלט עס די מדינה אבזאלוט ניט געקענט בעשטעהן צו פערוועדען אזוי פיעל מענשליכען פליים, מענשליכע ענערגיע און צייט אויף אזא אונניציגע, איבריגע זאך, ווי פּירא־מידען, וועלכע האבען דעם לאנד זאנסט גאר ניט גענוצט, ניט פינאנציעל, ניט מאראליש און ניט צו קיין אנדער פּארטהייל.

באקל דערצעהלט, אז ארבייט איז דארט דעמאלט געווען אזוי אומזיסט, אז די עגיפּטישע טיראנען האבען געקענט בעשטעהען צו לאזען הונדערטע מענשען זאלען טראגען איין גרויסען שטיין צו די פּיראמידען עטליכע צעהנדליג יאהר נאכאנאנד.

— דאס איז אלץ געשעהן דערפאר — זאגט באקל — ווייל די מענשען האבען זעהר וועניג געדארפט אום זיך אויפצוהאלטען. דער נילוס טהאל — וואו די פּיראמידען שטעהען — איז זעהר פעט און פרוכטבאר, די ערד האט גאר אהן שום מיה און מאטערנים ארויסגעגעבען אלע נויטיגע פּראדוקטען צום לעבען. ווארם איז

דאָרט אַזוי, אַז די מנעשען קענען געהן האַלב נאַקעט, נון, האָט מען געקענט בעשטעהען צו לאָזען בויען „פּתום ורעמסס“. עס האָט גאָר ניט געקאָסט.

פּרעה האָט גאַנץ גוט געקענט בעשטעהען צו לאָזען איינ־מויערען די קינדער פון די אידישע שקלאַפען אַלס אַ שטראָף, דען וועלכען בעטרעף האָט דאָרט געהאַט אַ קינד? דאָרט, וואו האָרע־ווען אַ קינד קאָסט מיה און געלד איז אַנאַנדער זאַך; אין דער וואַרעמער, פרוכטפולער מצרים אבער איז געווען אַלץ אין איבער־פלוס, און אַ אידענע איז זיך געלעגען אין קימפעט פאַר תענוג, האָט מען טאַקע געקינדעלט ווי אין פסוק שטעהט: „ובני ישראל“ (און די קינדער ישראל) „פרו“ (האָבען זיך געפרוכפערט) „וישרצו“ (און האָבען זיך „געווידמעט“), „וירבו“ (און האָבען זיך קיין עין הרע, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט זיין — געמעהרט), „ויעצמו“ (און האָבען זיך גאָר געוואַלדיג געשטאַרקט און געמעהרט, אַז עס איז געווען אַ גוואַלד שבגוואַלד, גוואַלד), ותמלא הארץ אותם“ (אַז עס איז ממש ניט געווען אויסצוהאַלטען פון זיי, אַזוי האָבען זיי זיך אונבעשריען געפלאָדעוועט...).

די אונטערשטע שורה איז, אַז די ביטערקייט אין דעם אידי־שען סדר איז ניט אין גאַנצען אויסען ווענ. און אויב מיר עסען ניט די חריין צוליעב די ביטערקייט פון אמאָל, מעגען מיר דאָס עסען צוליעב די ביטערקייט פון היינטיגער שקלאַפעריי, וואָס מען קען אויך ניט אוועקמאַכען מיט דער האַנד.

אויב די איינגעמויערטע שקלאַפען־קינדער פון מצרים איז ניט ניט מעהר ווי אַ לעגענדע, דאַן זיינען די איינגעמויערטע קינדער פון היינט אַ פאַקט... וועלכער ארבייטער מויערט דאָס ניט אַריין זיינע קינדער אין דעם רייכען'ס גליק און פערגניגען?

נישט־קשה, דער בעל הסדר האָט געוואוסט וואָס ער טהוט, מיר מעגען עסען חריין, אויב ניט צו דערמאָנען זיך אָן די ביטער־קייט פון אַמאָל, איז צו געדענקען די ביטערנים פון היינט...

# עפּיגראַמען

### גיעב

גיעב דיין טייסטער, אויך דיין האַרץ!
גיעב דיין כוח און דיין גלויבען!
פוי! די ערד איז שלעכט און שוואַרץ,
אָבער ליכטיג איז דאָס אויבען...

### פרומע קעשענעס

די קעש'נעס פון די פרומע,
זיי זיינען ניט קיין שטומע...
זיי האָבען ניט קיין צונגען,
דאָך ווערט אין זיי געקלונגען,
זיי מאַכען אַ געטימעל,
וואָס גרייכט אַזש ביז אין הימעל...

### אַ מאָדנע שפּיעל

דאָס שפּיעל פון גלויבען איז כדאי,
עס ברענגט די שפּיעלער גליק,
נו, פרעגט זיך אָבער סיי ווי סיי:
וואָס איז דאָס פאַר אַ שטיק?

עס האָט קנאַפּ ערנסט און פיעל שפּאָט,
און ווייניג־וואָס געפיהל,
עס לאַכט פון מענש, עס חנפ'עט גאָט,
עס איז אַ מאָדנער שפּיעל.

## א אידישער שפּיטאָל

מיר זיינען עלענד, זיינען קראַנק,
מיר שמאַכטען נאָך ישועות.
מען היילט אונז — שרעקליכער געדאַנק! —
מיט קריסטליכע רפואות...
עס מינטערען מיט גיפט און גאַל
אונז הערצער, וועלכע זידען
מיט פינסטער־טמא'ן שטרעבען.
האַלט אויף דעם איד'שען האָספּיטאַל!
דער איד קען צווישען אידען
נור אויפהאַלטען זיין לעבען...

## דער דאָלאַר

דער דאָלאַר איז דער גרעסטער קענער,
ער דאַרף קיין אוניווערזיטעט, —
קוים עפענט ער דאָס מויל און רעדט,
פערזאַמלען זיך די גרעסטע מענער.

## די גאָלדענע קייט

פערצייטען האָט די גאָלד'נע קייט
דעם עדלען ריטער נור געקליידט,
וואָס האָט פאַר עהרע און פאַר רעכט
געשטעלט זיין לעבען אין געפעכט.

דאָך איצטער ציערט די קייט פון גאָלד
דעם לומפּ, וואָס האָט נור שקר האָלד,
וואָס לעבט פון פרעמדע האָב און גוטס,
און דיענט אויף דעם אַלטאַר פון שמוץ.

## חשך

גוטע זייגערס ווייזען גוט,
דאָך זיי האָבען זייער נגע,
דען ס׳איז אימער אַ מינוט,
אַ סעקונדע צי אַ רגע
זייער אונטערשייד מגלה.
און דו ביזט זיי חושד אַלע...

## ניט אַלע טרערען

ניט יעדען וויינער דאַרפסטו הערען,
דען מאַנכער גיסט דאָס ציב׳לע טרעהרען,
גאַר אָפט צוּאוויינט זיך עס דער ליעגען,
אום דיין רחמנות צו בעטריגען.

## מען מוז פערשטעהן

מען מוז לערנען צו פערשטעהן
אָפט דעם ווערטה פון קליינע זאַכען,
און ניט זוכען צו פערלאַכען
אַלץ, וואָס אונז ערשיינט צו קליין.

## שלום בית

ליעב די יויך און ליעב די קיטקע,
און עס וועט דיין יענטע גיטקע
שוין פערגעסען און פערגעבען
טויזענד עולות דיר אין לעבען.

## אונזערע העהנער

עס קרעהט ביי אונז א „האָהן“
ביי יעדער אויבען־אָן;
אויף יעדער בערגעל מיסט —
און קרעהט אונז ניט אומזיסט...

## קונסט און לעבען

קונסט און לעבען געה׳ן צוזאַמען,
קענסט זיי ניט צושיידען.
דיען געטריי זייביידען,
און דו דאַרפסט ניט קיין רעקלאַמען.

## שרעק זיך ניט

שרעק זיך ניט פאַר די וואָס פלאַמען!
גלויב ניט, קאַלטקייט איז א „גאַנג“,
קאַלט און שטיל איז אויך די שלאַנג,
און זי קען דיך דאָך פער׳סמ׳ן.

## פאַלשע קושען

זיי קושען זיך דעם קוש פון „שלום“,
פון ליעבע און פון זיסען פריעדען,
דאָך זיי׳רע טרפה הערצער זידען,
דען זייער קוש איז נור א חלום.
זיי קושען זיך אַזוי זייט יאָהרען
און שלום איז נאָך ניט געבאָרען.

## באַרג אַראָב

ניט שטענדיג געהט דאָס אַרויף
צום באַרג'ס פערשפּיצטען קאָפּ,
עס הערט דאָס קלעטערען אויף,
דאַן געהט דאָס באַרג אַראָב...

## צום אַקטיאָר

מעגסט זיין אַ קינסטלער פון נאַטור,
יאָ, פאַר דער ביהנע נור געבאָרען,
ווערט דאָך דיין גרויסע קונסט פערלאָרען,
ווען דו מוזט שפּיעלען קאַריקאַטור.

ווען אין דיין ראָלע לעבט אַ ציעל,
דער הויכער ציעל פון קונסט און אמת,
טאָ זוך קיין יחוס, פרעג ניט „וועמעס“?
שטודיר דאָס איין, טרעט אויף און שפּיעל!

דו זוך נור פאַרצושטעלען דאָס,
וואָס ריינע קונסט האָט דיר געגעבען,
דיין יעדער שטריך זאָל זיין פון לעבען,
ניט פאַלשעווע זיין ריכט'גע מאָס!

דעם העלד, וואָס לעבט אויף דעם פּאַפּיר,
מוזטו ערשט שאַפען אויף די ברעטער,
דו מוזט אַרויסהעלפען די געטער,
דו שאַפסט מיט זיי און זיי מיט דיר.

### שמוץ און פּרנסה

מיסט איז אַ פּאַסקודנע זאַך,
ערגער'ס קען נישט געבען,
דאָך בעשעפעניסען אַ סך
מאַכען דאָרט אַ לעבען.

ד'רום בלייבט שמוץ אָפט אויף אַן אָרט
ליעגען פריי און יירען,
יענע, וועלכע לעבען דאָרט,
לאָזען דאָס נישט ריהרען...

### נאָמען און איבערצייגונג

אַ טיש איז נישט אַ פּיש,
דער נאָמען זאָגט דאָס די מינוט,
דאָך אויב דער פּיש איז פריש,
און אויב דער טיש איז שטאַרק און גוט, —
דרויף מוז דער נאָמען שווייגען,
מען דאַרף זיך איבערצייגען.

### גלייכע זאכען.

וואו אַ קירכע דאָרט אַ זומפּ,
וואו אַ קעניג — דאָרט אַ לומפּ;
וואו אַ געלד־זאַק דאָרט אַ שלאַנג;
וואו אַ הערשונג — דאָרט אַ צוואַנג;
וואו דער יאָך — אַ, דאָרט די נויט;
וואו די דומהייט — דאָרט דער טויט.

א תל

אַמעריקאַ בעזיצט אין זיך
די קראַפט, וואָס ענדערט אום אויף גיך
פון „גרין“ אויף „שוואַרץ“, פון „רויט“ אויף „געל“,
זי ענדערט אום און מאַכט א תל...

אַ קרענק

ווילסט בעריהמטהייט, זוכסט אַ שם,
טאָ געדענק,
מעהרסטענס האָט מען נור פון דעם
אַ קרענק.

דער פעדער־פאַרטאַטש

עס לעהרענט דער פעדער־פאַרטאַטש
דעם אָר'מען לעזער אַ מין קוואַטש,
וואָס נור דער טייפעל און זיין ווייב
געברויכען אַלס אַ צייט־פערטרייב.

גלויבען און ספאָרט

ביי זיי איז דער גלויבען אַ ספאָרט,
זיי שפּיעלען גאָר קונציגע שטיק:
זיי וואַרפען דעם ערד־באל צו גאָט
און ער וואַרפט די פילקע צוריק.
דער גייסטליכער וויים וואָס ער וויל,
דער גלויביגער פערשטעהט ניט דעם שפּיעל.

## דעקאַדענץ

עס אַרט דעם דעקאַדענט ניט פיעל,
וואָס קיינער ווייס ניט וואָס ער וויל.
דער וואַסער ברענט, דער פייער לעשט,
די רויזען נעבעך זיינען שוואַרץ...
דעם פרויען־שיכעל קלעהמט דאָס האַרץ,
אַ שורה פּינטלאַך פּונקט ווי מאָן
שטעהט איבעריג און קוקט אייך אָן,
און איהר אַליין טראַכט צו די רעשט.

## ליטעראַטור און די מאַסע

די מאַסע שטעהט געבוקט
פאַר אַלץ, וואָס איז געדרוקט.
עס מעג זיין שמוץ און „ברוך",
אַבי אַ בוך;
אַבי אַ בלאַט, וואָס לעזט זיך גלאַט.

## גיעב

גיעב, דו רשע, גיעב און גיעב!
גיעב און מאַך ניט קיין געטימעל!
דען דערפאַר האָט גאָט דיך ליעב
און ער עפענט דיר דעם הימעל...

## די קונסט פון זאָגען

דאָס וואָס דו ווייסט, ווייסען אַ סך,
ז אָ ג ע ן דאָס, איז די גאַנצע זאַך.

## בטלנות און פּאָרטשריט

1.

בטלנות האָט זיך שטאַרק פערשפּעטיגט,
אַמעריקאַ האַלט ניט פון איהר שטה, —
זי האָט געגנוג אונז אָנגעזעטיגט
מיט שוואַרצע חרפּות אין דער ליטא.

2.

אַ יאַרמולקע איז ניט קיין צרה,
דאָך מוז זיך זיצען אויף אַ מח
וואָס שעפּט אַ חוץ פון דער גמרא
אויך פון די וויסענשאַפטען כח.
עס מוז אַ אידישע ישיבה
זיין גרייט צו שאַפען אַ ר׳ עקיבא...

## די צייט

דער קעניג שימערט אין זיין פולען שטאַאט
און איהם אַרום שאַרמאַנטע הערדען גלאַנצען,
עס זיצט איהם ביי דער זייט אַ קלוגער ראַטה
און שעהנע וייבער זעהט מען פאַר איהם טאַנצען.

דאָך אַלץ פערליערט זיך אין די צייטען׳ס שוים,
דער פירסט, די שמייכלער און די קלוגע מחות,
דער גרעסטער הערשאַפט געהען אוים די כחות.
אָ, צייט! ווי ביזטו מעכטיג און ווי גרוים!

## די מאָדע

אויף בלוט-פערגאָס'נע אויגלעך
פון אָרמע, טויטע פויגלעך
די מאָדע קוקט זיך גאָר ניט איין.
זי שיסט און שניידט, און עדערט,
אַבי זי איז בעפעדערט,
אַבי דער פוץ זאָל זיין...
מעגסט אומפליהען און זינגען,
זי וועט צו דר'ערד דיך ברינגען
אין מיטען פון דיין שעהנסטען שיר.
זי וועט דיין גייסט פערלאַכען
און קאַלטבלוטיג זיך מאַכען
אַ קאַפעלוש פון דיר...
אָ, מערדערליכע מאָדע!
ווער קען ניט דיין „הגדה“?
דיין אייב'גען „מה נשתנה“ — ווער?
עס שטעהט אַ יעדער תירץ
פאַר דיר מיט דרך ארץ
און דו פרעגסט מעהר און מעהר...

## די פּאָליציי

עס בושעוועט די פּאָליציי,
און באָמבעס זוכט זי נור און שולד.
דאָך פּלאַצט אַ באָמבע ד אָ צי ד אָ ר ט,
די פּאָליציי איז זיכער פאָרט,
כל זמן עס פּלאַצט ניט די געדולד...

## די ריכטיגע פּראָבע

עס גלויבט קיין מיידעל, אַז דו ליעבסט,
ביז זי דערזעהט ניט, אַז דו גיעבסט.
דו נעהם איהר נור צום יובעליער
און פרעג ניט מעהר! זי גלויבט אין דיר!

## נאַרעריי

די צוקונפט זאָגט דיר צו אַ סך:
„אַ גוואַלד, וואָס איך פערמאָג!"
דאָך ווען דו קומסט שוין צו דער זאַך,
איז דאָס אַ נעכט'גער טאָג...

## מיט נשמה

איז דיין שונא ווילד און פרעך,
נעהם אַן עדעלע נקמה!
זאָל ער גיסען קויט און פעך,
ענטפער מיט נשמה!....